# עונג יום טוב

יום טוב מעשה'לאך, הומאָרעסקען, פעליטאָנען, דברי
הלצה און הומאָריסטישע און סאטירישע מסכתות
און הגדות פאר אלע ימים טובים פון
יאָהר און פאר אלע קלאסען
מענשען.

פון א. ד. אגוז

פרייז $2.00

ארויסגעגעבען פון פארפאסער
A. D. OGUS, 1542—45th STREET,
BROOKLYN, N. Y.
ניו יאָרק, 1921

# אינהאלטס פארצייכניס

זייט

## הגדה, קניידלאך און ארבע כוסות.

## רות, אקדמות און בלינצעס.



## תקיעת שופר, על חטא׳ס און כפרות.



## סוכה, אתרוג און שמחת תורה.

## חנוכה, חמשה עשר און ניי־יאהר.



## גראגערס, שלח־מנות און קרעפלאך.

# הגדה,
# קניידלאך
# און ארבע כוסות

# א נס מיט'ן פסח'דיגען באָרשטש.

## א.

### די „באָרשטש־ליין."

עס איז ניט געווען קיין מאכל און קיין משקה אין לאַפּינישאָק וואָס האָט געהאַט אזא שם ווי צירעלע דער גביר'טעס פּסח'דיגער באָרשטש.

צירעלע איז געווען די איינציגע גביר'טע אין שטעדטעל. זי, איהר מאַן אָשר דער גביר און זייערע קינדער האָבען צוזאַמענגע־שטעלט די „400" פון לאַפּינישאָק. זיי זיינען געווען די גבירים, די אַריסטאָקראַטען און דער סאַמע שפּיגעל פון שטאָדט. די אי־בעריגע איינוואָהנער פון לאַפּינישאָק זיינען באַשטאַנען פון איי־ניגע קליינע בעלי הבתים און א שעהן ביסעל קבצנים גדולים.

אָשר דער גביר האָט געפיהרט א גביר'שע הויז. האָט גע־האַלטען א דינסט, א משרת און א לעהרער צו די קינדער. געגעסען האָט מען ביי זיי פליישׁ צו יעדען מיטאָג. זאגאר א גלעזעלע וויין האָבען זיי זיך פארגונען צו טרינקען אין מיטען מיטוואך, אזוי רייך האָבען זיי זיך געפיהרט.

כמעט אלע אידען פון לאַפּינישאָק זיינען געווען „נזירים" און האָבען קיינמאָל ניט גענומען קיין וויין צו זייערע ליפּען. זאָגאר די ארבע כוסות פלעגט מען אויך פטר'ן מיט מעד אָדער לאַקריץ וואסער. בלויז איינינע בעלי הבתים גבוהים, רייכע בעל הבתים, האָבען באַנוצט ראָזשינקעס וויין אויף קידוש און הבדלה. דעם וויין פלעגען זיי אליין פאַבריצירען. ווזה סדר העבודה, און אזוי האָבען די לאַפּינישאָקער בעל הבתים געמאַכט זייער וויין:

מען פלעגט קויפען פאַר א פּאָר גראָשען ראָזשינקעס און מען פלעגט עס ארייננטאָן אין א פלאַש, אָנגיסען מיט וואסער אין לאָזען שטעהן אויף א ווארימען אָרט. אין עטליכע טעג ארום האָט מען די שיטערע אראָפּגעגאָסען און עס א נאָמען געגעבען „יין

צימוקים", און דאָס האָט געדינט פאַר די מאַנסבילען אויף מאַכען קידוש. די אויסגעווייקטע ראָזשינקעס זיינען אויך ניט געגאַנגען לאיבוד. דאָס האָבען די ווייבער צוגענומען און געקאָכט דערפון קאָמפּאָט אָדער זיי אריינגעטאָן אין צימעס.

אָשר דער גביר האָט געהאַלטען פעלדער אין ארענדע און גע־האַנדעלט מיט וואַלד. ער איז געווען א פאַרדרעהטער מענש און האָט קיין צייט געהאַט ארומצוקוקען זיך אויף די אָר־מע לייט פון שטעדטעל. דערפאַר אָבער האָט זיין ווייב צירעלע די גביר׳טע געהאַלטען אַן אויג אויף די קבצנים און זי פלעגט אָפט טיילען אביסעל צדקה.

א דימענטענע אידענע געווען, די צירעלע. א פרומע און א גאָט׳ס פאַרכטיגע, און ניט אומזיסט פלעגט מען אויף איהר זאָגען, אז זי איז רייך אי אין געלד, אי אין מעשים טובים.

אויסער די דריי מצוות וואָס ווייבער דאַרפען מקים זיין, האָט צירעלע די גביר׳טע איהר גאַנצען לעבען געהאַלטען פון נאָך דריי אַנדערע מצוות. א פּאָר מאָל אין וואָך פלעגט זי טיילען פאַר ארי־מע לייט זויער מילך און מאַסליאַנקע (פּוטער מילך), וואָס זי האָט געהאַט פון איהרע אייגענע בהמות; אסתר תענית פלעגט זי גע־בען זויערע קרויט אַלס מתנות לאביונים, און ערב פסח פלעגט זי טיילען בוראַקעס, ווען באָרשטש אָדער ראָסעל, ווי מען רופט עס אין אַנדערע מקומות.

אסתר תענית ביים פאַרטיילען די קרויט פלעגט ניט זיין אזא גרויסער עולם, ווייל פּורים אָהן קרויט קען מען אויסקומען און ניט אַלע קבצנים האָבען זיך גענויטיגט אין דיזער מתנה. באָרשטש אָבער אויף פסח מוז מען האָבען אקוראַט ווי מען מוז האָבען מצה און מרור און אַלע וואָס האָבען ניט פאַרמאָגט אליין איינצולייגען בוראַקעס, אָדער די וואָס האָבען זיך געוואָלט פאַר־שפּאָרען די הוצאה, האָבען גענומען באָרשטש ביי צירעלע דער גביר׳טע.

צירעלע איז אין דעם ניט געווען שפּאָרזאַם. אַלע פאַר פסח פלעגט זי איינלייגען א גאַנץ גרויסע פאַס בוראַקעס, אום צו קע־נען פאַרטיילען מיט באָרשטש גאַנץ לאַפּינישאָק. מען האָט דעם באָרשטש ניט געשעפּט, נאָר געצאַפּט פון א קראַן און ער איז ארויסגעקומען ריין און זויבער.

נאָך בדיקת חמץ פלעגט זיך געבען דער גביר'טעס הויז ביל־דען, אזוי צו זאָגען, א „באָרשטש־ליין". ווייבער פלעגען שטעהן מיט טעפּ און אנדערע כלים ביים קעלער און ווארטען אויף זייער נעקסט, וועהרענד דעם גביר'ס משרת האָט געארבייט שווער און ביטער צאַפּענדיג באָרשטש פאר אלעמען. מען האָט דעם באָרשטש ניט געגעבען מיט א מאָס. נאָר יעדע פרוי האָט געקראָגען אָנגע־פילט אירגענד וועלכע כלי זי האָט געבראכט. עס פלעגט אמאָל געדויערען ביז גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט ביז מען איז מיט דער „באָרשטש־ליין" פערטיג געוואָרען.

און צירעלע'ס באָרשטש האָט געהאט א נאָמען און איז גע־ליבט געוואָרען פון אלע וואָס האָבען איהם פארזוכט. דערפאר האָט מען איהר ביי איהר לעבען שטענדיג פארשאָטען מיט טויזענ־דער ברכות און ווען זי איז געשטאָרבען זיינען ווייבער נאָכגעגאַנגען נאָך איהר מיטה און געוואונשען, אז די לאַדישקעס זויער מילך, שיסלען קרויט און טעפּ ראָסעל, וואָס זי האָט צוטיילט פאר אָרימע לייט, זאָלען איהר אנטקעגען קומען אויף יענעם עולם.

## ב.

## עס איז פרעהליך אין שטעדטעל.

איין יאָהר איז געווען א יקרות אויף בוראקעס, אזא יקרות, אז מען האָט עס כמעט פאר געלד ניט געקענט קריגען. צירעלע די גביר'טע האָט זיך פאר'ן יקרות ניט אָפּגעשראָקען. האָט דער עסק געקאָסט נאָך א פּאָר רובעל; אָבער פסח'דיגען באָרשטש האָט זי צוגעגרייט נענוג. אין יענעם יאָהר איז אין דער נאַכט פון בדיקת חמץ געווען די „באָרשטש־ליין" ביים גביר'ס הויז א גרע־סערע ווי אלע יאָהר, ווייל דאמאלס זיינען אפילו מאנכע שעהנע באַלעבאָסטעס געקומען נעהמען אביסעל באָרשטש אויף פסח.

ווען דער באָרשטש־צוג האָט זיך געצויגען צוריק אהיים מיט די פולע כלים, האָט זיך זעלדע דער שמש'טע פארגלוסט א זופּ טאָן פון טעפּעל. דאָס רוב ווייבער האָבען א יצר הרע צו פארזו־כען. יעדע זאַך, וואָס לאָזט זיך נעהמען אין מויל, ווילט זיך זיי

א בים טאָן אָדער א זופּ טאָן. אזא נאַטור האָבען זיי. זעלדע האָט זיך פּאַסמאַקעוועט און אַ זאָג געטאָן צו אַן אַנדער אידענע: „הארצעלע, קרוינעלע, איז היינט באָרשטש, נאָך קיינמאָל אזא באָרשטש ניט געווען! פּאַרזוכט אויף ציקאַוועס, וועט איהר זעהן".

דיזע ווערטער האָבען זיך איבערגעטראָגען פון מויל צו מויל און פון אויער צו אויער און באלד האָבען זיך טעפּלאַך אָנגעפּאַנ־גען הויבען און פּיסקעלאַך איינבויגען און עס האָט זיך געהערט א סמאָטשקעריי פון צעהנדליגע ליפּען באַגלייט מיט פאָלגענדע פראַזען:

— פּקוח נפשות, אויף נאמנות.

— א כפּרה מער.

— א מאכל.

— עס צוגעהט איבער אַלע גלידער.

— א מחיה.

— א מציאה פינף גראָשען א זופּ.

— אַן אויסנאהם אין דער וועלט.

— קידוש צו מאכען איבער'ן באָרשטש.

— דער קייסער מעג אזא באָרשטש עסען.

— אזא געראָטענער באָרשטש איז נאָך קיינמאָל ניט געווען און עס וועט ניט זיין.

זעלדע די שמש'טע איז געקומען אהיים און געטראָפען איהר מאַן, לייזער דעם שמש, עפּעס ניט אין קיין גוטער לוינע. ער איז געווען א ביסעל פאַרזאָרגט וואָס ער האָט צו יענעם בדיקת חמץ וועניג געלייזט פאר וועקסענע „סטאָטשיקעס".

— הערסטו, לייזער — האָט זיך זעלדע אָפּגערופען — דו ווילסט א גוטען טרונק? פאַרזוך אביסעל פּסח'דיגען באָרשטש וואָס איך האָב ערשט געבראַכט פון צירעלע דער גביר'טע. דו וועסט זיך פּשוט מחיה זיין.

לייזער האָט א הויב געטאָן דעם טאָפּ צום מויל און א היב־שען זופּ געטאָן.

— טאַקע אַן אַנטיקעל, — האָט ער באַמערקט, א בליאַבע טוענדיג נאָך אַמאָל.

— אַן אַנטיקעל צו אַן אַנטיסעל איז ניט גלייך, — האָט זיך

זעלדע אפגערופען און האט דערוויילּ צוגעשטעלט איהרע ליפען צום זוים פון טאפ און א היבשען ציה געטאן. לייזער האט אויך די זעלבע זאך איבערגע׳חזר׳ט.

— זעלדע — האט לייזער זיך אפגערופען אביסעל שפע־טער — דיר איז קאלט? מיר איזווארים, אזש היים אין אלע גלידער.

— מיר איז אויך ווארים — האט זעלדע געענטפערט.

— עפעס שווינדעלט מיר אין די אויגען.

— מיר אויך אזוי.

— עפעס דרעהט זיך, איך ווייס ניט וואס, מיין קאפ אדער די שטוב.

— ביי מיר דרעהט זיך אויך.

לייזער נעמט ארום זעלדען און כאפט איהר קושען און הויבט אן זינגען „מנוחה ושמחה" אויפ׳ן קול.

— וואס עפעס אין מיטען מיטוואך קושען זיך? — פרעגט זעלדע.

— איך ווייס אליין ניט — ענטפערט לייזער. — עפעס איז מיר ערשט אזוי גוט, אזוי מחיה׳דיג, אז איך קען עס דיר ניט אפ־מעלדען. עפעס איז מיר פרעהליך אויפ׳ן הארצען אזוי ווי שמחת תורה נאך ווארעמעס.

— איך האב מורא, לייזער, אז מיר זיינען שכור.

— עס קען זיין. פון וואס?

— פון די בארשטש מסתמא.

— די פיס פלאנטערען זיך מיר טאקע.

— מיר אויך. איך פאל נאר וואס ניט אום.

— אפשר, זעלדע קרוין, זיינען מיר חלילה עפעס ניט מיט אלעמען?

— זאל גאט היטען. שכור זיינען מיר.

לייזער הויבט ווידער אן זינגען זמירות אויפ׳ן אויבער; אבער זיין שטימע ווערט אלע מאל שוואכער און שוואכער, ביז ער שפארט זיך אן אן טיש און ווערט אנטשלאפען. זעלדע דער־שלעפט זיך קוים אין אלקיר און פאלט אויפ׳ן בעט ווי א סנאפ.

מיט דרייזע דער בייגעל בעקערקע האט יענע נאכט פאסירט א שטיקעל סיבה. זי האט געהענדיג פון דער גביר׳טע א פאר

מאָל אַ זופּ געטאָן פֿון טאָפּ באָרשטש. פּלוצלונג האָט זיך איהר פֿאַרדרעהט דער קאָפּ, זי איז געפֿאַלען אין מיטען גאס און צוברּאָכען דעם טאָפּ.

ביי שמעלקע דעם שוסטער האָבען די קינדער אַ נאַש געטאָן פֿון צירעלע דער גביר'טעס באָרשטש און זיי זיינען געוואָרען שוואַך אויף די פֿיסלאַך. שמעלקע אַליין ווידער האָט זיך אָנגעזופּט מיט דער משקה און ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געזונגען „שושנת יעקב" און געמאַכט משוגענע העוויות.

בערקע דעם שניידער האָט די ווייב זיינע מכבד געווען מיט אַביסעל באָרשטש. שפּעטער האָט ער אָפּגעטראָגען אַ שטיקעל אַרבייט צו אַ בעל הבית, איז איהם פּלוצלונג עפּעס ניט גוט גע־וואָרען, ער איז געפֿאַלען און אויסגעשמירט דעם נייעם בגד אין בלאָ־טע. מען האָט איהם געפֿונען ליגענדיג אין גאס זינגענדיג אַ שטיקעל פֿון אחשורוש־שפּיל.

ר' מאָטעלע דער מגיד איז פֿון צירעלע'ס אַביסעל באָרשטש געוואָרען פֿרעהליך און איז פֿון עלער הויט נעגאַנגען אַ טענצעל. יאַנקעל דער בעל עגלה האָט אויסגעקלאַפּט אַ פּאָר שויבען ביי איצע דעם שענקער און חיים דער שמיד האָט אָנגעשלאָגען זיין ווייב. הכלל, עס איז געווען אַ פֿרעהליכע נאַכט.

אויף מאָרגען פֿריה האָט מען ווענען די אַלע געשעהעניסען גערעדט אין בית המדרש און ביים רב אין שטוב ביי מכירת חמץ. עס זיינען ווענען דעם געווען חלוקי דעות. מאַנכע האָבען גע־זאָגט, אַז צירעלע די גביר'טע האָט אַריינגעטאָן אַזעלכע טראָפּענס אין באָרשטש און דאָס האָט דעם עולם פֿאַר'שכור'ט; אַנדערע ווידער זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז זי האָט אין באָרשטש אַריינגעמישט וויין. אָבער ר' מענדעל דער דיין האָט געגעבען צו פֿאַרשטעהן, אַז באָרשטש אַליין האָט אין זיך אַ שטאַרקייט, ווען מען מאַכט איהם פֿעט, והראיה, אַז קאַרטאָפֿליעס האָט אין זיך אַ שטאַרקייט און מען מאַכט דערפֿון בראַנפֿען. און אַזוי איז עס פֿאַרבליבען.

## 3.

# די מזל ברכה אין באַרשטש.

צירעלע די גביר'טע האָט ארונטערגעשיקט איהר דינסט אין קעלער צו זעהן אויב עס איז נאָך פארבליבען אין פאס אביסעל באַרשטש. די דינסט, אַן אַלטע, פרומע אידענע, איז ארויפגע־לאָפען אַ דערשראָקענע און זי האָט קוים דעם אָטעם געכאַפּט. „באַלעבאָסטעשי", האָט זי געזאָגט, „די פאס מיט די באַרשטש איז פול ווי אויג, אפילו אַ לעק ניט געריהרט".

— וואָס רעדסט דו, וואָס? — האָט די גביר'טע פארוואונ־דערט געפרעגט. — משוגע מיינע שונאים, צי חסר דעה? מען האָט דאָך געכטען, אָהן עין הרע, אזוי פיל צוטיילט.

— איך בין ניט משוגע און ניט חסר דעה — האָט די דינסט געענטפערט. — איך וויים וואָס איך רייד. איך בין חס ושלום ניט בלינד און איך האָב עס ריכטיג געזהן.

— אָבער ווי אזוי קען עס זיין? — האָט ווידער צירעלע געפרעגט — איהר זיינט, האָט מיר קיין פאראיבעל ניט, אַן אַל־טער נאַר!

— איך בין שוין גאָר קיין נאַר ניט, — האָט די אַלטע גע־ענטפערט. — איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל, באַלעבאָסטעשי, אז די פאס איז פול, אָט אזוי ווי מיר האָבען היינט ערב פסח אויף דער וועלט. נעהמט ארונטער וועט איהר זעהן, אויב איהר גלויבט מיר ניט.

צירעלע איז ארונטערגעגאנגען אין קעלער און זיך איבער־צייגט, אז איהר דינסט האָט אמת געזאָגט און זי איז געבליבען אַ צושראָקענע.

די אַלטע דינסט האָט איהר בארוהיגט. „שרעקט זיך ניט, באַלעבאָסטע", האָט זי איהר איינגערדט, „דאָס האָט גאָט אריינ־געשיקט אַ מזל ברכה אין באַרשטש. דער אויבערשטער האָט אייך געצייגט אַ נס פאַר די צדקות וואָס איהר טוט מיט אָרימע לייט. אַ נאָווינע איז עס? אָט שטעהט ערגיץ אין טייטש חומש, אז אמאָל האָט אזא זאַך פאסירט מיט אַ נביא, מיט אַ צדיק, איך געדענק ניט ריכטיג ווי דאָס איז געווען; אָבער פון איין קריגעל

בוימעל איז געוואָרען אַ סך קריגלעך. שאַ, און וואָס איז געוועזן חנוכה? האָט דאַמאָלס ניט געטראָפען אַזאַ נס אַזוי ווי אייך מיט דעם באַרשטש?"

די גביר'טע האָט זיך געלאָזט איינריידען און עס איז ביי איהר אויך פאַרבליבען, אַז אַ נס איז איהר געשעהן.

די אַלטע דינסט האָט באַלד וועגען דער מזל ברכה אין איהר באַלעבאָסטע'ס באַרשטש צופּויקט איבער'ן שטאָדט און אומעטום האָט מען דערפון גערעדט.

אַצינד איז שוין פאַרענטפערט געוואָרען די שאלה, וויאַזוי מען האָט זיך מיט צירעלע דער גביר'טעס באַרשטש'ס אַנגע'שיכור'ט. מענדעלע דער דיין האָט פאַר אַן עדה אידען אין מרחץ געזאָגט, אַז דאָ איז זיכער געווען אַ נס בתוך נס. אין דעם פּאָס איז אריין אַ מזל ברכה און פון דעם באַרשטש איז געוואָרען וויין. אויפ'ן רבונו של עולם טאָר מען קיין קשיות ניט פרעגען. ער קאָן טאָן וואונדער ווען מען פאַרדינט עס ביי איהם.

גאַנץ לאַפּינישאָק האָט געגלויבט באמונה שלמה אין דעם דאָפּעלטען נס און די שטעדטעל איז געווען, ווי מען זאָגט, אויף רעדלאָך.

* * *

נאָך מעריב. ביי אשר דעם גביר אין הויז איז ליכטיג. אין אַלע צימערען ברענען די בליץ־לאָמפּען. אין עס־שטוב אויפ'ן טיש שטעהט אַ גרויסער זילבערנער לייכטער מיט זעקס רעהרען, און וועלכען עס ברענען גרויסע, סטעארינאָווע ליכט. צירעלע די גביר'טע און אַלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע זיינען אויסגע־סטראָיעט יום טוב'דיג. די הסב־בעט און אַלעס וואָס אנבאלאנגט צום סדר איז פאַרטיג און מען וואַרט נאָר אויפ'ן בעל הבית, אַז ער זאָל קומען פון שול און מען זאָל זיך זעצען צום סדר.

אָשר קומט אריין אין הויז מיט אַ ברייטען „גוט יום טוב" און הייסט דעם משרת ארויפנעהמען וויין פאַר ארבע כוסות. דער משרת געהט ארונטער און קומט אַ ביסעל שפּעטער ארויף אַן אויפגעציטערטער. זיין פּנים איז געווען בלאַס אַזוי ווי דער טיש־טוך מיט וועלכען דער טיש איז געווען צוגעדעקט און עס האָט איהם געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן.

— באַלעבאָס לעבען, — האָט דער משרת געזאָגט ציטערענדיג

ווי א פיש אין וואסער. — איך ווייס ניט וואס איז דא היינט גע־וואָרען ביי אונז. אין באָרשטש איז אריין א מזל ברכה און אין ווייז איז אריין אַן איינזינקעניש! קוים א האלבען קריגעל וויין אָנגעצאפט און מעהר איז ניטאָ!

—וואָס הייסט ניטאָ? — פרעגען אלע פארוואונדערט.

— ניטאָ און געגוג. אפילו א לעק ניטאָ.

— אפשר איז אויסגערונען?

— גאָט באהיט! אין קעלער איז טרוקען אזוי ווי דא אויפ'ן טיש.

— אפשר האָבען גנבים אויסגעצאפט דעם וויין?

— חלילה! ווי אזוי? דער קעלער איז שטענדיג פארשלאָ־סען. האקט מיר אראָפּ מיין קאָפּ, פארשטעה איך ניט וואָס דאָ איז געשעהן.

דער גביר מיט דער גביר'טע זיינען צוזאמען מיט'ן משרת ארונטער אין קעלער און זיך איבערציייגט, אז פון דער גרויסער פאָס וויין וואָס זיי האָבען אויסגעשאפט פאר זיך אויף פסח און צו פאנאנדערטיילען צו פריצים'לאך, מיט וועלכע זיי האנדלען, איז קיין שריד ופליט ניט געבליבען, און זיי האָבען בשום אופן ניט געקענט פארשטעהן וואָס דאָ איז געשעהן.

ערשט א ביסעל שפעטער האָט זיך דער משרת דערמאָנט, אז ער האָט געמאכט א מיאוס'ען טעות און אָנשטאָט בוראקאָוועז ראָסעל האָט ער צו די אָרימע ווייבער צוטיילט די גרויסע פאָס וויין.

# די ערשטע מלוכה.

דערצעהלט מיר א איד אזא מעשה:

די ערשטע צוויי נעכט פון פסח בין איך געוועהנליך א מלך גלייך מיט אלע אידען. אבער איך וועל אייך זאגען דעם אמת, אז איך פיהל אין דער דאזיגער מלוכה קיין טעם ניט און איך וואלט מיין טראן פארקויפט אין גאנץ גלייכען געלד.

איינמאל אין מיין לעבען האב איך געפיהלט א טעם אין דער אידישער מלוכה. דאס איז געווען דעם ערשטען פסח נאך מיין טאטען'ס טויט, ווען איך בין געווען א אינגעל פון א יאהר צעהן.

מיין טאטע, עליו השלום, איז געשטארבען אנפאנגס ניסן און האט איבערגעלאזט מיך, די מאמע און מיין איינגערען ברודער אי־טשע, וואס איז דאמאלס אלט געווען א יאהר זיבען.

איך בין שוין דאמאלס געווען א גמרא אינגעל און האב שוין אליין געקענט אריינקוקען אין די שווארצע פינטעלאך און פאר־שטעהן א דין אדער אן אנדער זאך. מיין ברודער איטשקע האט נאך געלערענט חומש.

נאך מיין טאטען'ס טויט בין איך געווארען א שטיקעל בעל הבית, א חצי טאטע איבער מיין איינגערן ברודער.

אויף מיר האט זיך די מאמע פארלאזט, אז איך וועל אליין זיין סטאטעטשנע און וועל געהן בדרך הישר און דאווענען עהרליך און זאגען קדיש נאכ'ן טאטען, ווייל זי האט מיך געהאלטען פאר א שטיקעל בר דעת. פארט א גמרא אינגעל און ניט קיין שלעכטער אינגעל. זי האט מיר דעריבער אנגעזאגט אז איך זאל למעה"ש היטען איטשען, אז ער זאל דאווענען און זאגען קדיש ווי געהעריג איז.

איך האב איבערגענומען דעם טאטען'ס גרענדע און געפיהרט די ממשלה ביד רמה. האט איטשקע זיך פארטראכט אדער פאר־שפילט ביים דאווענען, אדער האט ניט געענטפערט „אמן" און „יהא שמה רבא", האב איך איהם אנגעדרעהט פאר'ן אויער אדער א בוכטשע געטאן מיט'ן עלענבויגען, אזוי ווי דער טאטע פלעגט

מיר אמאָל טאָן. האָט ער איבערגעכאַפּט דעם קדיש שאַך־מאַך, האָט ער פון מיר אויך געכאַפּט א פּסק.

אמת, ר' איטשקע הקטן פלעגט זיך אָפּטמאָל ניט פוילען און מיר דערלאַנגען א בריק מיט'ן פוס אָדער א וואָרף טאָן מיר מיט א שטיינדעל; אָבער אין אזעלכע פעלע פלעג איך איהם ענטווע־דער אליין כאַפּען און גוט אָנברעכען די ביינער, אָדער איך פלעג איהם פאַר'מסר'ן פאַר דער מאַמע, און די מאַמע פלעגט איהם פאַר'־מסר'ן פאַר'ן רבי'ן, ביי וועלכען ער האָט געלערנט, און ער פלעגט שוין קריגען זיינס.

עטליכע טעג פאַר פּסח האָט מיר די מאַמע אָנגעזאָגט, אז איך וועל דאַרפען בודק חמץ זיין און פראַווען די סדרים. דיזע בשורה האָט מיך געמאַכט שטאָלץ און אויפגעהויבען אין הימעל אריין. א קאַטאָוועס איז עס, זיין דער גאַנצער בעל הבית און פראַ־ווען די סדרים אזוי ווי א גרויסער! איך האָב מיר פאָרגעשטעלט ווי גוט און ווי וואויל מיר וועט זיין, ווען איך וועל זיצען אויפ'ן הסיב־בעט מאַקע אזוי ווי א קיסר און מיין ברודער איטשקע וועט מיר פרעגען די פיער קשיות און איך וועל איהם ענטפערען דעם תירוץ. היינט וועל איך האָבען די דעה איבער'ן כרפּס, איבער די כוסות און חרוסת און וועל טיילען דעם אפיקומן. קען דען זיין א גרעסער גליק ווי דאָס? קען דען א מענש האָבען א גרעסערען תענוג ווי זיין דער פעלדמאַרשאַל, דער גלאַווני קאָמאַנדיר ביים סדר?

נאָכדעם ווי מיין מאַמע האָט מיך באַשטימט אלס מלך צו די סדרים, האָב איך שטרענגער אָנגעהויבען צו טאַטעווען איבער מיין ברודעריל. איך האָב איהם דעם קאָפּ ניט געלאָזט אויפהוי־בען און האָב איהם אלץ געוואָרענט אז ער זאָל זיך גוט אויסלערנען די פיער קשיות. לאָמיר נאָר זעהן, איטשקע — פלעג איך איהם סטראַשען — אז דו זאָלסט ניט קענען פרעגען די פיער קשיות! לאָמיר נאָר זעהן אז דו זאָלסט ניט קענען פּאַרטייטשען „קדש ורחץ"!

מיין איטשקע פלעגט עס זעהר ניט וועלען ליידען. וואָס בין איך עפּעס פאַר א בעל דעה איבער איהם? אבער וואָס מעהר ער האָט ניט געוואָלט ליידען, אלץ מעהר האָב איך מיט איהם געקאָ־מאַנדעוועט און איך האָב דערפון א מאָדנעם נחת רוח געהאַט.

איך האָב זיך געפֿיהלט עפּעס אַזוי געהויבען ביי זיך אַקוראַט אַזוי ווי, למשל, אַ פּראָסטער סאָלדאַט וואָס ווערט אַ גענעראַל.

די צערעמאָניע פֿון בדיקת חמץ האָב איך געפּ־אוועט פּונקט אַזוי ווי דער טאַטע, עליו השלום. איך האָב געמאַכט די ברכה „על ביעור חמץ" און די מאַמע איז געגאַנגען פֿאַראויס מיט אַ וועקסענע ליכטעל און מיר אָנגעצייגט אויף די שטיקלאַך ברויט וואָס זי האָט אַוועקגעלייגט אין פֿאַרשידענע ערטער און איך האָב זיי מיט אַ פֿעדער אַריינגעשאַרט אין אַ לעפֿעל.

איך האָב בעת מעשה געקוקט אויף דער מאַמע און אויף זיך אַליין און איך האָב זיך געוואונדערט וואָס איך זעה אויס אַזוי קליין נעגען איהר. מיר האָט אויסגעוויזען, אַז איך דאַרף שוין זיין אַ גרויסער, אַזוי גרויס ווי די מאַמע, לסוף בין איך אפֿילו ניט געווען האַלב גרויס ווי זי.

ווען איך און מיין ברודער איטשע זיינען ערב פּסח ביי נאַכט געקומען פֿון מעריב, איז שוין געווען די הסיב־בעט געמאַכט און דער טיש געגרייט. די מאַמע איז געזעסען אין אַ ווינקעל און האָט געוויינט.

איך האָב געוואוסט אַז דאָס וויינט זי נאָכ'ן טאַטען און מיר האָט אויך עפּעס אַ ביסעל פֿאַרקלעמט ביים האַרצען, ניט ווייל איך האָב נאָכ'ן טאַטען שטאַרק געבענקט. אין אמת זאָגענדיג האָט מיר עפּעס אַזוי ווי הנאה געטאָן וואָס דער טאַטע איז ניטאָ און איך וועל ערשט זיין בעל הבית ביים סדר. אָבער פֿאַר מיינע אויגען האָט זיך פֿאָרגעשטעלט דער טאַטע ווי ער זיצט ביים סדר אין ווייסען קיטעל און איך האָב עפּעס רחמנות געהאַט אויף איהם. אין אמת'ן, מען האָט גענומען אַ אידען וואָס פֿלעגט פּראַווען סדרים און מען האָט איהם אַריינגעלעגט אין אַ טיפֿע גרוב און פֿאַרשאָטען! אָבער ווען מען זאָל מיך בעת מעשה פֿרעגען: מאָטעל, ווילסטו אַז דער טאַטע זאָל צוריק קומען און פּראַווען דעם סדר? וואָלט איך אפֿשר געזאָגט „ניין".

אַ קינדערשער שכל מיט קינדערשע פֿאַנטאַזיעס!

איך האָב אָפּגעמאַכט קידוש און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן „ורחץ". די מאַמע האָט דערלאַנגט וואַסער מיט אַ האַנדטוך און איך האָב געוואַשען די הענד און ניט געזאָגט „על נטילת ידים", אַזוי ווי אין דער הגדה שטעהט.

א היבשע ביסעל נחת האָב איך געהאַט פון „כרפס". די מאַמע האָט דערלאַנגט קאַרטאָפּעל מיט זאַלץ־וואַסער און איך בין געווען דער ערשטער וואָס האָט געמאַכט די ברכה „בורא פּרי האדמה", און ווען מיין ברודער איטשקע האָט א מורמעל געטאָן דעם „אמן" אונטער דער נאָז, האָב איך איהם א ה־בשען מורזע געטאָן אין זייט און איהם געוואַרענט אז נאָך אמאָל זאָל ער ענטפערען „אמן" הויך, אויפ'ן קול.

דעם תענוג וואָס איך האָב געהאַט ביים „יחץ" איז ניט משער צו זיין. ווען איך האָב דעם אפיקומן באַהאַלטען ביי מיר אונטער'ן קישען, האָט זיך מיר געדאַכט אז קיין גליקליכערער מענש ווי איך איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. ווען עס זאָל דאָרט ליגען אוצרות ביי מיר אונטער'ן קישען וואָלט מיר ניט אזוי הנאה געטאָן, ווי דאָס וואָס איך בין בעל הבית איבער'ן אפיקומן.

איך האָב זיך, מיט איין וואָרט, געפיהלט אזוי ווי אין זיבעטען הימעל. אָבער איין חסרון איז געווען וואָס די מאַמע האָט אַלע מאָל ארויסגעלאָזט א טרער און זיך געווישט די אויגען מיט'ן פאַרטוך. דאָס האָב איך ניט געקענט ליידען און דאָס האָט א ביסעל פאַרשטערט מיין שמחה.

אָפּגעזאָגט „כהא לחמא", האָב איך מיט גרויס שטאָלץ א קאָ־מאַנדעווע געטאָן צו מיין ברודעריל: „איטשקע, זאָג, אָבער הויך, וואָרט ביי וואָרט"!

איטשקע האָט אָנגעפאַנגען זאָגען: „טאַטע, איך וועל דיר פרעגען פיער קשיות".

ווי ער האָט דאָס ארויסגערעדט, האָט די מאַמע אָנגעהויבען כליפּען אויפ'ן קול און איך האָב מיין בראַטאָקעל א שטורכע גע־טאָן מיט'ן עלענבויגען מיט א באַמערקונג: „דער קאָפּ איז פאַר־טראָגען, פאַרשטיפּט, און ער ווייסט ניט אויף וואָסער וועלט ער איז."

אזוי פלעגט דער טאַטע צו מיר אויך זאָגען, ווען איך פלעג זיך עפּעס טועה זיין.

איטשקע האָט זיך באַלד געכאַפּט, אז ער האָט א טעות גע־האַט און אָנגעפאַנגען אויף דאָס ניי: „ברודער, איך וועל דיר פרעגען פיער קשיות".

בעת איטשקע האָט נעפרעגט די קשיות בין איך געזעסען אָנ־

געשפּאַרט און זיך צוגעהערט און עס האָט זיך מיר געוואָלט אַז ער זאָל זיך ווידער טועה זיין, כדי איך זאָל איהם ווידער קענען אַ שטורך טאָן, ניט אויס שנאה חלילה, נאָר עפּעס האָב איך הנאה געהאַט דערפון, וואס איך פיהר די גרענדע, וואס איך טאַטעווע איבער איהם.

נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט: „אַצינד, ברודער, האָב איך דיר געפרעגט פיער קשיות, ענטפער מיר א תירוץ", האָב איך אָנ־געהויבען זאָגען „עבדים היינו" מיט אַ פיינעם ניגון, איטשקע האָט מיט מיר מיטגעזאָגט פון דער הגדה און די מאמע, וועלכע איז געווען ניט קיין וואויל געלערנטע, האָט אונז נאָכגעזאָגט די הגדה אויסווייניג.

אָט אזוי האָב איך אָפּגעפּראַוועט דעם גאַנצען סדר. האָב געקאָמאַנדעוועט אזוי ווי אַ גענעראַל זיין ארמעע, האָב געשטורכעט מיין ברודער איטשקע און געטיילט דעם אפיקומן און זיך געפיהלט גליקליך איבער גליקליך.

דער איינציגער פעהלער איז געווען וואס די מאמע איז די גאַנצע צייט געווען אומעטיג און האָט אַ ביסעל אונטערגעוויינט. ווען זי וואָלט ניט געווען וויינען וואָלט מיין שמחה און פארגעניגען געווען נאָר פּאַרפּול.

יענע נאַכט האָט זיך מיר גע'חלום'ט זיסע חלומות. מיר האָט זיך אויסגעדוכט אז מיין ברודער איטשע ציהט מיר ארונטער די שטיוועל אזוי ווי איך פלעג טאָן דעם טאַטען, אז די מאמע געהט פאר מיר אויף די שפּיץ פינגער אקוראַט אזוי ווי זי פלעגט געהן פאר'ן טאַטען, און אז איך בין דער גאַנצער בעל הבית און אָהן מיין דעה ווערט קיין זאך ניט געטאָן. מיר האָט זיך אויך אויסגעוויזען, אז איך בין גרויס און פארנעהם דעם גאַנצען ביינקעל, אויף וועל־כען איך בין געשלאָפען, און די פיס היינגען נאָך ארונטער.

ווען איך בין אויף מאָרגען פריה געקומען אין בית המדרש דאַווענען און איך האָב געהערט ווי בעלי הבתים שמועסען צווישען זיך וועגען מצות, וועגען וויין, וועגען די פיער קשיות וואָס זייערע קינדער האָבען געפרעגט גוט אָדער ניט גוט, האָט זיך מיר אויך געוואָלט אריינמישען און דערצעהלען עפּעס פון מיין סדר וואס איך האָב געפּראַוועט און פון די קשיות וואס איטשקע האָט מיך גע־פרעגט. אָבער איך האָב פון דעסטוועגען מורא געהאַט טשעפען זיך

אָט מיט די גרויסע וואָס דאַוונען אין טליתים, זיי זאָלען זיך ניט אָנבייזערען און מיך מבייש שטעלען.

ווען אינגלאַך האָבען מיר שפּעטער נאָך וואָרעמעס גערופען צו שפּילען מיט זיי אין ניסלאָך, האָב איך זיי ענטזאָגט מיט פּאַר־אכטונג, ניט צוליעב די אבלות נאָך מיין טאַטען, נאָר ווייל מיר איז די זאַך פּשוט ניט אָנגעשטאַנען. וואָס איז עפּעס, איך בין גלייך מיט זיי? איך האָב דאָך שוין עפּעס אליין געפּראַוועט אַ סדר און מען האָט מיך געפרעגט די פיער קשיות, היינט ווי קום איך צו שפּילען זיך מיט קליינע אינגלאַך?

ביים צווייטען סדר האָב איך אויך געפיהרט די מלוכה ביד רמה און איך האָב פון איהם הנאה געהאַט מעהר ווי פון ערשטען סדר. די הויפּט זאַך איז דער צווייטער סדר געווען בעסער וואָס די מאַמע האָט ניט אַזוי פיעל געוויינט און ניט אַזוי פיעל געווישט די אויגען מיט'ן פאַרטוך. לויט ווי איך האָב עס דאַמאָלס גע־פיהלט, איז יענע סדר נאַכט געווען די גליקליכסטע צייט פון מיין לעבען.

# שמערקע די מלכה.

מאָטיע ניטעל פייגע'ס איז געקומען קיין אמעריקא.

לאָמיר אייך איהם פאָרשטעלען, דעם דאָזיגען מאָטיע ניטעל פייגע'ס.

ער איז געווען א מלמד, א גרויסער מלמד וואָס האָט געלע־רענט מיט גמרא־איינגלאך, אָבער אַן אָרימאַן איז ער געווען נאָך א גרעסערער און עס האָט איהם שטענדיג אויסגעפעלט די זאך וואָס מען רופט „חיונה”.

ער איז געווען א גאנץ עהרליכער איד, א פרומער און טאַקע א גרויסער למדן, איינער פון די גרעסטע לומדים אין שטאָדט. ער איז אויך געווען א חכם עתיק און מען האָט זיך מיט איהם געקענט אַן עצה האלטען אין אלערליי ענינים.

ער איז אָבער געווען א פארטראכטע נשמה, א מין תם'עוואַ־טער מלאך און ער פלעגט זיך אָפּטמאָל אזוי פארטיפען אין מחשבות, אז ער פלעגט ניט וויסען אויף וואָס'ער וועלט ער איז.

מען פלעגט וועגען איהם דערצעהלען קאָמישע מעשה'לאך. איינמאָל — פלעגט מען דערצעהלען — האָט ער זיך פארטראכט און האָט פרייטאָג באגינען גענומען א פרישע שבת־חלה אונטער'ן פאָכוועט אָנשטאָט דעם טלית ותפילין און איז אזוי אוועק אין בית המדרש דאווענען. אַן אנדער מאָל — פלעגט מען לאכען — האָט ער אָנשטאָט דעם טלית קטן אָנגעטאָן זיין ווייב'ס א יאַקעל און איז אזוי אוועק אין בית־המדרש.

און אזא נפש איז געקומען קיין אמעריקא זוכען גליקען.

געקומען איז ער אהער עטליכע וואָכען פאר פסח. ער איז דאָ געווען עלענד. ער האָט ניט געהאט קיין קרוב און קיין גואל. די ביסעל לאנדסלייט זיינע וואָס זיינען דאָ געווען פון פריהער זיינען געווען קבצנים און זיי האָבען גאָר ניט געקענט טאָן פאר אהים. ער האָט זיך דעריבער גאנץ פיין אונטערגעפלאָגט און ער האָט אפילו ניט פארדינט געגנוג אויף זיין אייגענע חיונה.

געהט ר' מאָטיע אין סטריט פארטראכטערהייד און עס באַ־

נענענט איהם אַ לאַנדסמאַן זיינער, שמערקע לאַשיק, און שטעקט איהם אריין אַ ברייטען „שלום עליכם" און פרעגט איהם אויס, וואו ער איז, וואָס ער טוט, און אויב אַמעריטשקע געפעלט איהם. ר' מאָטיע האָט איהם דערצעהלט, אַז ער האָט פּאַרלויפיג מיט דער אַמעריטשקע גאָר ניט געטראָפען און שמערקע האָט איהם גע־טרייסט און געגעבען האָפנונג אַז עס וועט נאָך זיין „אָלע ראיט".

שמערקע לאַשיק איז שוין געווען אַ שטיקעל תושב אין אַמע־ריקא. ער איז שוין דאָ געווען אַ יאָהר פינף, אָבער זיין פאַמיליע האָט ער דאָ ניט געהאַט. פון דער היים איז ער געווען אַ שטיקעל בעל עגלה און דאָ האָט ער געאַרבייט אַלס אַ שטיקעל אונטער־פּרעסער און פלעגט אין די סאַמע ביזי אויסמאַכען קוים פיער אָדער פינף דאָלער אַ וואָך.

אין דער היים, אין זיין שטעדטעל, האָט מען אויף איהם גע־זאָגט, אַז ער איז אַן עושר גדול, ווייל ער פלעגט זיין ווייב שיקען היבשעס געלד. דורך דער צייט וואָס ער איז געווען אין אַמעריקא האָט די ווייב ארויפגערוקט אַ נייעם דאַך אויף זייער כאַלופקע, האָט געקויפט אַ בהמה און האָט זיך געפיהרט אויף אַ באַלעבאַ־טישען שטייגער. מען האָט אויף איהר געזאָגט, אַז זי האָט נאָך אַ פּאָר הונדערטער אויף פּראָצענט.

פון וואַנען זשע האָט זיך עס גענומען? דאָס האָט זיך גע־נומען דערפון וואָס שמערקע לאַשיק האָט געלעבט מיט תכלית. ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין לאָזשי און האָט קיינמאָל ניט אָנגע־דונגען קיין באָארד. ער פלעגט שלאָפען אין שניידער שאַפּ, וואו ער האָט געאַרבייט און פלעגט שטענדיג לעבען פאַר זיך, אויף איינענע קעסט.

ער האָט געהאַט אַ קעסעלע אויף מאַכען טעע, אַ טעפּעל אויף עפּעס אויפקאָכען פאַר זיך און ער פלעגט זיך שטאָפּען מיט אַלטע ברויט און אַלטע זעמעל וואָס ער פלעגט קריגען גאַנץ ביליג, בחצי חנם.

אפילו שבת פלעגט ער אויך מאַכען פאַר זיך. אַפּטמאָל פלעגט ער אָנשטאָט פלייש יוצא זיין מיט אַ שטיקעל כשר'ע וואורשט און אמאָל, ווען עס פלעגט זיך איהם פאַרגלוסטען, האָט ער שוין געהאַט אַ באַקאַנטע בוטשערקע וואָס פלעגט פאַר איהם כשר מאַכען אַ שטיקעל פלייש און ער פלעגט עס אליין אָפּקאָכען.

אויף הלבשה פלעגט ער אויך וועניג וואָס אויסגעבען, ווייל קיין נייעם מלבוש האָט ער קיינמאָל ניט געקויפט און סעקאָנד הענדיגע פלעגט ער קריגען גאַנץ ביליג. אויף זייטיגע זאַכען איז ער געווים קיין בעל הוצאה ניט געווען און ער פלעגט פון זיינע קליינע פארדינסטען שפּאָרען געלד.

ער איז געווען אפילו אַ גאַנץ עהרליכער און פרומער איד, אָט דער שמערקע לאַשיק, אָבער אַ גראָבער נפש און אַ גרויסער עם הארץ, וואָס האָט קוים געקענט דורכקריכען דעם דאַווענען אָדער אַ קאַפּיטעל תהלים.

מאַכט שמערקע לאַשיק צו מאָטיע גיטעל פיינג'ס אַזוי:

„ווייסט איהר וואָס, ר' מאָטיע, איך וועל אייך צונעמען צו מיר. איך שלאָף איינער אליין אין אַ רום, אַן אַלקיר, הייסט עס, איז ער גרוים אַזוי ווי צוואַנציג היגע אַלקירס, און מיט אַ סך ווינ־דאָוס, פענסטער, הייסט עס. ליכטיג, לופטיג, אַ מחיה. גאָר ניט דער ערך בעסער ווי שלאָפען ביי אַ מיסיס, אַ באַלעבאָסטע, הייסט עס. היינט וועגען עסען, וועלען מיר עסען פאר זיך. עסען ביי אַ מיסיס, ביי אַ באַלעבאָסטע, הייסט עס, איז דאָ אַ דלות. אַ מיסיס שעמט זיך ניט צו בעטען צוואַנציג סענט, אַזוי גוט ווי צוואַנציג פירער'לאך, אַכציג גראָשען, פאר איין סאַפּער, וועטשערע, הייסט עס. אַ טייערער ביסען דאָ די מיסיסען. מען דאַרף, פארשטעהט איהר מיך, ר' מאָטיע, האָבען אַ סך מאָני, געלד הייסט עס, צו האַנדלען מיט זיי. אויב איהר ווילט, קענט איהר נאָך היינט צו מיר אריינמופען, איבערקלייבען זיך, הייסט עס, וועט זיין אַלע ראַיט, גוט, הייסט עס".

ר' מאָטיע האָט איינגעוויליגט און די קומענדע נאַכט האָט ער שוין גענעכטיגט ביי זיין לאַנדסמאַן שמערקע אין „גרויסען אַלקיר", עס הייסט, אין שניידער שאַפּ.

שמערקע האָט זיין גאַסט זעהר פיין אויפגענומען. ער האָט איהם אָוועקגעגעבען דעם אַלטען מאַטראַץ אויף וועלכען ער פלעגט שלאָפען און אליין האָט ער זיך אונטערגעלעגט צוקאָפּענס און אונ־טער'ן זייט ניט קיין פארטיגע בגדים און שמאַטעס וואָס ער האָט אין שאַפּ געפונען. שמערקע איז געווען אַ פּראָסטאַק, אָבער ער האָט זיך פארשטאַנען אויף זיך אַליין און ער האָט געוואוסט, אַז ער קומט ניט צו ר' מאָטיע'ן און ער איז מחויב צו רעספּעקטירען

איהם דערפאר וואס ער קען לערנען. שמערקע האט אויך געזעהן, אז זיין לאזשינג־ברודער זאל ניט ליידען קיין הונגער און ער פלעגט צוגרייטען עסען פאר ר׳ מאטיע׳ן אזוי גוט ווי פאר זיך אליין.

אזוי האבען שמערקע דער בעל עגלה מיט ר׳ מאטיע דעם גמרא מלמד געלעבט צוזאמען אזוי ווי אנדערע צוויי. צוזאמען געגעסען, צוזאמען געשלאפען און זיי זיינעןביידע צופרידען געווען.

אבוואהל שמערקע לאשיק האט, ווי געזאגט, שטענדיג געגעסען פאר זיך, פסח אבער פלעגט ער אלע יאהר אפדינגען און באצאהלען גוטעס געלד. ראשית, קען זיך א איד ניט אוועקזעצען און פראווען א סדר איינער אליין; והשנית, איז ער געווען א ביסעל טעמפלאך אויף פראווען א סדר. ער איז פון שטענדיג אן ניט געווען קיין גרויסער „מומחה" אויף די זאכען און ער פלעגט אימער זיין אין ספק אויב ער האט „געפראוועט" ריכטיג אדער ניט.

ער האט זיך דעריבער דא אין אמעריקא ניט געוואלט פארלאזען אויף זיך אליין מיט די סדרים און ער פלעגט זיך אפדינגען פסח ביי א לאנדסמאן אדער ביי א באקאנטען.

אצינד אבער אז ער האט געהאט אזא טייערען שותף ווי ר׳ מאטיע גיטעל פייגע׳ס, האט שמערקע באשלאסען צו מאכען פסח פאר זיך, וועט קאסטען פיל ביליגער.

איינמאל, עטליכע טעג פאר פסח, ווען מאטיע דער מלמד און שמערקע דער בעל עגלה זיינען געזעסען און זיך געקוויקט מיט אן אלט שטיקעל ברויט און אייגענע געמאכטע טעע, מאכט שמערקע צו מאטיע׳ן אזוי:

„איהר ווייסט וואס, ר׳ מאטיע? מיר וועלען פסח אויך מאכען פאר זיך אט דא. איהר ווייסט, ר׳ מאטיע, וואס מען זינגט דא פאר פסח? ניט ווענינגער ווי זיבען דאלער, פא נאשעמו א חשבון פון פירצעהן רובעל. וויפיל ביימשען פלעג איך עס, ניט היינט געראכט, דארפען געבען מיין קאבילקע ביז זי פלעגט מיר פארטוימשען פירצעהן רובעל! נאוסער, ר׳ מאטיע; מיר טארען דאס ניט טאן. אז מיר וועלען מאכען פסח פאר זיך וועט עס אונז קאסטען א קלייניגקייט און מיר וועלען הנאה האבען".

מאטיע האט צוגעשטימט און אזוי איז עס פארבליבען.

שמערקע האט איינגעקויפט מצות, וויין, כלים און אנדערע

זאכען וואָס מען דארף אויף פסח און ר' מאָטיע איז געקומען אויף אַלעם פארטיגען.

געקומען די סדר־נאכט האָט שמערקע געמאכט א הסיב־בעט פאר ר' מאָטיע'ן און ער האָט צו איהם אזוי געזאָגט:

„איהר, ר' מאָטיע, זייט דער מלך, און איך וועל זיין די מלכה. איך וועל אייך צוטראָגען אַלעס וואָס מען דארף און אויב איהר ווילט, וועל איך אייך פרעגען די פיר קשיות".

מאָטיע האָט צוגעבאמקעט, ווי איינער רעדט: זאָל זיין אזוי.

אָפּגעמאכט קידוש האָט דער „מלך" א קאָמאנדעווע געטאָן „ורחץ" און די „מלכה" האָט געבראכט וואסער מיט א ריינער שמאַטקע אויף אָפּווישען די הענד.

נאכהער האָט זיך מאָטיע פארטראכט אין זיין הגדה מיט ע"ב פירושים וואָס ער האָט מיטגעבראכט פון דער היים, און אזוי ווי ער איז געווען א פארטראכטע נשמה, האָט ער זיך פארגעסען וואו ער איז אין דער וועלט און האָט קוקענדיג אין דער הגדה א זאָג געטאָן: „גיטעל פייגע, דערלאַנג דעם כרפס".

שמערקע האָט אפילו ניט א שמייכעל געטאָן. ער האָט גע־מיינט, אז מען דארף איהם איצט רופען מיט א ווייבערשען נאָמען, וואָרים ער איז דאָך א מלכה, היינט ווי קען א מלכה, א קיסר'ס ווייב, הייסען שמערקע?

ווען ער האָט געבראכט דעם כרפס און א טורזע געטאָן מאָ־טיע'ן אין אקסעל, האָט זיך מאָטיע ארומגעזעהן וואו ער איז אין דער וועלט און ער איז שטארק פארשעמט געוואָרען. צו דער זעל־בער צייט האָבען זיך איהם אויך געשטעלט טרערען אין די אויגען.

שפעטער, צו „לפיכך", האָט זיך ווידער דער צוטראָגענער מלמד פארטיפט אין די פירושים פון זיין הגדה און האָט אויסגע־שריען מיט א הויכען קול: „גיטעל פייגע, נעם דעם כוס אין האנד". ער האָט זיך באלד געכאפּט און איז ווידער פארשעמט געוואָרען און טרערען האָבען זיך איהם ווידער געשטעלט אין די אויגען.

צו „שפוך חמתך" האָט ער זיך נאָך אמאָל פארטראכט און ער האָט נאָך אמאָל מזכיר נשמות געווען זיין גיטעל פייגע'ן און האָט א מאך געטאָן מיט דער האנד און געזאָגט: „גיטעל פייגע, געה עפען די טיר".

דער צוטראָגענער למדן און פרומער איד האָט זיך געלענט

שלאָפען מיט א צוקלעמטע הארץ און ער האָט יענע נאכט געזעהן א שרעקליכען חלום.

עס האָט זיך איהם אויסגעראכט, אז ער איז אין דער היים. זיין ווייב גיטעל פייגע שטעהט פאר איהם אויסגעסטראָיעט אין איהרע יום טוב'דיגע בגדים און איהר פנים שיינט אזוי ווי דער פנים פון א כלה נאָך דער חופה. ער האָט צו איהר געפיהלט א מאָדנע ליבע און עס האָט איהם געצויגען צו כאפען איהר קושען. אָבער פלוצלונג איז איהר אויסגעוואקסען א באָרד און זי איז געװאָרען עפעס א משונה'דיגע באשעפענים, האלב זכר און האלב נקבה, מיט א פארוק און אויפ'ן פארוק א מענערשע היטעל, מיט א קליידעל און אויפ'ן קליידעל א קאפאָטע. ער האָט זיך דערפון זעהר שטארק מצער געוועזן און ער האָט פון שלאָף אָנגעהויבען וויינען.

אויף מאָרגען צום דוכנ'ען, ווען ער האָט געזאָגט „רבונו של עולם אני שלך וחלומותי שלך”, האָט זיך דער אָרימער גמרא מלמד דערמאָנט אָן דעם נעכטיגען סדר און אָן זיין גיטעל פייגע און ער האָט טייכען טרערען פארגאָסען.

# אליהו הנביא מיט אַ שאלה.

ביי אליהו שיינצעס, דעם בעל עגלה, האָט געטראָפן אַן אומ־גליק. אין דער יויך פון דער סדר נאַכט וועטשערע האָט מען גע־פונען אַ האָבערנעם קערענדיל און גאַנץ לאַפּינישאַק איז צוליב דעם אויפגערודערט געוואָרען.

אליהו שיינצעס איז געווען אַן עלטערער איד, מיט אַ לאַנגע, גראָהע באָרד און אַ שעהנעם הדרת פּנים. ווען ער פלעגט זיך ארומוואשען, אויסקאַמען זיין באָרד און זיך אָנטאָן בגדי שבת, האָט מען איהם גיכער געקענט אָננעמען פאר אַ בר אורין, פאר אַ איד אַ למדן, איידער פאר אַן איינפאַכען בעל עגלה. עפּעס איז אויף זיין פּנים געלעגען דער חן פון אַ שעהנעם אידען, אָבוואָהל ער איז געווען אַ גרויסער פּראָסטאַק און האָט קוים געקענט דאַווענען.

פרום איז ער געווען, אליהו שיינצעס. אום ערב שבת אָדער ערב יום טוב האָט ער קיין מאָל ניט אונטערגענומען קיין ווייטע נסיעה, כדי ער זאָל חלילה ניט פארשפּעטיגען און ניט ארייננפאָהרען מיט'ן דישעל אין „לכה דודי", ווי עס פּאַסירט אָפּט ביי אַנדערע פון זיין פאַך. ער האָט אליין שטרענג אָפּגעהיט שבת און יום טוב און געזעהן, אַז זיין קליאַטשע זאָל אויך ניט עובר זיין אויף „למען ינוח".

פּסח צום סדר פלעגט אליהו אָנטאָן דעם קיטעל אַזוי ווי אַלע גוטע און פרומע אידען, און אָבוואָהל אין די ארבע כוסות האָט ער מעהר באַגריף ווי אין דער הגדה, דאָך האָט ער פון דער הגדה אויך קיין זאַך ניט פארפעהלט, אפילו שיר השירים קיין מאָל ניט דורכגעלאָזט.

יענעם ערב פּסח ווען די סבה מיט'ן האָבערנעם קערענדיל האָט ביי איהם געטראָפען, איז ער אויך געקומען אהיים אַ שטיק פאַר־נאַכט. ער האָט נאָך אפילו ניט געהאַט אָנגעביסען, ווייל אונטער־וועגס האָט ער ניט געקריגען וואָס צו עסען, דאָך האָט ער דעם עסען פאַרבויגען און בעסער ארייננגעכאַפּט אונטערלויפען אין מרחץ לכבוד יום טוב. ער האָט זיך נאָך אויסגעקירעוועט צו געהן אין בית

המדרש ראַוונען מעריב, אָנרייבען חריין און מאַכען אַלע הכנות צום סדר.

די הגדה האָט אליהו געזאָגט, ווי ער פּלעגט זיך אויסדריקען „שאַנאָם" — טריט ביי טריט. ווייל די עברי פון דער הגדה איז פאַר איהם געוועזן אַ ביסעל שווערלעך. „אויף אַן איינגעפּאַהרענע גרעבליע, למשל, ווי דער ראַוונען" — פּלעגט אליהו זאָגען — „געהט עס אַ גאַנג; קומט עס אָבער אויף די וועגען וואָס מען פאָהרט נאָר איין מאָל אין יאָהר ווי, למשל, די הגדה, דער מחזור, די סליחה, די קינה, איז שווערליך ארויסצוקריכען". ער האָט דאַרום געזאָגט די הגדה וואָרט ביי וואָרט, ניט אכטענדיג דאַרויף וואָס ער איז געוועזן זעהר הונגעריג.

אָפּגעזאָגט ווי עס איז די הגדה ביז „גאל ישראל", זיך געוואַשען און געזאָגט „על נטילת ידים", אָפּגעגעסען מרור און כורך און זיין ווייב שיינצע האָט דערלאַנגט די יויך. אליהו האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום שיסעל אַזוי ווי אַ דורשטיגער דייטש צו ביר, אָבער ווי נאָר ער האָט גענומען טראָגען די ערשטע לעפעל צום מויל, ערשט אַן אונגליק! אַ צואווייקטער האָבער שווימט אום פון אויבען.

אליהו איז אפילו ניט געוועזן קיין בעל פּחדן. פּלעגט שטענדיג פאָהרען איינער אליין ביינאַכט דורך פעלדער און וועלדער, אין די גרעסטע זאַווערוכעס, איז די שרעקליכסטע דונערען און בליצען און ער האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשראָקען; דערזעהענדיג אָבער דעם קערענדיל, איז ער אויפגעציטערט געוואָרען, אַקוראַט אַ מחנה וועלף זאָל איהם אויפ׳ן וועג באַפאַלען.

און עס איז קיין חידוש ניט. אליהו האָט געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט. ער האָט געוואוסט, אַז די וועטשערע קען צוליב דעם חמצ׳דיג ווערען און זאָגאר די כלים קען מען אמאָל אויך ניט מאָרען ניצען און נאָך אַזאַ לאַנגע צייט וואַרטען אויף דער מלוכה׳-דיגער סעודה איז טאַקע אַ וועהטאָג אין האַרצען, אַז מען זאָל פון איהר גאָר ניט נעניסען.

ניט טראַכטענדיג אַ סך האָט ער אויף זיך ארויפגעכאַפּט זיין אויבער בגד און איז געלאָפען צו ר׳ פיניעלע דעם דין פרעגען אַ שאלה.

ר׳ פיניעלע האָט אליהו׳ן ניט געקענט, ווייל ער איז ניט לאַנג אַנגעקומען אין לאַפּינישאָק אויף דעם אָרט פון אַלטען דיין ר׳

יונה׳לע וואָס איז געשטאָרבען. ווען אליהו איז געקומען צום דין, האָט מען פונקט געעפענט די טיר צו „שפוך חמתך“ און ער האָט זיך העגדום פענדום אריינגעכאַפּט אין שטוב.

פאַרגעסענדיג אפילו צו זאָגען „גום יום טוב“, איז ער גלייך צוגעגאַנגען צום טיש וואו ר׳ פיניעלע איז געזעסען אויף זיין הסיבֿ־בעט.

אָנפאַנגס האָבען זיך די בני בית אַ ביסעל דערשראָקען, עפּעס אַן אונבאַקאַנטער איד און אין דער ליל שמורים; אָבער באַלד האָבען זיי פאַרשטאַנען, אַז ער איז מסתמא געקומען פרעגען אַ שאלה און זיי האָבען זיך באַרוהיגט.

— וואָס ווילט איהר זאָגען גוטס? — האָט דער דין אַ פרעג געטאָן.

— איך בין אליהו דער בעל עגלה — האָט דער אורח געענטפערט — און איך בין אייך געקומען פרעגען אַ דין תורה.

— אַ שאלה מוזט איהר מיינען, — האָט איהם דער דין אונטערגאַכפּט.

— זאָל זיין אַ שאלה, — האָט אליהו געענטפערט מיט זיין בעל עגלה׳שע שטימע, — געפונען אַ האָבער אין די יויך, טריף אָדער כשר?

דער דין האָט איהם אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג. עפּעס זעהט ער אויס ווי אַ שעהנער איד און רעדט ווי אַ גראָבער יונג, ווי אַ פּראָסטער נפש וואָס קען גאָר פּראָסטער ניט זיין.

דערווייל האָט דער דין דערזעהן דעם קיטעל אונטער אליהו׳ס אויבער בגד און אַ געדאַנק איז איהם דורכגעפלויגען אין זיין קאָפּ, אַז ער רעדט דאָ ניט מיט אַ פּראָסטען בעל עגלה, זאָנדערן מיט יע־נעם אליהו וואָס איז מיט פייערדיגע פערד ארויפגעפלויגען אויפ׳ן הימעל. ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען, אָבער ער האָט זיך גע־שטאַרקט און מיט גרויס רעספּעקט זיך אויפגעשטעלט.

— אבי אבי רכב ישראל! — האָט דער דין געזאָגט ציטע־רענדיג מיט אַלע גלידער. — איך בין גליקליך וואָס איך בין זוכה געווען, אַז איהר זאָלט קומען אונטער דעם שאָטען פון מיין באַלקען.

— רבי, — האָט איהם דער בעל עגלה איבערגעשלאָגען די רייד. — איך בין אַ פּראָסטער מענש און איך ווייס ניט וואָס איהר

רעדט. איך פרעג אייך אויב די וועטשערע איז כשר אָדער טרייף, מיין איך, פסח'דיג אָדער כראַמעצדיג (חמצ'דיג) ?

— איהר ווילט מיך, הייליגער נביא, אויספּרואוועון ? — האָט דער דין געשטאַמעלט.

— זאָל איך אַזוי וויסען פון אַ שלעכטע יאָזדע, ווי איך ווייס וואָס איהר רעדט, — האָט דער בעל עגלה געענטפערט. — אַ פערד פּרואווט מען אויס, אָבער ניט אַ מענשען ! לאָזט מיך דאָ לאַנג ניט שטעהן און פּסק'נט מיר די שאלה. ווען ניט, פאַרשטעהט איהר מיך, געה איך אַהיים און עס די וועטשערע און די עבירה וועט אויף אייער קאָפּ פאַלען.

— מורה הלכה בפני רבו חייב מיתה, — האָט ר' פּיניעלע קוים אויסגערעדט.

— וואָס רעדט איהר מיט מיר טערקיש — האָט אליהו בייז אויסגערופען. — ממה נפשך, זאָגט „יא" אָדער „ניין". ביי מיר איז ניטאָ קיין קונצען, איינס פון די ביידע : אַז איך פאָהר איז געפאָהרען, ווען ניט לאָז איך די קליאַטשע שטעהן אין שטאַל און האָדיע.

— אליהו הנביא, אליהו התשבי, אליהו הגלעדי, — האָט דער דין ווידער געשטאַמעלט. — „די סוסתי ברכבי פרעה, די כנסת ישראל, איז שוין געגוג געשטאַנען אין שטאַל, אין גלות מיין איך, שוין צייט איהר זאָלט איהר אויסלייזען.

— רבי, איהר ברענגט מיר ארוים פון געדולד ! — האָט אליהו אַ געשריי געטאָן. — רעדט באַרבורים (דבורים). לאָמיך הערען, מעג מען עסען די וועטשערע אָדער ניט ?

— ע... ע... תשבי יתרץ, דאָס ליגט ביי אייך אין די הענד. ווי זאָגט איהר ? — האָט ר' פּיניעלע געזאָגט מיט שרעק.

— ווי זאָג איך ? — האָט אליהו געענטפערט. — באַ, באַ, ווען איך זאָל זיין אַ רב, וואָלט איך גע'פּסק'נט „כשר". אַ איד אַן אָרעמאַן, אַ גאַנץ יאָהר האָרעוועט מען און מען קומט אָפּ מיט שיהי פיהי, ערשט יום טוב וואָלט מען עפּעס הנאה געהאַט פון דער וועטשערע, נאָ דיר גאָר, אַ האָבער !...

— אַז איהר זאָגט אַזוי, איז אַזוי, — האָט זיך דער דין אָפּגערופען. — איך טאָר זיך ניט אריינמישען, מורה הלכה בפני רבו חייב מיתה.

אליהו האָט שוין די לעצטע ווערטער ניט געהערט און איז שנעל ארויסגעלאָפען. ער איז געקומען אהיים מלא חימה אויפ'ן דין און דערצעהלט זיין ווייב שיינצע, אז ר' פיניעלע האָט גע־פסק'נט כשר און זיי האָבען אָפּגעגעסען וועטשערע און געענדיגט דעם סדר מיט פרעהליכע הערצער.

אויף מאָרגען פריה איז גאנץ לאַפּינישאָק אויפגערודערט גע־וואָרען. די נייעס אז דער נייער דין האָט געהאַט התגלות אליהו האָט זיך פארשפרייט איבעראל און די גאנצע שטעדטעל איז גע־וואָרען אויף רעדלאָך.

אין גרויסען בית המדרש האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף ביינק. רעדלאָך מענשען זיינען געשטאַנען און געשמועסט וועגען דער וויכטיגער נייעס און אלע האָבען עס אויסגעלעגט צו גוטען. אלע האָבען איינשטימיג געזאָגט, אז מסתמא האָט געזאָלט זיין אַן עלילת דם אין שטעדטעל און דער הייליגער נביא ראָט עס פארהיט. ר' פיניעלע איז געשטאַנען ביים מזרח וואנט און זיך געפּאַטשט אין בייכעל, וואָס ער האָט די זכיה געהאַט צו זעהן זיך מיט אליהו הנביא פנים אל פנים און א שטאָדט מענשען זאָלען וועגען איהם ריידען.

אליהו שיינצעס, וואָס האָט געטראָגען א האָס אויפ'ן דין דער־פאַר וואָס ער האָט איהם נעכטען ביינאַכט אזוי לאַנג אָפּגעהאַלטען, האָט באַשלאָסען צו געהן אבזיכטליך אין גרויסען בית המדרש דאַוו־נען און פאַר'מסר'ן איהם פאַר בעלי הבתים. ער איז געקומען אין בית המדרש אין סאַמע מיטען קאָך, ווען דער עולם האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגען דער פּאַסירונג מיט'ן דין. אליהו האָט ניט געפרעגט וועגען וואָס מען רעדט. ער איז אריינגעלאָפען אין מיטען א רעדעל מענשען און געזאָגט:

— אידען, איך בין אייך געקומען זאָגען, אז דער נייער דין טויג אויף טויזענד כפּרות. נעכטען ביינאַכט בין איך צו איהם געקומען פרעגען א שאלה, האָט ער מיך אָפּגעהאַלטען אפשר א שעה אויפ'ן זיינער און האָט מיר אָנגעדולט א מח מיט שטיקלאך שיר השירים און זמירות, זאָל איך אזוי וויסען פון א שלעכטע יאָזדע ווי איך וויים, וואָס ער האָט גערעדט.

בערקע דער שרייבער, וועמען מען האָט געהאַלטען אין שטעד־טעל פאַר אַן אפּיקורוס, און וועלכער האָט פון אָנפאַנג אָן ניט גע־

גלויבט, אז ר׳ פיניעלע האָט זיך געזעהן מיט אליהו הנביא, האָט פאַר׳ן עולם ערקלערט, אז דער דין האָט זיכער אליהו שיינצעם אָנ־גענומען פאַר אליהו הנביא. דער אמת האָט זיך נאָכדעם ארויס־געציינט, ווען ר׳ פיניעלע איז צוגעגאַנגען און דערזעהן דעם בעל עגלה.

דערפאַר וואָס ר׳ פיניעלע איז נכשל געוואָרען און צוליב זיין טעות האָט א איד געגעסען חמץ אום פסח, האָט מען איהם פון זיין שטעלע אָפּגעזאָגט און אויסער דעם האָט ער אליין אויך אויף זיך א תשובה גענומען.

# דער חמצ׳דיגער צימעס.

איטשע דער שוסטער איז געווען א פּראָסטאַק, אַן עם הארץ, וואס האָט קוים געקענט דאווענען אדער מעביר זיין די סדרה. דער־פאר איז ער אבער געווען א וואַזשנער בעל מלאכה, א קינסטלער אין זיין פאך.

האָט איטשע דער שוסטער געמאכט א שטיקעל ארבייט, איז דאָס געווען געמאכט גרונטאָווגע, אי שעהן, אי גוט, אי שטארק. זיינער א שוך, א שטיוועל אדער א קאמאש איז געלעגען גלאט צום פוס, ניט געקנייטשט און די קנאפּעל האָבען זיך קיינמאָל ניט אויסגעדרעהט.

די אייגענטימער פון די פּיס וואס זיינען געווען באקליידט מיט איטשע דעם שוסטער׳ס שוכווארג, האָבען דער־מיט שטאָל־צירט, ווייל ניט אלע האָבען געהאט די זכיה אז איטשע דער שוס־טער זאָל פאר זיי שוכווארג נעהען. ער איז געווען דער נגיד׳שער שוסטער פון שטעדטעל און עס איז געווען שווער צו־צושלאָגען זיך צו איהם. אגב איז ער טאקי געווען א שטיקעל יקרן און האָט פאר זיין ארבייט געהייסען באצאָהלען מעהר ווי אלע אנדערע שוסטערס.

אָבער נאָך אלעמען האָט זיך איהם די שוסטעריי ניט אזוי גוט באצאָהלט. קיין ארבייט האָט איהם ניט געפעהלט, אבער ער איז געווען א שטיקעל „מארודניק" און האָט ניט געקענט ארויסגעבען קיין סך ארבייט.

געלעבט האָט איטשע דער שוסטער זעהר ארים, ווייל די הוי־כע מקחים וואס ער האָט גענומען פאר זיין ארבייט האָבען איהם קוים געקלעקט אויף חיונה. „ווען איך זאָל קענען פארטאטשע־ווען" — פלעגט ער זאָגען — „און מאכען א סך ארבייט, וואלט איך אפשר א גביר געווארען. אבער איך קען דאָס ניט. איך האָב ליב צו מאכען אָ שטיקעל ארבייט גרונטאָווגע און דעריבער בין איך אן אָרימאַן."

עס האָט זעלטען ווען פּאסירט אז איטשע דער שוסטער זאָל האָבען אפּגענעסען א לייטישען ווארמעס. אפילו שבתים און ימים

טובים פלעגט מען ביי איהם אויך איבערקומען מיט שיהי־פיהי, מיט א קעלבערנע קעפעל, א לונג און לעבערעל אדער געגזענע דראַ־ביאזקעס. אויף מעהר און עטוואס בעסערס האָבען זיינע פאַר־דינסטען ניט געטראגען.

ויהי היום, א פאר פסח איז דאַס געווען, האָט ער אויפגענעהט א פאָר שטיוועל פאר א פריץ. און א פאָר שטיוועל איז עס ארויס־געקומען, ווי איטשע האָט געזאָגט, אויפ׳ן וויסטאַווע ארויסצו־שטעלען. מיט לאַנגע, און „בויגעל נעקנייטשטע“ כאַלעוועס און קנאפעלאך, א מחיה געווען צו קוקען. דעם פריץ זיינען די שטי־וועל זעהר געפעלען געווארען און אויסער דעם פרייז וואס ער האָט זיך באדונגען, האָט ער דעם שוסטער געשענקט א מתנה א פעטע גאנז.

אויסער דעם האָט איטשע דאמאָלס גלאַט געהאט א גוטען פאר יום טוב, און ער האָט מיט זיין ווייב אפגערעדט, אז די גאנז זאָלען זיי אליין פארברויכען אויף פסח.

אין אן אנדער צייט וואָלטען זיי דאָס ניט געטאָן. אין אן ענ־גערע צייט וואָלטען זיי די גאנז פאַרקויפט און אליין אויסגעקומען מיט וואס עס איז. אבער אז גאָט האָט געהאָלפען און עס האָט זיך פאר יום טוב נישט־קשה׳דיג פארדינט, האָבען זיי זיך געקענט פארגינען צו „פארנאַשען“ די גאַנצע גאנז, צו האָבען אייגענע שמאלץ אויף קניידלאך, א גוט שטיקעל געגזענע פלייש, א ביסעל גריבעניעס און די דראביאזקעס, פון וועלכע מען קען אויך מאכען א גוטע פּאָטראַווע.

א טאָג פאר ערב פסח האָט די שוסטערקע אוועקגעטראגען די גאנז צום שוחט און זי געלאָזט קוילענען. איטשעכע האָט די עוף כשר געמאכט און זי האָט, א דאנק דעם אויבערשטען, אין איהר קיין זאך ניט געפונען. א גלאַטע כשרה געווען, איז זי און איהר מאַן געווען צופרידען און געהאַפּט צו האָבען אן אמת׳ן עונג יום טוב. מיט אייגענע קען מען זיך פיהרען א ביסעל ברייטער ווי מיט געקויפטע.

צום סדר איז טאקי געווען א גאנץ פעטע יויך מיט פעטע קנייד־לאך. שוין לאנג אזא וואוילען יום טוב ניט געהאט. זיי געדענקען גאָר ניט ווען זיי האָבען אזא וועטשערע געגעסען.

די חעלדזעל האָט די שוסטערקע באשטימט אָנצופילען פאר׳ן

מאַרגנענדיגען צימעס. איטשע איז זעהר צופרידען געווען פון זיין „מלכה'ס" איינפאַל. א געפילטע העלדזעל אין צימעס, וואס קען זיין בעסער ווי דאס?

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט זיך איטשע'ן זיצענדיג אין שול ביי דאוונען „געהעלדזעלט". נאָר דער צימעס מיט דער געפילטער העלדזעל איז איהם געלעגען אין זינען און יעדע מינוט איז איהם צו גרויס געווען. ער האָט געוואָלט מען זאָל שוין גיכער אפדאַוונען און ער זאָל שוין קענען געהן אהיים הנאה האָבען פון דעם נגיד'ישען מאכל.

און ער איז געווען בייז אויפ'ן חזן וואס ער „טאראַרייקעט" אזוי פיעל און וואָלט מעגליך געווען, וואָלט ער איהם פון עמוד ארונטערגעשלעפט. אויף איהם וואַרט אין דער היים א צימעס מיט א געפילטע העלדזעל און דער חזן מאַכט זיך נאַריש און „טאַראַבעמקעט" דאַרט!

נאָט האָט געהאָלפען מען האָט אָפגעדאַווענט און איטשע דער שוסטער איז אהיים געקומען. זיין ערשטע פראגע נאָכ'ן „גוט יום טוב" איז געווען: „פעסיע, וואָס הערט זיך מיט'ן צימעס?"

„וואָס זאָל זיך הערען?" — האָט זי איהם געענטפערט — „שוין איין מאָל א צימעס. לאָמיר שוין האָבען אזא יאָהר, וואס פאַר א צימעס דאָס איז. הלואי כל זמן מיר וועלען לעבען זאָלען מיר קיין ערגערע צימעסען ניט עסען."

באָטש איטשע דער שוסטער איז געווען א מענש וואס האָט געקענט גוט אריינעסען, און הונגעריג איז ער אויך געווען, פון דעסטוועגען האָט ער אביסעל צוגעקאַרגט און ניט פיל געגעסען פון די מאכלים וואס פעסיע האָט דערלאַנגט צום טיש. ווען זי האָט איהם געפרעגט: „איטשע, וואָרום עסטו ניט?" האָט ער געענטפערט:

„מען דאַרף זיך ניט אָנשטאָפּען. מען דאַרף לאָזען פּלאַץ פאַר'ן צימעס מיט דער געפילטער העלזעל".

פעסיע האָט ארויסגענומען דעם צימעס פון אויווען און זיין ריח האָט זיך צוטראָגען איבער'ן גאַנצען שטוב, טאַקי ממש ריח גן עדן. איטשע האָט פון ווייטענס געקוקט מיט זשעדנע בליקען און ער האָט וואָס שנעלער געוואָלט האָבען דעם „אורח" ביים טיש.

אָבער ווען די שוסטערקע האָט זיך דאַרט ביים אויוועז גענומען

צום צימעס, איז זי אן אויפגעציטערטע געוואָרען. זי האָט דערזעהן עפּעס אזוי ווי א האָבערנעם קערענדעל ליגענדיג צווישען די קאַר־טאָפעל און פלוימען. „איטשע, מיר האָבען שוין א שאלה!״ — האָט זי אויסגעשריען און צוגעבראַכט צום טיש דאָס וואָס עס האָט אויסגעזעהן ווי א האָבערנער קערענדעל.

מיט שרעק האָבען זיי עס ביידע באַקוקט און באַטראַכט, ערשט טאַקע א צוואָווייקטער האָבערנער קערענדעל.

איז מען דאָך אידען, נעהמט איטשיכע דעם קערענדעל און געהט צום רב פרעגען א שאלה.

איז נאָך דער רב ניט געקומען פון דאַוונען און די שוסטעריקע האָט געדאַרפט וואַרטען. נאָכהער ווידער, ווען דער רב איז געקומען, האָט ער געוואָלט פריהער קידוש מאַכען און עפּעס איבערכאַפּען דאָס הארץ, און די פרוי מיט דער שאלה האָט ווידער געמוזט וואַרטען.

און איטשען געהען ממש אויס די כחות. ער וואָלט שוין ניכער וועלען וויסען די רעשעניע, דעם ווערדיקט פון דעם צימעס, און פעסיע זיינע זאַמט זיך אזוי לאַנג. ענדליך איז זי געקומען א פאַר־טרויערטע מיט דער תשובה: „אז אָך און וועה איז מיר — חמצ'דיג״.

זי האָט דערצעהלט איהר מאַן, אז דער רב האָט דעם קערענדעל געטאַפּט און געדריקט, האָט אריינגעקוקט אין ספרים און געזאָגט: „איך קאָן נאָר ניט העלפען, חמצ'דיג! און מען מוז דעם טעפּעל מיט די צימעס מיט בכל אשר לכל אריינוואַרפען אין טייך״.

פאַרפאַלען, א דין איז א דין! עס איז אפילו א וועהטאָג אין הארצען ארויסצואוואַרפען אזא טייערען צימעס מיט א געפּילטע העלדזעל, אָבער וואָס קאָן מען העלפען? ניט באַשערט א אידען הנאה האָבען.

האָט די שוסטערקע געהייסען איהר שוסטער, ער זאָל נעהמען דאָס טעפּעל און געהן דורכפיהרען דעם גזר דין אויפ'ן צימעס.

„עס שניידט ביים הארצען״ — האָט איטשע געזאָגט — „ניכאַי וואָלטען מיר געוועזען כאָטש פאַרזוכען וואָס פאַר א טעם דער צימעס האָט. ניכאַי וואָלט זיך די שאלה געמאַכט א ביסעל שפּעטער. נו, באַשערט אן אומגליק, האָסטו נאָך איידער וואָס ווען דערזעהן דעם קערענדעל!״

מיט א פאַרטרויערט פּנים, עפּעס אַזוי ווי מען געהט חלילה צו דער לויה פון א קינד, האָט איטשע דער שוסטער געטראָגען דאָס טעפּעל מיט די צימעס מיט דער געפילטער העלדזעל צום טייך ביי דער באָד, און אויפ׳ן וועג דערצעהלט פאַר לייטען וועגען דעם אומ־גליק וואָס עס האָט געטראָפען מיט׳ן צימעס.

עס איז אַוועק א שטיקעל צייט און איטשע איז צוריק ניט געקומען. האָט זיין ווייב געטראַכט: אפשר פאַרשמועסט זיך מיט אימיצען, אפשר אריין צו א קרוב אויף כיבוד. עס א׳ז אָבער אַוועק א שעהנע פּאָר שטונדען און איטשע איז אַלץ ניטאָ, איז שוין פּעסיע געוואָרען אונגעדולדיג און זי איז אַרויס זוכען איהם.

איז זי אַריין אין א פּאָר הייזער, וואו זי האָט געדענקט, אַז אפשר איז ער דאָרט, אָבער מען האָט איהר געזאָגט, אַז מען האָט איהם אין די אויגען ניט אָנגעזעהן.

ווערט מען שטאַרק אונרוהיג. אפשר חלילה אריינגעפאַלען אין טייך און דערטרונקען געוואָרען. לויפט מען צום טייך. מען קוקט אין אַלע זייטען און מען זעהט ניט און מען הערט ניט פון איטשע דעם שוסטער. לויפט מען הין און צוריק אָהן א ציעל און אָהן א חשבון — מען לויפט.

ענדליך האָט מען איהם דערזעהן זיצענדיג הינטער א גרויסען קאַסטיער האָלץ הינטער׳ן באָד מיט׳ן פּלייצע אָנגעשפּאַרט אָן וואַנד.

מען איז צוגעלאָפען, ערשט ער זיצט מיט פאַרגלאָצטע אויגען, דער צונג אַרויסגעשטעלט און דאָס טעפּעל מיט די צימעס שטעהט צווישען זיינע פיס.

„איטשע!" — האָט די שוסטערקע אָנגעהויבען שרייען — „איטשע, וואָס איז מיט דיר?"

אָבער איטשע ענטפערט ניט און ריהרט זיך ניט פון אָרט.

מען האָט איהם גענומען טרייסלען, טאַפּען ביים שטערן, ביי די הענט, אָבער ער איז קאַלט ווי אייז. איטשע איז געווען טויט.

מען האָט זיך נאָכהער אַרומגעזעהן, אַז פון דעיט חמצ׳דיגען צימעס האָט געפעלט א היבש ביסעל און די געפילטע העלדזעל איז אויך ניט געווען גאַנץ.

דער רופא, וואָס האָט געמאַכט אַן אונטערזוכונג, האָט אויס־געפונען, אַז א ביסען העלזעל איז דעם שוסטער אַריין אין דער „לינקער קעהל" און ער איז דערוואָרגען געוואָרען.

# דער טייערער אפיקומן.

דערצעהלט מיר א איד אזא מעשה:

מיין אידענע, מרת דוואָסיע תחיה, איז פון שטענדיג אָן געווען א פּראָסטע היימישע אידענע, אָהן קונצען, אָהן זאבעבאָנעס, מיט א געזונדען מאָגען, שארפע צייהן און א גוטען אפּעטיט צום עסען. פון מאָדעס, פון סטיילישע קליידער, פון בייטען העטס אלע סיזאָן, פון דזשועלערי, פון ענגע שיכלאך, פון דאָקטוירים, פון דענטיסטען, פון פאָהרען אין קאָונטרי און נאָך אזעלכע לוקסוסען האָט זי ניט געוואוסט. אפילו דער קאָרסעט פלעגט ביי איהר ליגען און שימלען און ווי ווייט מעגליך האָט זי זיך אויסגעדרעהט פון טראָגען איהם.

און מיינט איהר אפשר, אז זי איז חלילה אָן אָפּגעלאָזענע, א שלים־מזל'ניצע, די אידענע מיינע? חלילה! זי איז שוין דוקא גאר ניט קיין צוקראָכענע! א ציכטיגע אידענע פון שטענדיג אָן געווען. קיין קארגע איז זי אויך ניט פון נאטור, אָבער זי האָט ניט גע־וואוסט פון קיין חכמות און ניט געהאלטען פון די פוסטע אריסטאָ־קראטסטוואָ.

און איך האָב איהר דערפאר שטארק ליב געהאט, ווייל איך אליין בין אויך א פּראָסטער חי וקים און איך שפּיי אויף די מאָדעס מיט די צרות. פאר מיר אליין איז אויך רעכט ווי עס מאכט זיך. ווי מען געהט געהט מען, אבי חלילה ניט נאקעט, ניט אָפּגעריסען; אבי, א דאנק גאָט, מען האָט חיונה.

הקיצור הדבר: איך בין געווען זעהר צופרידען וואָס מיין ווייב געהט אין אזעלכע דרכים. צו וואָס טויג מיר א ווייב אָן אריסטאָ־קראטקע, אז איך בין אליין קיין אריסטאָקראט ניט? און טאקע גאָר א פשוט'ע זאך: א ווייב א גרויסארטיגע ליידי, איז צו טייער, צו עקספּענסיוו און עס איז ניט פאר אונזערע פּאקעטס, היינט וואָס האָט מיך געקענט אארען, אז אי א באלעבאָסטע אין שטוב האָב איך געהאט אזוי ווי אלע אידען, אי מיר האָט עס געקאָסט ביליגער ווי אנדערע?

אָבער מיין שמחה איז מיר פארשטערט געוואָרען. היינט איז

מיין פלונית׳טע א גאנצע לײדי, א גאנצע ספּאָרטיכע. וואָס רעדט איהר? הײנט איז פּשוט, ניט ריהר מיך אָן, ניט קוק מיך אָן! גאָר ניט די דוואָסיע וואָס געווען. זי איז שוין פארקראָכען העט, ווײס איך וואו, און זי קאָסט מיר אָפּ מאָסען גאָלד.

און געבראכט דערצו האָט, ווײסט איהר וואָס? א שטיקעל אפיקומן, א שטיקעל דארע מצה. אָט וועל איך אײך דערצעהלען די גאנצע מעשה.

פאר־א־יאָהרען פסח צום ערשטען סדר איז זיך מישב מיין אידענע און עס פארגלוסט זיך איהר, איהר ווײסט דאָך, עט, גאָר נישט, א שטיף טאָן א ביסעל מיט איהר מלך. געהט זי און גנב׳עט ביי מיר ארויס דעם אפיקומן פון אונטער׳ן קישען. נאָכ׳ן עסען נעהם איך זוכען דעם אפיקומן, ערשט, והילד איננו, דער בחור איז ניטאָ. פארשטעה איך דאָך מסתמא, אז דאָס איז איהר ארבייט. געווענליך, פאר אזעלכע זאכען ווערט מען ניט אין כעס. גיב איך איהר, איהר ווייסט דאָך, עט, ווײס איך דאָרט, א פּעטשעל, ניט חלילה אזא פּאטש וואס קען וועה טאָן, נאָר אזוי, גאָר נישט, פּשוט כמעט א גלעט. געהט זי און גיט מיר צוריק עפּעס כלומר׳שט א פּעטשעל. בלייב איך דאָך מסתמא ניט הינטערשטעליג און שענק איהר, איך בעט איבער אייער כבוד, ווײס איך דאָרט, א קלייניגקייט, א קניפּ אין באק. אזוי האָבען מיר זיך זאבאוועט א שטיקעל צייט, איהר ווייסט דאָך, א פּסוק אום א פּסוק: איך איהר, עט, במחילה, א טשעפּע און זי מיך א טשעפּע. וועל, א גאנץ יאָהר איז מען ב״ה פארהאָוועט, ניטאָ קיין צייט און ווען ליגט עס אין זינען? קומט אָבער דער הייליגער יום טוב, בפרט נאָך אזא יום טוב, ווען מען טרינקט אויס עטליכע כוסות, ווילט זיך, איהר ווייסט דאָך, נאָכגעבען דעם יצר הרע און זיך נאריש מאכען א ביסעל. און פארוואָס ווידער ניט?

און וואָס זאָל איך אייך זאָגען? איך האָב מיין אידענע קיינ־מאָל ניט פיינד געהאט, נאָר דאמאָלס האָט זי ביי מיר געהאט אזא חן, פּשוט צו זאָגען, אזוי ווי אסתר המלכה בעת זי האָט אָנ־געריהרט דעם שפּיץ פון אחשורוש׳ס רוט. עס האָט זיך אין מיר דערוועקט, איך קען עס אייך ניט אָפּמעלדען, עפּעס א מאָדנער עת רצון און איך זאָג צו איהר אזוי ווי אחשורוש האָט געזאָגט צו אסתר׳ן: „מה שאלתך דוואָסיע המלכה? וואָס פארלאנגסט דו,

דוואַסינקע ? זאָג, וועל איך דיר געבען". און זי ענטפערט מיר:
„אַ נייע העט פארלאַנג איך". זאָג איך: „אָל־רייט, איה"ש אויף די אנדערע טעג קריגסט דו עס", און זי האָט דעם געקידנעפטען אפיקומן אָפּגעשטעקט.

איך ווייס נאָך עד היום ניט, אויב זי האָט עס טאַקע ערנסט געמיינט, אָדער איהר כונה איז בלויז געווען, ווייס איך דאָרט, אַ שטיף טאָן לכבוד יום טוב; אָבער מיר האָט זיך דיזען מאָל געוואָלט זיין אַ דזשענטעלמען און מאכען מיין אידענע אַ סורפרייז, ווי מען זאָגט. חול המועד האָב איך איהר אוועקגעפיהרט אין אַ העט סטאָר און איהר געהייסען אויסקלייבען וואָס פאר אַ העט זי וויל. זי האָט זיך אפילו אָנפאנגס אביסעל געקוויינקעלט: „וואָס ? ווען ? עס וועט זיין נוט אזוי", אָבער איך האָב אויף איהר כמעט ווי גוזר געווען און זי האָט זיך אויסגעקליבען אַ העט און טאַקע דוקא אַ גאַנץ פיינע פאר ניין דאָלער.

ווען מיר זיינען געקומען אהיים, האָט מיין אידענע אריינגע־טראָגען די העט צייגען דער נעקסטדאָריגער. האָבען דערשמעקט אַ פּאָר אנדערע שכנות, אז מיינע האָט עפּעס איינגעהאַנדעלט, זיי־נען זיי אויך געקומען אָנקוקען די קניה, און אלע האָבען מסכים געווען, אז די העט פּיט מיין אידענע פויערסט קלעס און מען האָט איהר, דער העט, הייסט עס, פארשאָטען מיט קאָמפּלימענטען.

„גרויסאַרטיג", האָט איינע געזאָגט.

„עקסעלענט", האָט אַ צווייטע באשטעטיגט.

„ביוטיפול", האָט אַ דריטע צוגעבאמקעט.

„פּאַסט זיך פאר אַ פינפטע עווענין ליידי", האָט אַ פירטע צוגעגעבען. און ואחרי ככלות הכל, האָבען אלע ווייבער באשלאָ־סען, אז צו אזא שעהנע העט פּאַסט שוין צו האָבען אַ סילקענע דרעס.

מיך האָט די זאַך שטאַרק הנאה געטאָן. אבי כאָטש געטראָ־פען און זיך ניט אָפּגענאַרט. מיין אידענע'ס איבערראַשונג אָבער האָט זיך עפּעס אזוי ווי אָפּגעלאָשען, נאָר געזאָגט האָט זי גאָר ניט.

ויהי ערב ויהי בקר. איבער נאַכט האָט זיך אפּנים מיינע איבערגעדענקט און אין דער פריה איז זי ארויס מיט לשון:

„דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען ?" מאַכט זי צו מיר, „איך האָב חרטה, איך רייס פון זיך די הויט וואָס איך האָב געקויפט

די העט. אין אמת'ן, א קלייד טראָג איך נאָך פון סוכות, וואָס האָט אין גאַנצען געקאָסט זיבען דאָלער, היינט צו וואָס טויג מיר א העט פאר ניין דאָלער? געדאַרפט בעסער קויפען א ביליגערע אָדער גאָר ניט".

געזאָגט האָט זי עס בתמימות, אָהן חכמות און זי האָט, גלויב איך, דערמיט ניט געמיינט צו געבען מיר קאַפּוליער אָנצוהערענים, אז איך זאָל איהר קויפען א נייע קלייד. אָבער איך אליין האָב זיך בארעכענט, אז זי איז טאַקע ניט אומגערעכט. צו א שטריימעל פּאַסט זיך אַן אַטלעסענע זשופּיצע און צו א לייטישע העט פּאַסט זיך א לייטישע קלייד. און טאַקע דערפאַר גופא, וואָס זי איז ניט אָנגעשטאַנען אויף מיר מיט געוואַלד, אזוי ווי אַנדערע ארורות, האָב איך באַשלאָסען צו קויפען איהר א נייע קלייד אויך. וואָס זאָל מען טאָן? עבירה גוררת עבירה, איין צרה שלעפּט מיט די אַנדערע און אז מען קריכט אריין אין א בלאָטע, מוז מען בראָדזשען ווייטער. הכלל, בין איך נאָך דעם זעלבען טאָג אוועק און איהר געקויפט א קלייד פאר אכטצעהן דאָלער. וואָס קען זיין ביליגער? אז דער קאָפּ איז ווערט ניין דאָלער, איז דאָך דער גאַנצער גוף ווערט אכטצעהן.

די אַנדערע טעג יום טוב האָט זיך מיין פריצטע אויסגעסטראָ־יעט אין איהרע נייע מלבושים און מיך אָנגעהויבען טרייבען איך זאָל געהן מיט איהר צו פריינד און צו לאַנדסלייט גוט יום טוב ביעטען, אפשר טאַקע כדי צו באריהמען זיך פאר זיי. אמאָל פלעגט מיינע גאָר ניט וועלען געהן ערגעץ. זי פלעגט שטענדיג זאָגען דאָס היימיש ווערטעל: „אין געסט איז גוט און אין דער היים איז נאָך בעסער". אָבער די העט מיט דער קלייד האָבען איהר נאַטור איבערגעאַנדערש און זי האָט געקראָגען א חשק צו קומען צווישען מענשען.

הכלל, געהען מיר. קומען מיר צו א לאַנדסמאַן, באַקוקט די לאַנדסמאַניכע מיין ווייב'ס נייע מלבושים און טוט זיך א זאָג: „שעהן ווי גאָלד. פאַרניצען זאָלט איהר עס געזונדערהייד. און פיין מאַנטעל האָט איהר גאָר ניט? ניט שעהן צו געהן מיט א חוילען שייפּ. האָט גאָט געהאָלפען אויף אזוי פיל, וועט ער העלפען אויף א מאַנטעל אויך". געהענדיג פון לאַנדסמאַן, האָט שוין די אידענע מיינע זיך ארומגעקוקט אפשר לאַכט מען פון איהר פאר

וואָס זי געהט אָהן אַ מאַנטעל, און ווי איך האָב פאַרשטאַנען, האָט זיך שוין ביי איהר אין קאָפּ געמאַנטעלט.

זיינען מיר נאָכדעם געקומען צו קרובים. מאַכט די קרובה מונזערע: „בלעבען, צו אַזאַ העט מיט אַזאַ קלייד, וואָלט שוין ניט געשאַדט איהר זאָלט האָבען אַ פּאָר דיימאָנדענע אוירינגלאַך". די בוטשערקע מיט איהר „מאָנקי פּיים" קוקט אויס אין די דיימאָנדס אַזוי ווי אַ פאַרשטעלעניס, אויף דער הויז־קיפּערקע זיינען אויך די דיימאָנדס חלשות צו קוקען, אָבער צו איהר, צו מיינער'ס פּיים, הייסט עס, — האָט זי געזאָגט, — וואָלטען דיימאָנד אוירינגלאַך זעהר געפּיט.

קורץ דערפון: וואו מיר זיינען געקומען, האָט מען אַלץ צוגעלעגט אַנדערע הגהות. מיין אידענע זיינען אַלע רייד אריין אין נאָז און זי האָט אָנגעהויבען ביסלעכווייז ברוגז ווערען.

אויף מאָרגען, אַז איך האָב איהר גערופען געהן אין ערגעץ, האָט זי שוין צוגעקווינקעלט. נאָכדעם האָט זי אָנגעהויבען תובע בפה זה, פּשוט מאָנען אַ מאַנטעל, אוירינגלאַך און אַנדערע קליי־נינקייטען, וואָס מען האָט געזאָגט, אַז עס פעהלט איהר.

און דאָס ווייסט איהר דאָך, אַז ווען די ווייב הויבט אָן מאָנען, איז אַ ביטערע מעשה. דאמאָלס האָט איהר צוויי וועגען: ענט־וועדער געבען אָדער מאַכען בארוואַריעס, און ווענען ווילט זיך עס קריגען מיט אַ ווייב? קורץ דערפון: איך האָב זיך אפילו אביסעל געאַמפּערט, אָבער סוף כל סוף האָט זי אויסגעפיהרט און איך האָב אריינגעוואָרפען אין צימבעל, אַזוי פיל גוטע יאָהר זאָלען מיר האָבען וויפיל צעהנדלינגע דאָלערס.

הכלל, מיין דוואָסיע, די אַמאָליגע פּראָסטע דוואָסיע, איז גע־וואָרען אַ גאַנצע פּאַניענקע. זי האָט אָנגעהויבען נאָכקוקען וואָס פאַר אַ דרעסעס אַנדערע ווייבער טראָגען. זי האָט זיך אָנגעהויבען אָפּשטעלען ביי די שאָו־פענסטער פון די סטאָרס און באַקוקען די נייע מאָדעס פון קליידער און פון העטס און אַלע מאָל פלעגט זי מיר אָפּזינגען אַ נייעם פּזמון, אַז דאָס פעהלט איהר, דאָס דאַרף זי און דאָס מוז זי האָבען. היינט איז זי צופּיעשטשעט געוואָרען אַזוי ווי אַ ציטעריגע בת יחידה'לע און זי האָט מיר ביסלעכווייז אָנגעהויבען דערגעהן די יאָהרען.

זי האָט זיך אָנגעהויבען פּוצען און סטראָיען, אריינקוקען אַלע

מאָל אין שפּיגעל און איהר האָט זיך נערדאַכט, אז זי געחט אראָפּ פון פנים, אז זי איז צו מאָגער, צו בלאָס און האָט אָנגעהויבען געהן צו דאָקטוירים. די דאָקטוירים האָבען געגעבען מעדיצין. די מע־דיצין האָט ניט געהאָלפען, האָט זי כל חמתה אויסגעלאָזט צו מיין קאָפּ.

אמאָל, ווען עס האָט איהר, ניט פאר קיינעם געדאַכט, ווען געטאָן א צאָהן, האָט זי גענומען א ביסעל בראַנפען אין מויל אריין, צוגעלעגט א שטיקעל קנאָבעל אָדער א ביסעל צוריבענע חריין און האָדיע! קוים אָבער האָט זי פארזוכט פון עץ הדעת, קוים איז זי אָן אריסטאָקראַטקע געוואָרען, האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה מיט דענטיסטען, מיט באַגולטען צייהן, מיט פילען צייהן און אנדערע שווארץ יאָהרען, און ר׳ יענקעל משלם — און איך האָב געמוזט צאָהלען.

האָט זי זיך מישב געווען אין מיטען זומער, אז זי דאַרף פאָהרען אין קאַנטרי. וועלכע לייטישע פרוי פאָהרט עס ניט אין קאָנטרי? און אז פאָהרען אין קאָנטרי, דאַרף מען האָבען א פּאָר קליידער צום איבערבייטען. נו, אויך די אייגענע מעשה: עבירה גוררת עבירה, איין צרה שלעפּט מיט די אנדערע, אז מען האָט א ווייב א ליידי, מוז זי שוין זיין א ליידי מיט אלע פּישצעווקעס — א ברירה האָט מען?

הכלל, האָב איך איהר געמוזט אוועקשיקען אין קאָנטרי. און אז איך בין פארבליבען א לעבעדיגער אלמן, האָב איך געמוזט געהן עסען אין א רעסטאָראַנט, האָב איך זיך איבערגעפיהרט דעם מאָגען און מיר האָט געקאָסט אפשר הונדערט דאָלער קורירען זיך.

געקומען פון קאָנטרי האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה מיט נייע קליידער אויף ימים טובים. שפּעטער האָט זיך איהר פארגלוסט א סעט פּאָר און אנדערע צרות. היינטיגען פאר פסח איז ווייטער געווען אן עסק מיט נייע שמאַטעס און פיל זי האָט איז איהר אלץ ווענינ.

בקיצור הדבר: זי האָט מיך בדלות געשטעלט און איך האָב מורא, אז דאָס וועט שוין אזוי פארבלייבען א בכיה לדורות, א צרה אויף שטענדיג, און אלץ צוליב יענעם שטיקעל אפיקומן.

אי, דער אפיקומן! אי, ליגט ער מיר אין מאָגען! ווען ניט יענער פארשאָלטענער אפיקומן, וואָלט איך מיין אידענע קיין העט

ניט געקויפט, וואָלט זי קיין שעהנע קלייד ניט נעדאַרפט, וואָלט איהר נאָכדעם קיין שעהנער, טייערער מאַנטעל ניט געפעלט, וואָלט זיך איהר קיין דיימאָנד אוירינגלאך ניט געגלוסט. וואָלט זי ניט געקוקט אין שפּיגעל, וואָלט זי ניט געהאַט קיינע עסקים מיט דאָק־טוירים, וואָלט זי ניט געפיקסט די צייהן, וואָלט זי אין קאַנטרי ניט געפאָהרען, וואָלט איך דעם מאַגען ניט פאַרדאָרבען, וואָלט זי אויסגעקומען אָהן אַ פּאָר סעט און נאָך און נאָך, און איך וואָלט ערשט געוועזען רייכער מיט אַ שעהנע פּאָר הונדערטער.

**אי, דער אפיקומן! אי, וועל איך איהם האָבען צו געדענקען!**

# א פארקעהרטע הגדה.

(על פי נוסח הפראָגרעסיווע, מישטיינס געזאָגט)

קדש: ערב פסח ביינאכט, ווען דער טאַטע קומט פון שול, כאַפּט ער אריין און מאכט קידוש איידער די בנים קומען, כדי זיי זאָלען ניט לאכען פון זיינע אידישע זאבעבאָנעס.

ורחץ: קומען די בנים, האָבען זיי אפילו קיין צייט אָפּצו־וואשען די הענד און טוען אַ קאָמאנדעווע: „מא, האָרי־אָפּ, גיב סאפּער!"

כפרות: דעם סדר מיט דער הגדה, זאָגען זיי, דארפען זיי אויף כפרות.

מגיד: הויבט דער טאַטע אָן זאָגען: „סטייטש, פּסח, א סדר", לאכען זיי זיך פון איהם אוים.

רחצה: באוואשט זיך די מאַמע מיט טרערען פון עגמת נפש.

מוציא: מענה'ן די בנים: „דאָנ'ט באָדער, פּראוועט איהר דעם סדר און מיר וועלען יוצא זיין מיט די קניידלעך".

מצה: גריזשען זיי דערוויילע מצה און שרייען: „פאָר נאָד'ס סעיק, גיב עסען!"

קורח: און דער טאַטע מיט דער מאַמען ווינשען זיך אז די ערד זאָל זיך אונטער זיי עפּענען און זיי זאָלען איינגעזונקען ווע־רען ווי קורח.

שולחן עורך: גרייט די מאַמע נעבאך צום טיש און דער־לאַנגט די בנים עסען.

ברך: און די בנים פרעסען זיך אָן, כליאָבען אריין עטליכע כוסות, און בענשען, זאָגען זיי, זאָל דער טאַטע מיט דער מאַמע.

נרצה: אָט אזוי, זאָגען זיי, ווילען מיר און טוט אונז עפּעס.
(הויבען די בנים אויף שטיקלאך מצה און זאָגען):

כהא לחמא: אָט די דארע מצות געברויכען פינסטערלינגע און היפּאָקריטען אָנשטאָט ברויט און שטאָפּען זיך דערמיט א גאַנץ פּסח. כל דכפין, ביי אונזערע מענשען אז מען איז פּסח הונגעריג, כאַפּט מען זיך אריין אין א גוי'אישען רעסטאָראַן און מען

רייבט איבער די צייהן מיט א חמצ'דיגען העם סענדוויטש. כל דצריך, דער וואס דארף יוצא זיין פאר א רייכע שווינגער, עסט כלומר'שט אין דער היים פסח'דיגס און פארבייסט נאכהער מיט פאמפערניק און ביער, ווייל מיר זיינען פריינגעזאגנגע אמת'ע בני חורין.

(דא פרעגט דער טאטע די פיר קשיות).

מה נשתנה: פארוואס איז היינטיגער פסח אנדערש ווי די אמאליגע פסח'ן. שבכל הלילות, אלע סדרים נעכט פלעגט איהר, קינדערלאך, זיצען ביים סדר און זאגען די הגדה אויף א אידישען שטיינער, און הלילה הזה, היינטיגע סדר נאכט, זייט איהר אזוי ווילד. שבכל הלילות, אלע סדר נעכט פלעגט איהר זיין גוטע קינ־דער און איך און די מאמע פלעגען פון אייך נחת האבען, הלילה הזה כלו מורר, און דיזע סדר נאכט פארבימערט איהר אונז דעם לעבען. שבכל הלילות, אלע סדר נעכט בין איך געווען א מלך, די מאמע א מלכה און מיר האבען געפיהרט די מלוכה, הלילה הזה, היינטיגע סדר נאכט פיהרט איהר די גרענדע און מיר מוזען שוויי־גען. שבכל הלילות, אלע סדר נעכט זייט איהר געזעסען ביים טיש מיט דרך ארץ, הלילה הזה, דיזע סדר נאכט, פיהרט איהר זיך אויף ווי רענעלע באלשעוויקעס.

(ענטפערען די בנים):

עבדים היינו: אמאל, אז מיר זיינען געווען יונג און מיר האבען געדארפט אנקומען צו אייערע לאסקעס, זיינען מיר געווען פארשקלאפט צו אייערע היפאקריטסטווא. ויוציאנו, אבער היינט זיינען מיר ארויס פון אייער רשות און מיר הערען אייך ווי די קאטערס. ואלו, און ווען מיר וואלטען ניט געווען אין אמעריקא און ניט געווארען קיין פראגרעסיווע, וואלטען מיר אויך געווען אזעלכע פינסטערלינגע ווי איהר. אפילו כלנו חכמים, און אפילו ערשט אז מיר זיינען צום שכל געקומען, ווילט איהר אויך הער־שען איבער אונז? נאו סער, אלר מען, מיינד יור און ביזנעס און זאג אונז קיין דעה ניט. וכל המרבה, און דער וואס האט מעהר שכל און מישט זיך ניט אין קינדערשע ביזנעס, הרי זה משבח.

מעשה: עס איז געווען א מעשה מיט נענאסע טשארלי, נענאסע בעני, גענאסע אייק וגענאסע מאיק, שחיו מסובין, וואס

זיינען די סדר נאכט געזעסען אין בעק רום פון א גוי'אישען סאַ־
לון, האָבען געמאכט א קערטעל, געטרונקען ביער און געגעסען
טרפה פרי לאַנטש, עד שבאו, ביז זייערע טאטעס זיינען אין דער
פריה געקומען פון שול, זיינען זיי אוועק אהיים און געגעסען
פסח'דיגען פת של שחרית.

אמר: גענאַסע פידריק האָט געזאָגט: הרי אני, איך בין
דאָך עפּעס א פּראָגרעסיווער מענש שוין מכמה שנים, ולא זכיתי,
און איך האָב די זכיה ניט געהאט צו איבערצייגען מיין טאטען
אז ער איז אַן אידיאָט וואָס ער פּראַוועט די זאבעבאנעס פון א
פסח מיט א סדר, און איך האָב מורא אז ער וועט שוין אזוי
פארבלייבען עד ימות המשיח.

ברוך המקום: געבענשט זאָל זיין דאָס אָרט אמעריקא,
וואו עס איז הפקר פעטרישקע און מען קען פייפען אויף רעלי־
גיאָן און טאָן וואָס מען וויל. כנגד ארבעה בנים, דאָ קען א טאטע
האָבען פיר זיהן, א פּאָר סאָציאַליסטלאך און א פּאָר אנארכיסט־
לאך און אלע זאָלען טאָן כל דבר האסור פאר איהם אין די אויג־
גען און ער מוז שווייגען אזוי ווי א שאינו יודע לשאול.

מתחילה: אָנפאַנגס, ווען מיר האָבען אָנגעהויבען באַזור־
זוכען געגאָסישע קלייזלאך, פלעגען מיר דארפען זאָגען תרוצים
פאר'ן טאטען און פאר דער מאמע, ועכשיו אָבער היינט האָבען
מיר זיי פאַרפאַקט, ווייל זיי האָבען פאַר אונז מעהר מורא ווי מיר
פאר זיי, והראדיקאליזמוס מצילנו מידם.

צא ולמד: געה, אָלד מען, און לעהרען אין אונזער חדר.
ווער א פּראָגרעסיווער מענש, א פרייגעזאָנענער, ווערסטו פאר־
שפּאָרען אפּעסען זיך דאָס הארץ מיט אונז און דאָס וועט זיין א
סך געזינטער פאר דיר, ווייל פון יאָרען זיך קומט אָפּ מעהר גע־
זונד ווי פון עבודת פרך.

ביד חזקה: און אויב דו מיינסט אז דו וועסט אונז
איבעראנדערשען מיט געוואלד, האָסטו, אָלד מען, א גרויסען טעות,
ווייל די אַמאָליגע קונצען גילטען שוין היינט ניט. זיי וויסען,
אז אמעריקא איז ניט שניפּעשאָק. דאָ קענען מיר געבען פון
א קנעפּעל רעשטע און על פי נויט אפילו א פּאַנטש אין די אַי,
און וועסטו אונז צופיל באדערען, וועלען מיר דיר דאָס איבער־
צייגען באותות ובמופתים.

אילו: דאס זיינען צעהן נעמען, וואס קינדער קענען דא רופען א טאטען, ווען ער האסט א טשייניק מיט אידישקייט ואלו חן, און דאס זיינען זיי:

היפאקריט, פינסטערלינג, אידיאט, גרינהארן, משוגע־נער, בהמה, פערד, עובר בטל, לעמעשקע, קונעל־פרעסער.

כמה מעלות טובות: וויפיל גוטע מעלות האט אמעריקא. אלו, ווען מיר וואלטען זיך דא בלויז גע׳פטור׳ט פון דאווגען און שבת וואלטען מיר נעמוזט היטען, דינו, וואלט אויך געווען פלענטי. אלו, ווען מיר וואלטען געארבייט שבת און געסטאפט זונטאג און ניט קענען עסען קיין איסטערס און העם, דינו, וואלט אויך גע־ווען פלענטי. אלו, ווען מיר וואלטען געגעסען איסטערס און העם אלע טעג פון א גאנץ יאהר, נור ניט יום כפור, דינו, וואלט אויך געווען פלענטי. אלו, ווען מיר וואלטען יום כפור אויך געגעסען די דאזיגע מאכלים און פסח וואלטען מיר געמוזט לעבען אויף מצות דינו, וואלט אויך געווען פלענטי. אלו, ווען מיר וואלטען פסח געגעסען חמץ און מיר וואלטען געדארפט מורא האבען פאר די טאטעס אדער פאר די מאמעס, דינו, וואלט אויך געווען פלענטי.

על אחת כמה וכמה: א פשיטא שוין, אז ניט מיר דאווע־נען, ניט מיר היטען שבת, מיר עסען איסטערס אפילו אום יום כפור, מיר שטאפען זיך מיט חמץ אום פסח און מיר הערען די טאטעס מיט די מאמעס אזוי ווי פאר־א־יאהריגען שנעע, איז אוודאי גוט און מיר זיינען אלראיט אין אמעריקא.

## ובכן ויהי בחצי הלילה.

סמוקען מיר סיגארעטלאך נאכ׳ן צימעס פריימאג בלילה, קנאקען מיר פינאטס אין דער כל נדרי לילה און מיר זיינען טרי־פניאקעס ביום ובלילה, ויהי בחצי הלילה.

עסען מיר פסח׳דיגע קניידלאך אין דער היים אין דער סדר לילה, פארבייסען מיר מיט איסטערס און פאמפערניק באותו לילה, און מיר לאכען פון טאטענ׳ס טאראראם בזה הלילה, ויהי בחצי הלילה.

כאפען מיר אריין אלטע פארדארבענע איסטערס אין א פסח לילה, באקומען מיר קרעמפס באותו הלילה, זאגען מיר אז עס

האָט אונז פארשאַדט די מצה נאָך פון דער סדר לילה, ויהי בחצי הלילה.

## חד גדיא, חד גדיא!

**ואתא:** קומט שבת בענשט די מאַמע ליכט און דער טאַטע מאַכט קידוש און זינגט זמירות, אָבער מיר לאַכען זיך אויס פון די דאָזיגע זאבעבאָנאַס און מיר זאָגען: עט, חד גדיא, חד גדיא!

**ואתא:** קומט ראש השנה, לויפען דער טאַטע מיט דער מאַמע אין שול און עס קעהרט זיך גאָר וועלטען, אָבער מיר מאַכען בעסער ערגיץ א קערטעל, עט, חד גדיא, חד גדיא!

**ואתא:** קומט יום כפור פאַסטען טאַטע און מאַמע, און ווען זיי זיינען אין שול, עסען מיר אויף די פאָלקעס פון די כפרות און מיר האָבען פאָן, חד גדיא, חד גדיא!

**ואתא:** קומט פסח איז אן עסק מיט סדרים, מיט הגדה, מיט מצה און מיט מרור, אָבער מיר פייפען אויף אַלעס און מיר זאָגען: עט, היפּאָקריטססטוואָ, חד גדיא, חד גדיא!

(נאָכ'ן סדר זאָגט דער טאַטע „שיר השירים" מיט אַ וויינענדיגען ניגון און די בנים מאַכען אַ נאָז און זינגען דעם צווייטען פסוק — „ישקני"...)

# פסח'דיגע מעשה'לעך און בילדלעך.

## די „ביטערע נקבה".

„האָרס רעדיש קושער פאָר פעיסאַק, טשיפ! האָרס רעדיש, מורער ענד קעירעיק פייוו סענטס איי גלעס!" — אזוי שרייט אַן אַלטע פרוי וואָס שטעהט צווישען די אידישע פושקארט־פעדלערס אין אידישען קווארטאַל אין ברוקלין.

זי פארקויפט כריין, פארט־גען צוריבענעם מרור, די דאָזיגע אַלטע. זי רייבט דעם כריין אליין אויף אַ מאַשינקע און זי פאר־קויפט עס אויפ'ן מאָס, פינף סענט אַ פולע גלאָז. אידישע קינדער וואָס קענען איהר, רופען איהר „די ביטערע נקבה" צוליב איהר „ביטערע" פרנסה.

זי איז אַן איירישע גוי'ע, די אַלטע מרור־פארקויפערין. דער נאָז און די אויגען זיינען ביי איהר רויט. אויב דאָס איז איהר גע־קומען פון די ביטערקייט פון די כריין אָדער פון דעם „ביטערען טראָפּען" וואָס זי האָט ניט פיינד, קען מען ניט וויסען.

אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר פארקויפט זי צוריבענעם כריין נעבען אַ קריסטליכען בוטשער סטאָר און קיין אידישען טרייד האָט זי נים. ערב פסח אָבער האָט זי זיך ארייננעכאַפּט אין אידישען קווארטאַל מיט אַ היבשען סטאַק פארטיגען מרור און האָט דאָרט געוואָלט אויסברעננען איהר ביטערע סחורה.

עס פארשטעהט זיך אַז אַ אידישע קאָפּ האָט אין דעם גע־שטעקט, אַז אַ אידיש קינד האָט דער ערלית אויף שפּאַס אָדער אין ערנסט מגלה געווען דעם סוד פון מרור און כורך און איהר אויס־געלערענט דעם פזמון ווי אזוי צו אדווערטייזען און אַליין ארויס־געבען אַ „הכשר" אויף איהר סחורה.

און די „ביטערע נקבה" האָט אַ רערעל מענשען ארום זיך און מען אמוזירט זיך פון איהר גוי'אישען אידיש, אָבער מען ניט איהר ניט צו לייזען אַ סענט. אויף אַ „הכשר" פון אַן איירישע גוי'ע ווילען זיך אידישע קינדער ניט פארלאָזען.

און דער ערלית ווערט טרוקען אין האלז שרייענדיג און זי געהט אוועק מיט גאַרניט.

לאָופערס באנגליטען איהר און שרייען איהר נאָך „פעיסאָק! קעירעיק!"

## די קאָנקורענטען

צוויי באָיטשיקלעך, איינער א אידישער און דער צווייטער א קריסטליכער, לויפען און יאָגען איינע די אנדערע. זיי לויפען ביידע פאר ביזנעס און איינער פון צווייטען וויל אויסכאַפּען פרנסה.

זיי לויפען ביידע צוזאַמענגנעמען חמץ צו פארברענען. דער אידישער באָיטשיק האָט שוין דערויף חזקה פון פאר־א־יאָהרען און דער קריסטליכער שייגעצעל איז געוואָרען זיין קאָנקורענט.

אידישע חברים האָבען איהם דערצעהלט א מעשה, אז מען קען דערביי מאכען א פּאָר סענט און ער האָט דערצו חשק באקומען.

דער שייגעציל איז דער שבת־גוי'טשיק אין יענע נאכבאר־שאפט. ער לעשט אוים פרייטאָג נאכט די געזען אין אידישע הייזער, מאכט ווינטער די אויוועגס און נעמט אראָפּ די לייכטער. אלע אידישע שכנים קענען איהם ביים נאָמען און ער איז איבעראל א שטיקעל בן־בית.

זיי לויפען ביידע, די צוויי קאָנקורענטלאך, פון הויז צו הויז און קלאַפּען אין די טירען. „חמץ צו פארברענען, איין סענט;" — שרייט אוים דער אידישער באָיטשיק. „קאָמען טו בוירן אַפּ, וואָן סענט!" — שרייט איהם איבער דער שייגעצעל. מאנכע גיבען א שאָו דעם קליינעם שבת־גוי'טשיק, ווייל מען דארף צו איהם אָנ־קומען און מאנכע זאָגען, אז אָן יעקב'ן איז מעהר מצוה ווי אָן עשו'ן און דער אידישער באָיטשיק קריגט דעם „דזשאב".

די צוויי קאָנקורענטלאך קוקען איינע אויף די אנדערע מיט פאראכטעטע בליקען און זיי שטעלען קולאקעס איינער געגען צווייטען. מאכען א פייט איז קיין צייט ניטאָ און מען לעגט עס אָפּ אויף שפּעטער.

די חמץ־פארברענער זאמלען אָן א היבשען סטאָס מיט בדיקת חמץ לעפעל. איינער לעגט אויף א פייער ביי איין סיידוואָק א

דער צווייטער גענענאיבער און זיי ווארפען אריין זייערע לעפעל מיט חמץ און פארברענען זיי אויף אש.

און בשעת מעשה קוקען די באיטשיקעס איינע אויף די אנ־דערע מיט בליקען פון קנאה און שנאה און ווען עס וואלט מעגליך געוועז, וואלטען זיי איינע די אנדערע אין פייער אריינגעווארפען.

א קאטאוועס איז דאס, אויסכאפען פרנסה, אוועקנעמען פדיון!

פארטיג מיט דער ארבייט, לויפען די קאנקורענטלאך אריין אין א קענדי סטאר, קויפען לאלא־פאפס של פסח, און לעקענדיג די לאלי־פאפס געהען זיי ארוים אין סטריט און פאנגען אן צווישען זיך א געשפרעך.

— האו מאטש דיד יו מעיק?

— טוועגטי סענטס.

— יו אר איי לייער.

דאס איז ניט קיין פריינדליכער שמועס. זיי זוכען נאר אריינצוברענגען איינער דעם אנדערען אין כעס, אום צו האבען א געלעגענהייט אנצופיהרען א פייט.

און דאס וואס זיי ביידע ווילען, דאס וואס זיי קוקען אויס, קומט.

שטעהען זיי די הענד אין די קעשענעס, קוקען זיך אן ווי שטרייטענדע העהנער און הויבען אן באליידיגען איינע די אנ־דערע, ביז ענדליך ווארפען זיי אראפ די רעקלאך, און הויבען זיך אן „פאנטשען" אויפ'ן הויכען שטייגער.

דער אידישער אינגעל געהט ארוים דער זיגער און געהט אוועק העכסט צופרידען מורמלענדיג: „אי געיוו הים איי ליקינג".

און אידישע צושויער באמערקען דערביי:

„דער קליינער משה'לע האט געשלאגען דעם קליינעם פרעה'לע מיט צעהן מכות".

## דער לוסטיגער פעדלער.

ער שטעהט אויפ'ן קארנער און פארקויפט הגדות של פסח. איהר קריגט ביי איהם פארשיידענע הגדות: „פליינע", מיט עברי־טייטש און מיט ענגלישער איבערזעצונג.

נאָך זיינע קליידער זעהט מען אז ער איז ווייט פון צו זיין א נגיד, אָדער אפילו א שטיקעל בעל הבית און אָן זיין פנים דערקענט מען, אז ער איז ניט קיין גרויסער גבור, און עס פעהלט איהם דער ארטיקעל וואָס מען רופט „געזונד".

אָבער ער איז ניט קיין פארשלאָפענער אידעל. ער איז פרעהליך, לוסטיג, טאָקי אזוי ווי אן ערב־קעניג וואָס ערוואַרטעט קירצליך צו באשטייגען דעם טראָן.

ער וויצעלט זיך, זינגט און זאָגט גראַמען, אזוי ווי ער זאָל שוין האָבען געטרונקען די ארבע כוסות. אין אמת'ן אָבער איז א גרויסער ספק, אויב ער וועט צו די סדרים אויך האָבען ארבע כוסות פון וויין. עס איז מעהר צו גלויבען אז ער וועט עס אָפּ'פטר'ען מיט ביליגען מעד.

פארבייגעהער שטעלען זיך אָפּ נעבען איהם, אויב ניט קויפען אן הגדה, איז הערען זיינע ווערטלאך:

„קויפט הגדות א לעצטען סטאָק,
מיט „פיקטשעס" פון די בני ברק,
מיט פרעה און די ארבעה בנים,
און ר' יהודה מיט די סמנים".

אָט אזוי זינגט דער אידעל מיט א פרעהליכען ניגונ'דעל, קנאַקט צו מיט די פינגער און טופּעט מיט'ן פוס אזוי ווי א בדחן אויף א חתונה, און מענער און פרויען, בחורים און מיידלאך שטעלען אָן מויל און אויערען און הערען זיך צו.

און ניט איהם אימיצער צו לייזען פאר אן הגדה, זינגט ער זיך אָפּ פאָלגענדען זמר'ל:

„אייך די הגדה,
מיר די קניידלאך,
אייך די בחורים —
מיר די מיידלאך".

א ציקאַווער איד. א איד וואָס באזיצט א מרה לבנה און מאַכט זיך לוסטיג, אין דער צייט וואָס ער האָט פּיליכט געדאַרפט וויינען.

ער האָלט הפנים פון ווערטעל: „הוליע קבצן!"

אפילו זיין קרעכץ איז אויך אויסגעמישט מיט א שמייכעל, מיט א געלעכטער. א האַלבער סדר — דערציעהלט ער פאר די

פאַרזאַמעלטע אַרום איהם — איז ביי מיר שטענדיג פאַרטיג. מרור און כורך, ביטערנים און איבערגעלעגטע צרות פעהלט מיר קיינמאָל נים. מכות זיינען אויך דאָ. ארבע בנים, פיער באַי־טשיקעס, האָב איך אויך, וואָלט אַזוי געווען כהא לחמא, ברויט, פאַמפּערניקעל, ווי קיין עסערס פעהלען ב"ה נים.

ווען די זון הויבט אָן אונטערגעהן, פאַרמאַכט ער זיין קרעמעל און „נאָו מאָר ביזנעס". גיט איהם אפילו א רענדעל פאַר אַן הגדה, וועט ער אייך אויך ניט פאַרקויפען נאָכדעם ווי די זון פאַרגעהט. „גענוג" — זאָגט ער — „יום טוב. ערשט דאַרף מען געהן אהיים און זיך צוגרייטען צום סדר, צו דער מלוכה. א ביסעל קליינגעלד איז דערוויילע דאָ אין אוצר המלך און ווייטער איז נאָט א פאַטער."

און ער לאָזט זיך געהן מיט שנעלע טריט און ווערט שנעל פאַרשוואונדען פון די אויגען וואָס קוקען איהם נאָך.

## א שיקסע ווייסט ניט פון מרור.

ר' לייזערקע דער שוחט איז א פרומער איד פון אַלטען דור, וואָס היט אָפּ דעם שלחן ערוך מיט אַלע פּינקטליכקייטען. דער נאָמען „שוחט" אליין איז שוין א גוטע גאַראַנטי, אַז ער איז א כשר'ער איד און א מדקדק במצוות. דאָך איז איין מאָל פּסח צום סדר ר' לייזערקע געשטרויכעלט געוואָרען אין אַן עבירה — ער האָט געמאַכט א ברכה לבטלה.

ר' לייזערקע איז א איד א בעל הבית. פאַרוואוינט א שעהנעם וואוינונג און האַלט א פוילישע שיקסע פאַר א דינסט. אויף אַן ערלית'טע, זאָגט ר' לייזערקע קאָן מען זיך מעהר פאַרלאָזען מיט כשרות און מיט אָפּהיטען מילכיגס מיט פליישיגס ווי אויף די היינטיגע אידישע מיידלאַך. איבערהויפּט זיין שיקסע, זאָגט ער, איז, להבדיל, א גאַנצע רבי'צין און זי איז אַזוי „פּריטיקלע" אין כשרות, אַז מען דאַרף גאָר ניט בעסער.

איין מאָל פאַר'ן ערשטען סדר, ווען ר' לייזערקע איז אוועקגעגאַנגען אין שול דאַווענען מעריב, האָט ער אָנגעזאָגט זיין אידענע, אַז זי זאָל הייסען דער שיקסע צורייבען חריין אויף מרור און עס זאָל שטעהן צוגעדעקט, כדי די ביטערקייט זאָל ניט אויסוועבען, אַזוי ווי

דער דין איז. אַמאָל פֿלעגט ר׳ לייזערקע אַליין האַלטען פֿון דער מצוה פֿון אָנרייבען חריין צו די סדרים, אָבער אין די לעצטע יאָהרען האָט ער באַקומען אַ שוואַכליכע האַרץ, הוסט זעהר אָפט און דער שטאַרקער ריח פֿון חריין איז פֿאַר איהם שעדליך. ער האָט דאַרום דיזען דזשאָב אויפֿגעגעבען און ער איז יוצא מיט אכילת מרור אַליין.

ר׳ לייזערקע איז געקומען פֿון שול און געפּראַוועט דעם סדר מיט אַלע דינים, כוונות און דקדוקים.

געקומען צו „מרור”, האָט ר׳ לייזערקע פֿאַנאַנדערגעשפּרייט אַלע פֿינף פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנד און אָנגענומען אַ היבשע ביסעל מרור פֿון טעלער, צוזאַמענגעקנאָטען אַזוי ווי אַ בולקעלע, באַטראַכט אויב עס איז פֿאַראַן אַ פֿולער כזית, איינגעטונקט אין חרוסת, זיך געציִעלעוועט און געציעלעוועט, אַ מאַך געטאָן די ברכה „על אכילת מרור” און אַריינגעכאַפּט די קניידעל אין מויל. און ווען די מרור־קניידעל איז שוין געווען ביי איהם אין מויל, האָט ר׳ לייזערקע געהאַלטען ביידע הענט גרייט נעבען די ליפּען צו פּייטען דעם הוסט וואָס ער האָט ערוואַרטעט, אַז ער וועט קומען. אָבער ניט ער האָט געהוסט, ניט עס איז איהם טרערען אַרויס פֿון די אויגען און ניט עס האָט איהם אָנגעהויבען אַרען, ווייל דער מרור איז ניט געווען ביטער, נאָר זיס, טאַקע ממש זיס.

„חייקע”, האָט זיך דער שוחט אָפּגערופֿען צו דער שוחט׳קע, „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין חריין ? עס איז דאָך זיס אַזוי ווי לאַקריץ ?“

„זיס ?” האָט חייקע פֿאַרוואונדערט געפֿרעגט, „אפשר האָט די נאַרישע שיקסע אַריינגעטאָן צוקער, אַ קשיא אויף אַן ערלית־טע ?” מען האָט גערופֿען די דינסט און איהר געפֿרעגט, אָבער זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט נאָר געטאָן וואָס די באַלעבאָסטע האָט איהר געהייסען, אָבער זי האָט אין די „וועדזשעטייבל” קיין זאַך ניט אַריינגעטאָן, און ר׳ לייזערקע מיט זיין ווייב האָבען ניט גע־קאָנט פֿאַרשטעהן וואָס דאָס זאָל באַדייטען.

אַ ביסעל שפּעטער איז די זאָנדערבאַרע געהיימניס ענטדעקט געוואָרען. מען האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז אָנשטאָט די חריין האָט די שיקסע נאָר צוריבען אַ פּאַסטערנאַק, וואָס די באַלעבאָסטע האָט אָנגעגרייט אויף צימעס. ר׳ לייזערקע האָט דערביי באַמערקט :

„אפנים, אז מרור איז נאר א אידישע זאך און ערלים ווייסען דער־
פון ניט".

דער פרומער שוחט האט געהייסען אנרייבען אמת'ע חריין און
ער האט די מצוה פון עסען מרור מקיים געווען, אבער ער האט
זעהר פיעל עגמת נפש געהאט, וואס ער האט געבראכט די ברכה „על
אכילת מרור" אויף פאסטערנאק.

## פארלאנגט א „מלך".

אין אן ענגלישע קאונטרי צייטונג איז פאר פסח ערשינען
פאלגענדע אנאנסע:

„פארלאנגט א דזשואיש ראבאי פאר א גוטען דזשאב". דער־
ביי איז געווען אנגעגעבען א נאמען פון א פרוי און איהר אדרעס.

א תלמוד תורה מלמד פון א דערבייאיגע שטעדטעל האט ער־
פאהרען פון דיזער אנאנסע און ער איז אוועק אויף דעם אנגעגעבע־
נעם אדרעס. ער האט דארט געטראפען א רייכע הויז און אן
לטערע פרוי איז איהם ארויס אנטקעגען. דער מלמד האט איהר
געזאגט וועגען וואס ער איז געקומען און די פרוי האט איהם דע־
צעהלט אין דייטש, אז זי איז א אידישע טאכטער, אן אלמנה, און
זי דארף א ראבאי וואס זאל פסח פאר איהר און איהרע קינדער
מאכען דעם סדר. זי האט איהם ערקלערט, אז פריהער האט זי גע־
וואוינט אין ניו יארק און זי פלעגט פסח געהן צו א פריינד וואס האט
גוט פראווען די צערעמאני, אבער דא מוז זי עקסטרא דינגען א
מענשען וואס טויג זיך דערצו. זי האט פאר דעם דזשאב אנגעבאטען
פינף דאלער.

דער מלמד האט זיך מיישב געווען, אז דאס איז פאר איהם א
גוטער עסק. עסען און טרינקען וועט מען דאך מסתמא דארט
געבען כיד המלך. פאר כשרות איז אויך ניטא וואס מורא צו האבען.
ווי באלד אז זי איז א פרוי וואס דינגט עקסטרא א סדר פראווער, איז
מסתמא ביי איהר אלעס פסח'דיג, און א פינפעריל וועט ער אויך
כאפען, הײנט פאר וואס דען ניט? און ער האט דעם דזשאב אנ־
גענומען מיט די פארזיכערונג, אז ער וועט איהר פראווען סדרים
אויפ'ן בעסטען אופן.

צום ערשטען סדר איז דער מלמד אוועק צו דער דייטשער,

רייכער אַלמנה פּראוועו די מלוכה. ווען ער איז געקומען אין הויז, האָט ער דערזעהן, אז אויפ'ן טיש ליגט ברויט, זעמעל, קייק און אנדערע מיני חמץ און ער איז אַן אויפגעציטערטער געוואָרען.

„וואָ זינד די מאַצאָס? דאס מעער רעטיך (חריין) אונד די כאַרייסאָס?" האָט די פרוי א פרעג געטאָן. „האבען זי עס ניט מיטגעבראכט? וויר האבען ניכט זאָלכע זאכען ביי אונז צו הויזע".

דער מלמד האָט עס דערהערט האָט ער געכאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און איז אַנטלאָפען אהיים און געפּראוועט דעם סדר ביי דער מיסיס וואו ער האָט געוואוינט.

# חד גדיא, חד גדיא!

(א פסח דראמא, אויפגעפיהרט פון א יונגע פאר פאלק).

זיי האבען געהייראט אוים ליעבע.

זי איז געווען א יונג צוציקעל, א קאקעטקע, וואס פלעגט שטעהן ביים שפיגעל און פוצען זיך און פאודערען זיך, כדי געפעלען צו זיין די „פעלערם"; אבער צו זיין א באלעבאסטע האט זי ניט געקאנט און ניט געוואלט קאנען. געהייסען האט זי סיידי און איז געווען ניט מעהר ווי א יונגע ציעג, א חד גדיא, חד גדיא.

ער האט געהייסען בעני. האט ער זיך באקאנט מיט סיידי'ן און זיך פארליעבט אין איהר שעהן פנים'על און איהר הויך פאר־קאמטע פאמפאדור. האט בעני געזאגט צו סיידי'ן:

„דו ביזט מיין איינציגע קוצעניו־מוצעניו. דו ביזט דהי אנלי סוויטהארט אין דער וועלט. דו ביזט די איינציגע וואס איך ליעב און וועל ליעבען אימער און עוויג. דו ביזט מיין לעבען, מיין נשמה, מיין איינציגע חד גדיא, חד גדא".

און סיידי האט איהם דארויף געענטפערט:

„דו ביזט אויך מיין איין און איינציגער קוצוצו־מוצוצו. דו ביזט מיין ליעבינקער און גוטינקער מלאך'ל. נאר דו אליין פאר־נעהמסט מיין הארץ. איך וועל קיינמאל ניט אויפהערען צו ליעבען דיך און דו וועסט אויף אימער פארבלייבען מיין איינציגער חד גדיא, חד גדיא".

האבען די צוויי קוצעניו־מוצעניום זיך געליעבט און געליעבט, איבערגע'חזר'ט דעם פזמון פון „חד גדיא" טויזענדע מאל און ענד־ליך האבען זיי מיט מזל התונה געהאט א קורצע צייט פאר פסח, ווען מען האט זיך גערוכט פראווען א סדר און זאגען חד גדיא, חד גדיא.

האט דער יונגער באלעבעסיל א טאג פאר ערב פסח איינגע־קויפט אייער, פסח'דיגע שמאלץ און אנדערע מכשירים אויף פסח. ער האט דארויף אויסגעגעבען די לעצטע פאר דאלער וואס איז איהם פארבליבען נאך דער התונה, און האט געוואלט, אז זיין „מלכה"

זאָל מאַכען פּעטע קניידלאַך לכבוד יום טוב און לכבוד זייער ערשטע „מלוכה”. האָט דאָס געפיהרט צו א סקאַנדאַל צווישען סיידי און איהר חד גדיא, חד גדיא.

ואָתא שונרא — איז ערב פּסח געקומען א קאַץ א נאַשערקע, האָט זי דערשמעקט, אַז די יונגע מיסיס איז א גרויסע שלים־מזל־ניצע, וואָס האָט איבערגעלאָזט די שמאַלץ אין קיטשען אָפּענדעקט און מען קאָן עפּעס א נאַש טאָן בעת זי, די מיסיס, פּאַרעט זיך מיט איהר פּאַמפּאַדור אין פראָנט־רום, האָט זי אריינגעשטעקט איהר קעצישען שנוק אין טעפּעל און איהם ארונטערגעוואָרפען צוזאַמען מיט דער שיסעל מיט אייער וואָס איז דערביי געשטאַנען און א גרויסע פּרעזשניצע האָט זיך צוגאָסען אויפ׳ן פלאָר. סיידי האָט ניט געוואוסט פון קיין פּותר חלום און זי האָט זיך אזוי לאַנג פּאַרזאַמט אין פראָנט־רום ביז דער בראַטען וואָס איז געשטאַנען אויפ׳ן אויווען איז פאַרברענט געוואָרען אויף קויהל. בכן, איז שוין געווען אויס קניידלאַך, אויס בראַטען און פאַר דער „מלוכה וועטשערע” איז בלויז פּאַרבליבען די הגדה מיט׳ן חד גדיא, חד גדיא.

ואָתא כלבא — איז בעני געקומען אהיים הונגעריג ווי א כלב. האָט ער אָפּגעכאַפּט די שטיקעל הגדה און געהייסען סיידי׳ן דערלאַנגען עסען. האָט איהם סיידי דערצעהלט די מעשה מיט דער קאַץ די נאַשערקע און פון דעם „עקסידענט” מיט׳ן בראַטען. האָט עס איהם פאַרנומען ביים הארצען און ער האָט זיין „מלכה” אָנגעהויבען צאָהלען א פּאַרציע. פון כעס איז ער געגאַנגען „הגבה” מיט א פּאָר טעלער, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ׳ן טיש און זיי געוואָרפען אין קאָפּ פון זיין חד גדיא, חד גדיא.

ואָתא חוטרא — האָט סיידי געכאַפּט דעם ברום און האָט אָנגעהויבען איינטיילען עשר מכות צו איהר „מלך”. „אַז מען הייראַט אויס ליעבע — האָט זי גע׳טענה׳ט — דאַרף מען ניט קעהרען פאַר אזעלכע קליינינגקייטען ווי עסען”. זי האָט געקוויטשעט, געליאַרעמט און געזונגען מיט אַן אנדער ניגון דעם אמאָליגען חד גדיא, חד גדיא.

ואָתא נורא — האָט זיך דער באַלעבעסיל אָנגעצונדען ווי א פייער. ער האָט זיך ארומגעזעהן, אַז עס איז אין גאַנצען געווען א מקח טעות, אַז זיין קוצעניו־מוצעניו איז אי א שלים־מזל׳ניצע, אי א גרויסע מרשעת. האָט ער איהר אָנגעהויבען געבען א קנעפּעל

רעשטע און עס איז צווישען זיי געוואָרען א גאַנצע חד גדיא, חד גדיא.

ואָתא מיא — האָט בעני געכאַפּט א שיסעל פּאָמעניעס וואָס איז נאָך געשטאַנען אויפ׳ן וואַש־טאָב פון נעכטען און דערמיט אָפּ־געפליוכעט סיידי׳ן. האָט זי געמאַכט געוואַלדען אין הימעל, אז שכנים זיינען געקומען צולויפען אין מיטען חד גדיא, חד גדיא.

ואתא תורא: האָט זיך סיידי אוועקגעלעגט אויפ׳ן לאָנדזש און אָנגעהויבען רעווען ווי אַן אָקס. דאַן האָט זי כלומר׳שט אָנ־געהויבען חלש׳ן און האָט פארגלאָצט די אויגלאַך אזוי ווי א גע׳פגר׳טע חד גדיא, חד גדיא.

ואתא מלאך המות: איז אָנגעקומען בעני׳ס שווינער, ווע־מען מען האָט אָנגעזאָגט וואָס צווישען איהם און סיידי׳ן טוט זיך. איז די אלטע אריינגעקראָכען מיט איהרע נעגעל אין בעני׳ס פנים און איהם געוואָלט צורייסען ווי א הערינג. אָבער דער באַלעבעסיל האָט זיך ניט געלאָזט שפּייען אין דער קשיא און איהר געציינט, אז ער איז ניט קיין יעקעלע נאַר, אז ער איז ניט קיין חד גדיא, חד גדיא.

ואתא הקדוש ברוך הוא — וואָס טוט גאָט? געהט בעני אויף מאָרגען, פארנעהמט זיין ווייבעל׳ס דזשולערי און זיין פּעקעל מיט׳ן זעקעל און מאכט א ויברח. מען ווייס עד היום ניט וואו ער אהינגעקומען און סיידי זיצט אן עגונה און טרויערט נאָך איהר קוצעניו־מוצעניו, נאָך איהר חד גדיא, חד גדיא!

# הגדה פאר אמעריקאנער ווייבלאך.

הדש: אויף פסח און אויף אלע ימים טובים מוז זיך די ווייב באנייען מיט א קלייד און א העמ.

ורחץ: אויסוואשען און אויסקלינען די ניט לאנג גענעהטע קלייד, טויג נים.

קארפעט: זי מוז האָבען קארפעט אין פראָנט רום, אנ־דערש פאסט איהר נים.

יעכאץ: ווי עס קומט פסח צייט הויבט זי אָן קנעלען מיט'ן מאַן וועגען פאָהרען אין קאָונטרי.

מגיד: טאָמער זאָגט ער איהר, עס איז שלעכטע צייטען און מען וועט זיך באגעהן אזוי, נו, נו...

מוציא: איהר זאָלט אפילו זיין מיט צעהן קעפ, קענט איהר פאר איהר נים יוצא זיין.

מרור: זי פארביטערט אייך אייער לעבען און עס איז צעהן בראָכען צו אייך.

קרח: איהר דארפט האָבען קרח'ס אוצרות נאָכצוקומען אלע איהרע משונעת'ן.

צפון: ווען איהר גיט איהר ניט נאָר די שמד, באהאלט זי דעם קאָפּ אין קישען און וויינט אויף איהר מערכה.

הלל: איהר דארפט דאנקען און לויבען גאָט, אבי זי לאָזט זיך איבערבעטען.

נארטזי: אויב איהר זייט אן עקשן און זי קען מיט אייך נים אויספיהרען, בלאָפט זי אייך, זי נים אוים געלד אויף שמאטעס און זאָגט, אז עס קאָסט א ליטל נאטינג.

---

כהא: אזוי ליידען בעלי הבית'לאך וואָס פאלען אריין צו יענקעוואטע ווייבלאך, די אכלו, וואָס עסען אוים ביי זייערע מע־נער שטיקער הארץ צוליב דער פינסטערע מאָדע. כל דצריך, צי מען דארף, צי מען דארף נים, מוז מען קויפען נייע קליידונג און פאָרניטשור, ווייל די אלטע זיינען ארוים פון סטייל. חשתא הכי,

היי־יאָהר זיינען אין סטייל אזעלכע פארלאָר סעטס, אזעלכע סייד באָארדס, אזעלכע שפיגלען; לשנה הבאה, ביז איבער א יאָהר, וועלען ווערען אנדערע סטיילס, וועט מען די אלטע דארפען פאר־קויפען אין א סעקאָנד הענד פאַרניטשור סטאָר און אריינגעהמען נייע, און אויב עס וועט ניט זיין קיין געלד, וועט מען מוזען נעהמען אויף אינסטאלמענטס.

(דאָ פרעגט דער בעל חבית׳ל ביי זיין ווייבעל פיער קשיות):

מה נשתנא: וואָס איז דאָ פאר א מין איבערקעהרעניש? שבכל הלילות, אין דער היים פלעגען ווייבלעך זיצען ביי נאכט און פליקען פעדערען אָדער צירעווען זאָקען, און דאָ ווילען זיי געהן אין טעאטער, אויף בעלער אָדער אין דער אָפערא.

שבכל הלילות: אלע ווינטער נעכט פלעגען ווייבלאך זי־צען ביים הרובע און ווארימען זיך און זיי האָבען זיך נאָר גע־קוויקט, און דאָ איז זיי אָן אויווען ווייניג און זיי ווילען סטים היט.

שבכל הלילות: אלע נעכט פון א גאנץ יאָהר פלעגט מען אין דער היים שלאָפען אין א הילצערנע בעט אויף שטרוי, און דאָ איז מען אפילו מיט אָן אייזערנע אויך ניט יוצא און מען האָט חושק צו ברעס בעטען.

שבכל הלילות: אלע נעכט פלעגט מען אין דער היים מאַ־כען א געלעגער פאר די קינדער אויף ביינקלאך, אויף לאָקשען ברע־טער און מען האָט זיך אלע פאָמיעצשעט אין איין אלקעריל, און דאָ, פיל רומס מען האָט, איז אלעם ענג.

(דער תירוץ איז).

עבדים: דאָ אין אמעריקא איז מען קנעכט צו דער מאָדע. איינע די אנדערע וויל נאָכטאנצען. איינע די אנדערע וויל אי־בערשטייגען, ווייל אין ער לאנד פון גלייכהייט ווילען אָרים און רייך זיין גלייך. ואפילו כלנו חכמים, און כאָטש מיט זיינען ביי זיך ניט פארנארט און מיר ווייסען, אז עס זיינען פאראן פיל זאכען וואָס זיינען איבעריג און מען דארף עס האָבען אויף טוי־זענד כפרות; מצוה עלינו, איז א מצוה צו פארבייסען די ליפען און שווייגען און לאָזען די ווייבער זיי זאָלען פיהרען דעם רעדיל צוליב „ליידים פוירסט”.

מעשה: עס איז געווען א מעשה מיט ציפע דער פעדלערקע,

יאַכנע די פּאַנוואַטע, רייצע די קויהלמאַניכע און יענטע די קורנאַסע; שהיו מסבין, וואָס זיינען געזעסען ביי אַ סטופּ אין טשערי סטריט, והיו מספרין, און זיי האָבען געשמועסט וועגען דיימאַנדענע אוירינגלאַך, פלאַש סעטס, סילקענע קוירטענס, גע־גולטע שפּיגלען און פּיאַנאָס, ביז שפּעט נאָך האַלבע נאַכט. עד שבאו, ביז זייערע מענער זיינען געקומען און זיי געזאָגט, אַז עס איז צייט געהן דייפּערען די בייבים.

אָמר רבּי לייזער הבייסטער: ר׳ לייזער דער בייסטער האָט געזאָגט. הרי אני כבן שבעים, איך בין שוין ב״ה באַלד אַ איד פון זיבציג יאָהר און האָב שוין מיינע צייהן אויפגעגעסען אויף שניידערײַ; ולא זכיתי, און איך האָב נאָך קיינמאָל קיין זכיה ניט געהאַט צו וואָהנען אין אַ שעהנעם וואָהנונג. געזעסען שטענדיג אין אַ כאַלופּקע און אפילו קיין רעכטער ביינקעל איז אין שטוב ניט געווען, און די קינדער מיינע, כאַטש זיי זיינען ערגערע שניי־דער פאַר מיר, פאַרוואוינען זיי אַזוי ווי קיסרים און זייערע ווייבער געהען אָנגעטאָן אין דיימאַנדס, ניט ווייל זיי זיינען רייך, נור ווייל זיי זיינען אין אמעריקא.

ברוך קאָלומבוס: געלויבט איז קאָלומבוס, וואָס האָט ענט־דעקט אמעריקא, וואו מען קריגט אַלעס אויף אָפּצאָהלונג, און אפילו ניט האָבענדיג קן געלד קען מען זיך אַליין אויסשטראָיען און אויספּוצען די הייזער אויפ׳ן שעהנסטען אופן און זיין מיט לייטען גלייך.

צא ולמד: געה לערען זיי שכל, אז עס איז גלייכער אָפּצו־שפּאָרען אַ דאָלאַר, ווי מען זאָגט: אויף אַ רעגענדיגען טאָג, און ניט אויסגעבען געלד אויף לוקססען און אַלערליי נארישקייטען — פּרובט, זאָגט עס אייער אידענע, וועט זי אייך איינצאָהלען אַ פּאַרציע, אַז איהר וועט אנטלויפען אזש קיין גושן.

ביד חזקה: אלו הנשים, דאָס זיינען די ווייבער וואָס כאַ־פּען אריין מיט געוואַלד אַ פּאָר דיימאַנד אוירינגלאַך, אַ סעט פאָר אָדער אַ קאַרפּעט, ביים קאָסטומער פּעדלער אויף וועכענטליכע אָפּצאָהלונג, ווייל זיי זייַען מיט דער מיינונג, דאָס ווען אַן אָרי־מאַן כאַפּט ניט אריין מיט געוואַלד, האָט ער ניט.

ובמורא גדול: טאָמער דריקט אַ ביסעל צו די צייט און עס

איז שווער צו צאהלען, צימערען זיי די פופקעס, מען זאל עס ניט צונעהמען.

ובמופתים: א פרוי זאל טראגען א קלייד אדער א העט צוויי סיזאנס, איז איינער פון די גרעסטע וואונדער אין דער וועלט.

כמה מעלות טובות לקאלומבוס עלינו: קאלומבוס'עס מדינה האט א סך מעלות.

אלו, ווען עס זאל שטענדיג זיין איין סטייל אויף הלבשה און פארניטשור, דיינו.

אלו, ווען סטיילס זאלען געענדערט ווערען איין מאל אין עטליכע יאהר, דיינו.

אלו, ווען סטיילס זאלען זיך בייטען זאגאר אלע וואך, נור אונזערע פרויען וואלטען דערויף ניט געקוקט, דיינו.

אלו, ווען אלע פרויען פון דער וועלט וואלטען חשק געהאט צו מאדעס, נור קיין אינסטאלמענטס ביזנעס וואלטען ניט געוועז, דיינו.

על אחת כמה וכמה, אפשיטא שוין אז סטיילס האלטען לאנג ניט אן און בייטען זיך אלע מאל, און אונזערע פלונית'טעס און טעכטער זיינען אין דעם אריינגעטאן מיט לייב און לעבען, און אינסטאלמענטס פעדלערס זיינע אויך פאראן, ביי וועמע מען קען אלעס קריגע אהן קעש, דארפען מיר געווים העכט צופרידען זיין. אי מען גיט אפט אוים געלד אויף איבעריגע זאכען — וועלל, לכפר על עונותינו, זאל עס זיין א כפרה אויף אונזערע זינד.

### ובכן ויהי בחצי הלילה.

סאסיע, מענדעל דעם אונטער־בינלער'ס, לינט און יאמערט בלילה. איהר דאליע, זאגט זי, איז פינסטער ווי אין סוף חודש בלילה. זי האט ניט קיין דיימאנד אוירינגלאך און שעמט זיך ארויסגעהן צווישען מענשען ביום ובלילה,

### ויהי בחצי הלילה.

גרוניע די סטענד קיפערקע, שיט מיט קללות בלילה. איהר איז נעפעלען א ספרינג העט וואס זי האט געזעהן אין א סטאר נעכטען בלילה. זי וויל שוין פון מאן די ממתקים באותה לילה,

### ויהי בחצי הלילה.

שפרינצע די גראסעריכע טענה'ט צו איהר מאן בלילה: איך

זעה ניט אַן די ליכטינגע וועלט ביום ובלילה, לכן וויל איך א סיל־
קענע דרעס, ווייל איך דארף געהן צו א באָל פסח בלילה.

ויהי בחצי הלילה.

טריינע דער שוסטערקע פארגלוסט זיך א פארלאָר סעט
בלילה. מאכט זי דעם מאַן א קלאָגעדיגע לילה, און עס קומט איהם
אוים כאָטש אנטלויף באמש לילה.

ויהי בחצי הלילה.

פיישע דעם פושקארט פעדלערם מערכה'ניצע פארגלוסט זיך
קאונטרי בלילה, לאָזט זי איהם ניט שלאָפען כל הלילה, כאָטש
נעהם און שיק זי אוועק באותה לילה, ויהי בחצי הלילה.

חד, גדיא, חד גדיא!

א פאָר קיד גלאָווס, א פאָר קיד גלאָווס; דזבין אבא, וואָס
יעדער „פאפ" (מאַן) מוז קויפען פאר זיין ווייבעל אויף פסח.

חד, גדיא, חד גדיא!

ואתה, קומט מאדאם מאָדע און ברייננגט אריין אין מאר־
קעט אן אנדער סטייל גלאָווס, מען מוז שוין קויפען יענע, ווייל
זי וויל ניט טראָגען די, וואָס „פאפ" האָט געקויפט אויף פסח.

חד, גדיא, חד גדיא!

ואתה, קומט ווידער מאדאם מאָדע און טראכט אויס ווייסט־
לאך מיט קורצע סליווס, מען מוז שוין האָבען לאנגע גלאָווס און
מען ווארפט ארוים די נייע וואָס „פאפ" האָט געקויפט.

חד, גדיא, חד גדיא!

ואתא, כאפט זיך אונטער א באָל, מוז העון האָבען ווייסע,
סילקענע גלאָווס און עס טויגען שוין אפילו ניט די לאנגע גלאָווס,
וואָס פאפ האָט געקויפט,

חד, גדיא, חד גדיא!

# מדרש ערב פסח.

ערבי פסחים לא יאכל אדם — די טעג פון ערב פסח דארף א איד הונגערען, ווייל די מיסעס'ען זיינען ביזי און האָבען קיין צייט ניט צו קאָכען אָדער מאכען עפּעס צום עסען.

מאי שנא דתנא ערבי פסחים? — פארוואָס שטעהט עפּעס „ערבי פסחים" און ניט „ערב פסח", אזוי ווי מעז זאָגט ערב יום טוב? מפני שאינו דומה, ווייל ערב פסח איז ניט גלייך צו אן אנדער ערב יום טוב, ערבי ימים טובים אחרים, יעדער ערב יום טוב, אינו נוהג אלא יום אחד, איז בלויז איין טאָג, וערב פסח נוהג כמה ימים, און ערב פסח איז א סך טעג, אין וועלכע מען איז פארלייגט מיט ארבייט און מען איז ביזי ווי קאקרוטשעס.

ומאימתי מתחילין למנות ערב פסח? — פון ווען אָן היבט מען אָן רעכענען ערב פסח? מעשה שהרוכלין נכנתין, פון דער צייט, וואָס די קאָסטאָמער פּעדלער היבען אָן אפּצושלאָגען די שוועלען און פארדולען דעם מח מיט פסח'דיגע אָרדערס.

ומאימתי הרוכלין יוצאין? — ווען הויבען די פּעדלערס אָן ארויסגעהן אָננעהמען ארדערס? אמר ר' רץ, האָט ר' רץ געזאָגט: ממחרת יום הפורים, באלד אויף מאָרגען נאָך דער פורים'-דיגער סעודה. משום שנאמר, ווייל אין פסוק שטעהט: שתו ושכרו דודים, טרינקט און שכור'ט אידעלאך, וסמיך ליה, און באלד נאָך דעם שטעהט: קול דודי דופק, ואין דודי דופק אלא הפעד-לערס, און דודי דופק מיינט מען די פּעלערס וואס געהען אום מבית לבית, פון הויז צו הויז, פון פלאָר צו פלאָר און קלאפּען אין די טירען, ווייל זיי ווילען נעבאך פארדינען אויף יום טוב.

אמר ר' חזרן — האָט ר' חזרן געזאָגט: מניין שחיבין לתן שאו לפעדלער? פון וואנען ווייס איך, אז מען דארף געבען א פעדלער א שאָו? דתנן, מיר האָבען געלערענט: אין לך אדם שאין לו שעה, יעדער אדם דארף האָבען א שעה, אל תקרא שעה, זאָלסט ניט לייענען שעה, אלא „שאָו"; ואין אדם אלא פעדלער, אדם מיינט מען א פעדלער, כדכתיב, אזוי ווי אין פסוק שטעהט:

ואתה בן אדם עשה לך כלי גולה וגלית ממקומך, דו אדם מאַך זיך גלות קליידער און דו זאָלסט אומגעטריבען ווערען פון איין אָרט אויפ'ן אנדערען, און ווער ווערט נאָך אזוי אומגעטריבען און אומגעיאָגט ווי א פעדלער? איז ער א פושקארט פּעדלער, יאָגען איהם אום די פּאָליסלייט; איז א קאָסטאָמער פעדלער, ווערט ער געיאָגט און פארפאָלגט פון די הויז־קיפּערס, ווייל אויף די טירען הענגען סיינס, אז קיין פּעדלערס זאָלען ניט ארייַנקומען.

תניא, מיר האָבען געלערענט, מאי דכתיב, וואָס עס שטעהט אין פסוק: וראית על המשקוף, דו זאָלסט זעהן אויפ'ן אושאק, על דבר זה נצטוו הרוכלין, דאָס איז א פארזאָג צו פּעדלערס, אז זיי זאָלען זעהן וואו עס הענגט א סיין: „קיינע פּעדלערס איז ערלויבט אריינצוקומען” זאָלען זיי יענע הייז ווייכען, ווייל די הויז־קיפּערין, קען זיי אָפּט מקבל פנים זיין מיט א ברום אָדער מיט א פעיל וואסער.

אמר ר' פיישע הרוכל — ר' פיישע דער קאָסטאָמער פּעדלער האָט געזאָגט: עפּרא לפומה של אותו לענדלאָרד, פארשטאָפּט זאָל ווערען דאָס מויל פון יענעם לענדלאָרד, שנועל דלתיו בפני פּעד־לערס, וואָס לאָזט ניט אריין קיין פּעדלערס אין זיינע הייזער, ועושה הסדר ואומר: כל דכפין יתי ויאכל, און ער פּראוועט א סדר און זאָגט אין דער הגדה: ווער עס איז הונגעריג זאָל קומען עסען, ווייל דאָ זעהט מען דאָך באַשיינפּערליך, אז ער איז א בלאָפער, ועליו הכתוב אומר, און אויף איהם זאָגט דער פסוק: אותי עזבו ואת תורתי שמרו, דער רבונו של עולם איז איהם מוחל די הגדה, אבי ער זאָל אָפּהיטען דאָס געזעץ פון מענשהייט: לעבען און לעבען לאסען.

מעשה בלענדלאָרד אחד — עס איז געווען א מעשה מיט א לענדלאָרד, שיש לו הרבה בתים בדאון־טאַון ואפּ־טאַון, וואָס ער האָט א סך הייזער דאון־טאַון און אפּ־טאַון, ואין להם רשות לרוכלין לכנס בהם, און פּעדלערס איז שטרענג פארבאָטען אריינ־צוקומען אין זיי. פּעם אחת בערב, איין מאָל אָנפאנגס אָווענד, ווען די געז אין האָל האָט נאָך ניט געברענט, בא הלענדלאָרד, איז דער לענדלאָרד געקומען אין איינע פון זיינע הייזע־, ולא הכירה בו ההויז־קיפּערין, און די הויז־קיפּערקע האָט איהם אין דער פינסטער ניט דערקענט; וכיון שהגיע לפּרוזדור, ווי נאָר ער איז

אריין אין האָל, שפכה קיתון על פניו, האָט זי געמיינט, אז דאָס איז א פעדלער און איהם אפגעפליוכעט מיט א טאָפּ פאַמיניעס.

כשהגיעו הדברים לאזני הפדלערם, אז פעדלערס האָבען זיך דערפון דערוואוסט, ענו ואמרו פה אחד, האָבען אלע ווי איין מאן אויסגעשריען: כן יאבדו, אזא מפלה זאָלען זיי, די לענדלאָרדס אלע האָבען.

תנן התם — דאָרט אין די איסט סייד האָבען מיר געלערענט: אין בין ערב פסח לשער ערבי ימים טובים, עס איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישען ערב פסח און אנדערע ערבי ימים טובים; אלא שיעבוד מלכיות בלבד, נאָר דאָס וואָס ערב פסח מוז מען זיין פארשקלאפט ביי די מלכה'ס, העלפען זיי פאַ־קען זיך אין הויז, פאָלגען א גאנג און אונטערטראָגען די באָנדלאָך וואָס זיי קויפען איין.

דרש ר' גרונם השניפעשקאָי, — ר' גרונם דער שניפעשאָקער האָט גע'דרש„ענט: מאי דכתיב, דאָס וואָס שטעהט אין פסוק: להיות כל איש שורר בביתו, יעדער מאנסביל זאָל זיין בעל הבית אין זיין הויז, המקרא הזה, דער דאָזיגער פסוק, לא נאמר, איז ניט געזאגט געוואָרען, אלא עד פורים, נאָר ביז פורים, מכאן ואילך, פון פורים אָן אָבער ביז פסח, ווערט דער מאן א פאַנטאָפעל ביי דער אידענע און ער מוז זיך לאָזען פיהרען ביי דער נאָז.

אמר ר' בונם — ר' בונם האָט געזאגט: מאי דכתיב, וואָס עס שעהט אין פסוק: מלך אסור ברהטים, דער מלך איז איינגע־בונדען אזוי ווי די קוקלעס אין די מיידעלשע פאַמפּאדורס, דבר זה נאמר, די דאָזיגע זאך איז געזאָגט געוואָרען, על האנשים העתידים להיות מלכים, אויף אלע מענער וואָס ערוואַרטען צו זיין מלכים ביים סדר; אָבער ביז די גדולה קומט, מוזען זיי א פּאָר וואָכען זיין פארשפארט אין הויז, שנאמר, ווייל אין פסוק שטהעט: ואתם לא תצאו איש מפתח ביתו, קיינער טאָר פאַר פסח ניט ארויסגעהן פון הויז, שמא תצטרך לו אשתו, טאָמער וועט איהם די פלונית'טע דארפען ערגעץ שיקען אָדער הייסען עפּעס טאָן.

תני ר' פייוויש שלאק, ר' פייוויש שלאק האָט געלערענט: מי שאשתו ארור־ה, ווער עס האָט א ווייב אן ארורה, וצא בה כדי מרור, איז ער יוצא מיט מרור, דכתיב, ווייל אין פסוק שטעהט: ומוצא אני מר ממות את האשה.

תניא, מיר האָבען געלערענט: כל אחד מישראל, יעדער איד, חיב בארבע כוסות ובלביבות, דאַרף טרינקען פיר כוסות און עסען קניידלאך. בן שיאנו יודע לשאול, א זוהן וואָס קען ניט אָדער וויל ניט פרעגען די פיר קשיות, ואפילו אם הוא גדיל, אפילו ווען ער איז שוין א גרויסער און ער מאכט חוזק פון גאנצען טאַראַראַם, אביו חיב למזוג לו כוסות ולהאכילו לביבות, דאַרף איהם דער פאָטער געבען טרינקען כוסות און קאָרמענען איהם מיט קניידלאך. למזוג לו מאי טעמא? פאַרוואָס דאַרף מען אזעלכען געבען כוסות? פליגי בה תרי תנאי, קריגען אין דעם צוויי תנאים; חד אמר, איינער זאָגט: כדי שלא להטיל קנאה, כדי ער זאָל ניט בייז ווערען און אָנמאכען סקאַנדאַלען; וחד אמר, און איינער זאָגט מקרא מפורש הוא, דאָס איז א בפרוש'ער פסוק, שנאמר, עס שטעהט אין פסוק: שתה גם אתה והערל, כאָטש דער זוהן איז א גוי'עץ דאַרף מען איהם אויך געבען טרינקען כוסות.

מאכילו לביבות מאי טעמא? פאַרוואָס דאַרף מען איהם נאָך געבען קניידלאך? אמר ר' שלומאיל, האָט ר' שלומיאל געזאָגט: כדי שלא יבעט בסדר, כדי ער זאָל ניט ארויסשפּרינגען פון די האַלאַבלּיעס און אוועקגעהן עסען אין א גוי'אישען רעסטאָראַנט.

דרש ר' ברכיה — ר' ברכיה האָט גע'דרשנ'ט: כנסת ישראל נמשלה לאפיקומן, די אידען זיינען גלייך צום אפיקומן; מה אפיקומן, אזוי ווי דער אפיקומן, דבר המותר הוא, איז דאָך אָן איבעריגע זאַך, פון וועלכע מיר זיינען ניט אזוי שטאַרק צופרידען, פון דעסטוועגען עקזיסטירט ער שוין טויזענדער יאָהרען; כך ישראל, אזוי איז דאָס פאָלק ישראל, כאָטש זיי זיינען ביי די אומות העולם פאַררעכענט פאַר אָן איבעריגע זאַך און זיי האָבען זיי ליב ווי פעפער אין נאָז, פון דעסטוועגען עקזיסטירען זיי און וועלען עקזיסטירען. וזהו אפיקומן, און דאָס מיינט דאָס וואָרט אפיקומן — „אף יקומון”, אידעלאך האָבען געהאט א קיום און וועלען האָבען א קיום לעולם ועד, אמן.

# מסכת קניידלאך.

אור לארבעה עשר — די נאכט פון פיערצעהנטען ניסן, בודקין את הקעשענעס, דארף מען אויסטרייסלען די קעשענעס און זעהן אויב עס איז נאך פארבליבען עפעס קליין־געלד. אם מצא, אויב ער האט עפעס געפונען, יאמר על הנסים, זאל ער זאגען על הנסים, ווייל ערב פסח זאל פארבלייבען א פאר סענט, איז א נס מן השמים.

תניא — מיר האבען געלערענט: מפני מה קורין שמו ניסן? פאר וואס רופט מען דעם מאנאט וואס געפאלט פסח, ניסן? אל תקרי ניסן אלא נתן, זאלסט ניט לייענען ניסן, נאר נתן; על שם הנתינה, ווייל דיזען מאנאט דארף מען נאר האלטען די הענט אין די קעשענעס און געבען געלד גאר אהן א סוף: אויף קליידער, אויף ספרינג העטס, אויף מצה, אויף וויין, אויף כוסות, אויף חרוסת און אנדערע הצטרכות.

דרש ר' גרשון הלבלר — ר' גרשון דער שרייבער האט גע־דרש'נט: מפני מה נקרא ראש חדשים? פארוואס רופט מען דעם חודש ניסן דער עלטסטער פון די חדשים? מפני שהוא מיצר לישראל, ווייל ער מאכט די אידען ענג אין די קעשענעס, וכל המיצר לישראל נעשה ראש, און דער וואס דריקט צו אידען ווערט אן עלטסטער, שנאמר, אין פסוק שטעהט: היו צריה לראש.

ר' טודרוס איש קאפאוליע אמר — ר' טודרוס דער קאפוילער האט געזאגט: כדאי הוא אותו יום טוב, דער יום טוב פסח האט פארדינט, שיאבדו על ידו כמה וכמה זהובים, אז ער זאל אונז קאסטען עטליכע דאלער, בשביל הלביבות שאנו אוכלין בו, צוליב די קניידלאך וואס מיר עסען אין איהם, שאלמלא זכות הקניידלאך לא היו ישראל נגאלין ממצרים, ווייל ווען ניט דער זכות פון די קניידלאך וואלטען די אידען ניט איסגעלייזט געווארען פון מצרים, שנאמר, אין פסוק שטעהט: לבבתני אחותי כלה, אמר הקדוש ברוך הוא, דער אויבערשטער האט געזאגט צו די כנסת ישראל: בשביל הלביבות שאת עושה בפסח, צוליב די קניידלאך וואס דו

מאכסט אום פסח, חשובה את בעיני כאחות וככלה, ביסטו ביי מיר פאררעכענט אזוי ווי א שוועסטער און אזוי ווי א כלה.

תני ר׳ מאיר השניפישקאי — ר׳ מאיר דער שניפישאקער האט געלערנט: הכל חייבין בלביבות, אלע זיינע מחויב צו עסען קניידלאך אום פסח; ואפילו נשים, אף על פי שפטורות מהגדה חייבות בלביבות, און אפילו ווייבער, כאטש זיי זיינען פטור פון הגדה, אבער קניידלאך עסען זיינען זיי מחויב.

נשים פטורות מהגדה מאי טעמא? — פארוואס זיינען ווייבער פטור פון הגדה? אמר ר׳ מאיר, האט ר׳ מאיר געזאגט: מקרא מפורש הוא, עס איז א בפירוש׳ער פסוק, שנאמר אין פסוק שטעהט: והגדת לבנך, דו זאלסט זאגען די הגדה מיט די זיהן, אבער ניט מיט די טעכטער. ואיבעית אימא, און אויב דו ווילסט וועל איך דיר זאגען אן אנדער טעם: מפני שנשים דין שעתן, ווייל פאר ווייבער איז געגוג וואס זיי פלאפלען א גאנץ יאהר, דארפען זיי כאטש צום סדר שווייגען.

נשים חייבות בלביבות מאי טעמא? — פארוואס זיינען ווייבער מחויב צו עסען קניידלאך? והרי לביבות מצות עשה שהזמן גרמא היא, ומצות עשה שהזמן גרמא נשים פטורות? קניידלאך איז דאך א מצוות עשה וואס די צייט איז גורם און א מצוות עשה וואס די צייט איז גורם זיינען דאך ווייבער פטור? אמר ר׳ חמצן, האט ר׳ חמצן געזאגט: מפני שנשים היה להן חלק באותו נס, ווייל ווייבער האבען געהאט א חלק אין דעם נס מצרים. ומאן נינהו? און ווער זיינען די ווייבער וואס האבען געהאלפען, אז דער נס מצרים זאל געשעהן? שפרה, פועה ובתיה בת פרעה, שפרה און פועה, די הייבאמען וואס האבען משה׳ן געלאזט לעבען און בתיה, פרעה׳ס טאכטער, וואס האט איהם אויסגעהאדעוועט.

מתיב ר׳ יקטן — האט ר׳ יקטן א קשיא געפרעגט: מפני מה לא נזכרו שמותן של אותן נשים צדקניות בהגדה? פארוואס ווערען די ווייבער, וואס דורך זיי איז געשעהן דער נס מצרים ניט דערמאנט צו גוטען אין דער הגדה? הוא מותיב והוא מפרק, ר׳ יקטן האט אליין געפרעגט די קשיא און אליין פארענטפערט: משום שאין מדברין בשבחן של נשים, ווייל מען דאוף ניט זאגען קיין שבחים אויף פרויען; מפני שלומה של מלכות, כדי די

מלכה זאָל ניט ווערען דזשעלאָס און ניט ברוגז ווערען אין מיט'ן סדר.

מעשה בעם הארץ אחד — עס איז געווען א מעשה מיט א גראָבען יונג, שהיה קורא שיר השירים בעברי טייטש, וואָס האָט נאָך דער הגדה געלייענט די עברי טייטש פון שיר השירים, בשעה שפרינצע דביתהו היתה יושבת נים ולא נים תיר ולא תיר, אין דער צייט וואָס זיין פלונית'טע שפרינצע איז געזעסען און גע־דרעמעלעט. כיון שהגיע לשני שדיך כשני עפרים, ווי ער איז געקומען צו דעם פסוק „שני שדיך" און ער האָט עס פארטייטשט אויף עברי טייטש, שמעה שפרינצע, האָט שפרינצע דערהערט, וקסברה שלהשפחה אומר כן, האָט זי געמיינט, אז איהר מאן רעדט עס צו דער דינסט, ושפכה קיתון על פניו, און זי האָט איהם אָפ־געפליוכעט מיט א שיסעל פאָמיניעס.

תני דבי לאפינישאָק — די לאפינישאָקער ישיבה בחורים האָ־בען געלערענט: כמה לביבות חייב אדם לאכל? וויפיל קניידלאך דארף א מענש אויפעסען? ר' יונה הכנדיקעוואי אומר, ר' יונה דער כאנדיקאווער זאָגט: שתים, כנגד משה ואהרן, צוויי, אנט־קעגען משה און אהרן. ר' בונם אומר: ארבע, כנגד ארבעה בנים שבהגדה, ר' בונם זאָגט: פיר, אנטקעגען די פיר בנים פון דער הגדה. ר' זולל אומר: עשר, כנגד עשר מכות, ר' זולל זאָגט: צעהן, אנטקעגען די צעהן מכות; ור' רעבתן אומר: י"ד, און ר' רעבתן זאָגט: פערצעהן קניידלאך דארף א מענש אויפעסען, ואף על פי שאין ראיה לדבר, זכר לדבר, כאָטש קיין גרינדליכע באווייזע איז דערויף ניטאָ, איז פאראן אן אנדייטונג, אז מען דארף עסען פערצעהן קניידלאך; שנאמר, אין פסוק שטעהט: כי יד על כס, אל תקרי יד אלא י"ד, דו זאָלסט ניט לייענען יד נאָר י"ד — פערצעהן; ואל תקרי „על כ"ס אלא „האלקעס", זאָלסט ניט לייע־נען „על כס" נאָר „האלקעס", ואין האלקעס אלא קניידלאך, און האלקעס מיינט מען קניידלאך; שכן בכרבי הים קו־ין לקניידלאך האלקעס, ווייל ביי ליטוואקעס רופט מען אויף קניידלאך האלקעס.

מתקיף ר' בונם — האָט ר' בונם א קשיא געפרעגט: בשלמא בני פוילען וגאליציא שעושין לביבות קטנות, דאָס איז רעכט פוילישע אָדער גאליציאנער, וואס מאכען קליינע קניידלאך, בני ליטא מאי איכא למימר? אָבער ליטוואטשקעס וואָס מאכען גרויסע

קנײדלאַך אַזױ װי קולאַקעס װי אַזױ קען זײַן מען זאָל אױפעסען פּערצעהן שטיק? אמר ר׳ רעבתן, האָט ר׳ רעבתן געזאָגט: לא קשיא, עס איז קײן קשיא ניט; הא לן והא להו, די װאָס מאַכען קלײנע קנײדלאַך מוזען טאַקי אױפעסען פערצעהן שטיק און ליט־װאַקעס זײנען יוצא מיט װעניגער.

תנן התם — דאָרט אין קאַבצאַנאָװקע האָבען מיר געלערענט: הכל חייבין בלביבות, אַלע זײנען מחויב צו עסען קנײדלאַך; ואפילו עניים המתפרנסים מן התמחוי, און אפילו אָרימע לײט װאָס עסען אַ גאַנץ יאָהר לאַסקאַװען ברױט, דאַרף מען זעהן, אַז זײ זאָלען אױך האָבען קנײדלאַך אױף פּסח. וכל המעלים עינו מעניים, און דער װאָס קעהרט ניט פאַר אָרימע לײט און האָט ניט אין זינען צו פאַר־זאָרגען זײ אױף פּסח, עליו הכתוב אומר, אױף יענעם זאָגט דער פּסוק: ואיש נבוב, אַ פּוסטער מענש, אַ מענש אָהן אַ הארץ, אָהן אַ געפיהל, ילבב, קנײדעלט זיך אַלײן און פאַר אַנדערע אַרט איהם ניט, ומה כתיב בתריה, און װאָס שטעהט נאָך דעם: ועיר פרא אָדם יולד, אַזאַ מענש איז געגליכען צו אַן עזעל און ער איז ניט װערט מען זאָל איהם רופען מענש.

רבי חכמי ליזשאַנסקע הוי יתבי וקאכלא לביבות אצל ר׳ ברקאי בלאַפּינישאָק — די חכמי ליזשאַנסקע זײנען געזעסען און געגעסען קנײדלאַך בײ ר׳ ברקאי אין לאַפּינישאָק. פּתח חד מניהו ואמר, האָט אײנער פון זײ אָנגעפאַנגען און געזאָגט: מפּני מה נקרא שמן קנײדלאַך? פאַר װאָר רופט מען עס קנײדלאַך? כנגד לך: אומרת כנסת ישראל לפני הקדוש־ברוך־הוא, די כנסת ישראל זאָגט צו גאָט: אתה הצבת את מי הים כנד לנו בהוציאך אותנו ממצרים, װען דו האָסט אונז אַרױסגענומען פון מצרים, האָסטו אָװעקגעשטעלט די װאַסער פון ים אַזױ װי אַ װאַנד, כדי מיר זאָלען דורכגעהן אין דער טריקעניש, שנאמר, אין פּסוק שטעהט: נצבו כמו נד נוזלים, די לױפענדע װאַסער איז געבליבען שטעהן װי אַ װאַנד; אף אנחנו עומדים כנד לך, אַזױ שטעהען מיר פאַר דיר אױך װי אַן אײזערנע װאַנד, ועל כל גל וגל שעובר עלינו, און צו יעדע כװאַליע, צו יעדע צרה װאָס אונז טרעפט, אנחנו מרכינים את ראשינו, בױגען מיר אײן אונזערע קעפּ און מיר שטעהען פאַר דיר שטאָל און אײזען.

# פסח'דיגס און חמץ'דיגס.

## הגדה און קניידלאך.

הגדה (זאגען) און קניידלאך זיינען ביידע פסח'דיגע זאכען, וואס ווערען באנוצט אין חמצ'דיגען אויך. אבער ניט נאך יעדער הגדה קריגט מען קניידלאך; אמאל זאגט איהר עפעס אימיצען, און דוקא א גלייכע זאך, און איהר קריגט דערפאר אנגעזידעלט.

אין אמעריקא, איבערהויפט האט מען פיינט הגדה. ווייל דא האלט מען פון דעם כלל: „מאינד יור און ביזנעס", מישט זיך ניט אין פרעמדע עסקים, און וואס איהר זעהט און וואס איהר הערט, דארפט איהר קוקען און שווייגען.

דא האט מען ניט קיין אמונה אין הגדה. מען גלויבט אייך ניט, אז דאס וואס איהר זאגט מיינט איהר פון טיפען הארצען פון אימיצענס טובה וועגען, און ווען איהר זאגט עפעס א זאך ערנסט, אהן קיין שום פניות, איז מען אייך אלץ חושד, אז איהר זייט ניט אויסען די הגדה, נאר די קניידלאך, אייער אייגענע טובה. הייסט עס, און דאריבער הערט מען אייך ווי דעם קאטער פון חד גדיא.

## מלכות און מלקות.

מלכות און מלקות זיינען צוויי אידישע זאכען. די ערשטע האבען אידען פסח צום סדר און די צווייטע האבען זיי ביסלאכווייז א גאנץ יאהר, און אפיציעל קריגען זיי עס ערב יום כפור צו מנחה.

מלקות אום ערב יום כפור קריגט א איד ניין און דרייסיג שטיק און ער קאן עס גאנץ לייכט איבערטראגען; א מלכה האט יעדער איד בלויז איינע און די, זאל מען ניט געשטראפט ווערען, איז אפט־מאל אויך צופיעל.

עס גיבען מלכות, לא עלינו, וואס זיינען גלייך צו מלקות. מלקות איז א כפרה אויף די זינד און מאנכע מלכות טיילען צו אזוי פיעל צרות, אז מען דארף שוין אפילו חיבוט הקבר אויך ניט ליידען.

די צוויי ווערטער „מלקות" און „מלכות" האבען דעם זעלבען אויסדרוק — די זעלבע יענטע, בלויז אנדערש געשלייערט.

יאָ, „מלקות" און „מלכות" איז אָפּטמאָל, זאָל גאָט היטען, איינס און דאָס זעלבע — בת קוֹף כבת כף.

מלקות איז א שטראָף פון מענשען און שלעכטע מלכות, זאָל ער שומר ומציל זיין, איז א שטראָף פון גאָט.

פאַר ערב יום כפור'דיגע מלקות מוז מען איינבויגען דעם קאָפּ, מלכות זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע וואָס ווילען, מען זאָל פאַר זיי שטעהן אויף די קניע און מען זאָל זיי כבוד אָפּגעבען, ווייל זיי זיינען דאָך עפּעס דער מין היפה, דער שעהנער געשלעכט! ווער שמועסט אין אַמעריקא, אין דער לאַנד פון „ליידים פוירסט", איז אין מאַנכע פעלע פון זיי גאָר ניט צו דערהאַלטען.

## אַרבע כוסות און ארבעה בנים.

אַרבע כוסות און ארבעה בנים זיינען אויך צוויי פּסח'דיגע זאַכען — די ערשטע זיינען געווים אַלרייט און די צווייטע זיינען ניט שטענדיג אי־אי־אי.

די אַרבע כוסות זיינען אַלע גוט און אפילו א פינפטע און א זעקסטע שאַדט אויך ניט; צווישען די ארבעה בנים אָבער איז קוים פאַראַן איינער א רעכטער — דער חכם.

אָבער די היינטיגע בנים חכמים טוי:ען אויך דאָס רוב אויף קלאָגען, ווייל זיי האַלטען זיך פאַר צופיל קלוג און דאָס טויג זעהר ניט, אַז די אייער זאָלען זיין קליגער פאַר די הינער.

כוסות, וואָס זיי זיינען גרעסער, איז אַלץ בעסער, און בנים, וואָס זיי ווערען גרעסער, ווערען זיי אָפּטמאָל ערגער.

די אַרבע כוסות זיינען סימנים פון גאולה און ביי בנים דאַרף מען אָפּט זיין אין גלות.

כוסות מאַכען פרעהליך, אַזוי ווי אין פּסוק שטעהט: ויין ישמח — ווײן מאַכט פרעהליך; בנים אָבער, ווען גאָט שטראָפט, ניט קיין לייטישע, טרייבען אָפּט אריין אין א מרה־שחורה.

געהט טענה'ט מיט היינטיגע בנים וועגען אידישקייט. ווען זיי באַלד שטעלען דעם רשע'ס פראַגע: מה העבודה הזאת לכם? צו וואָס דאַרף מען עס? און פאַר'ן „הקהה את שניו", פאַר'ן אויס־האַקען די ציין, ווי די הגדה הייסט טאָן דעם שלעכטען קינד, האָבען היינטיגע בנים קיין מורא ניט — פּרובט נאָר טשעפּעט זיך מיט זיי, וועט איך מעחר ניט פעהלען!

# די פארשטערטע בלינצעס.

(א היימיש בילדעל).

באשע די שוסטערקע האט באשלאסען, אדער כמעט א נדר געטאן, זי זאל שבועות מאכען בלינצעס.

דאס איז געווען באלד נאך פסח, ווען זי און איהר מאן, בעריל דער שוסטער, האבען זייער ערשטע קוה געהייסט.

שוין א יאהר צוועלף אז זיי זיינען געווען פארהייראט און קיין בלינצע איז נאך אין זייער הויז ניט געזעהן געווארען. שוין אפגערעדט פון א גאנץ יאהר — אזא לוקסוס האבען זיי געוויס ניט געקאנט זיך פארגינען, נאר אפילו שבועות האט אויך באשע קיינמאל קיין בלינצעס ניט געמאכט. די קינדער זייערע האבען זאגאר ניט געוואוסט ווי א בלינצע זעהט אויס.

באשע האט שטענדיג געשטרעבט צו מאכען בלינצעס לכבוד שבועות, אבער עס איז אלץ ניט אויסגעקומען. עס איז פשוט ניט געווען פאר וואס. בעריל דער שוסטער איז פון שטענדיג אן געווען א גרויסער קבצן, אן עני ואביון. געווען א הוסטער, א יאדעבע, ניט פאר קיינעם נעראכט, און ער האט קוים געדרישעט. קיין שארפער בעל מלאכה איז ער אויך ניט געווען. עפעס א שטיקעל לאטוטניק, וואס האט קוים געקאנט לייגען א לאטקע אויף א שטיוועל. און דאס אויך פלעגט איהם דער הוסט ניט לאזען. אין נאסע וועטערען פלעגט ער ליגען צו בעט און אין שעהנע פאגאדע איז פאר אזעלכע שוסטער קיין ארבייט ניטא.

און בעלי הוצאה איז מען געווען. קינדערלאך, אהן עין הרע, אזוי ווי באב, איינס קלענער פאר דאס אנדערע. זיי זיינען דארום קוים־קוים אויסגעקומען מיט חיונה, עס הייסט, מיט ברויט און מיט־נישטע קרופניק, און אפטמאל איז דאס אויך ניט געווען.

און אז עס קומט ערב שבועות, ווערט דאס רוב א יקרות אויף די פראדוקטען וואס מען דארף צו דיזען מאכל. פוטער, קעז און אייער ווערט בראנד טייער, ממש מיט גאלד צוגלייך; הייגט ווער

קאָן זיך עס אונטערשטעלען מאַכען בלינצעס? — ניט פאַר בעריל דעם שוסטער'ס און ניט פאַר באַשע דער שוסטערקע'ס קעשענע.

אַן אייגענע בהמה'לע האָט זיך שטענדיג בערלען און באַשען געוואָלט, אָט אַזוי ווי אַ מענש וויל לעבען. קליינע קינדערלאַך, זאָלען געזונד זיין, ניטאָ וואָס צו געבען עסען, און אליין קאָן מען אויך די נשמה ניט אויסשפּייען. ער, בעריל, איז אַ חלוש נעבאַך. דאָקטוירים זאָגען, אַז מילך וואָלט געווען אַ רפואה צו זיין שוואַכע האַרץ; אָבער ווער פאַרמאָגט עס צו געהן קויפען מילך פאַר'ן גרייטען גראָשען? אַז גאָט העלפט אַן אייגענע בהמה'לע, איז גאָר אַן אַנדער מזל ברכה. עס איז דאָ פאַר זיך, פאַר אַ קינד און מען לייזט נאָך אַ גראָשען. מען שטעלט אַ לאַדישקע, האָט מען אַ ביסעלע זויער־מילך; מען שלאָגט אויס פּוטער, האָט מען אַ ביסעלע מאַסליאַנקע (פּוטער־מילך) — עס איז גאָר אַן אַנדער לעבען מיט אַ ביסעל אייגענע מילכיגס.

בעריל און בעריליכע פלעגען עס זעהר אָפט איבעררײדען צווישען זיך; אָבער דלות מאַך לאָקשען! געה קויף אַ סוה, אַז עס איז קיין מאָל ניטאָ אַ גראָשען ביי דער נשמה.

אָבער ענדליך האָט גאָט געהאָלפען, זיי האָבען פאַר'משכונ'ט זייערע לעצטע פאָר קישעלאַך, בעריל'ס שבת'דיגע קאַפּאָטע, די לייכטער, אַ קופּערנע פענדיל און נאָך עפּעס קלייניגקייטען און זיי האָבען דאָך געקויפט אַ בהמה'לע, וועלכע האָט זיך סירצליך גע־דאַרפט אָפּקעלבען.

און אין יענעם טאָג, ווען מען האָט די בהמה'לע צום ערשטען מאָל אריינגעפיהרט אין שטאַהל, האָט עס באַשע ארויסגעגעבען די פּראָקלאַמאַציאָן, אַז שבועות וועט זי מאַכען בלינצעס.

און געקומען איז דערצו, ווייל משה'לע, אַ חדר־אינגעל פון אַ יאָהר זיבען, האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט, ער וויל עסען. דאַן האָט איהם באַשע דערצעהלט פאָלגענדע מעשה:

— וויין ניט, משה'לע, וויין ניט, מיין קינד. אונזער בהמה'לע וועט האָבען אַ קעלבעלע, וועט זי אָנהויבען געבען מילך, וועט איהר שוין האָבען וואָס צו עסען. אַ ביסעלע מילך, אַ קאַפּעלע זויער־מילך, אַ ברעקעלע קעז, אַ האָרעלע מאַסליאַנקע, מען וועט שוין פון הונגער ניט שטאַרבען. און אם ירצה השם, אַז מיר וועלען לעבען און געזונד זיין און די בהמה'לע וועט לעבען און געזונד זיין און עס

וועט זיין אן איינגענע ביסעלע פוטער און אן איינגענע שטיקעלע קעז, וועל איך שבועות מאכען בלינצעס.

און אז באשע די שוסטערקע האט געזאגט א ווארט, איז עס ביי איהר געווען כמעט ווי א נדר.

— וואס איז אזעלכעס בלינצעס? — האט דער אינגעלע געפרעגט.

— בלינצעס — האט די מוטער געענטפערט — איז א גוטע זאך. נגידים עסען דאס.

— ווי אזוי מאכט מען בלינצעס? — איז דאס קינד נייגעריג געווען צו וויסען.

— מען מאכט קליינינקע, דינענקע בלעטעלאך לאקשען מיט אייער — האט איהם באשע ערקלעהרט — אין יעדע בלעטעלע לאקשען וויקעלט מען איין ווייכע קעז, מען פארקלעפט און מען פרעגעלט עס אין פוטער.

משה'לע האט זיך אפשר צעהן מאל באלעקט. די בשורה טובה פון דעם נגיד'ישען מאכל האט איהם געמאכט פארגעסען זיין הונגער.

די בלינצעס זיינען שטארק געלעגען אין משה'לעס קינדערשען מח. ער האט זיך אן דעם ניט געקאנט פארגעסען א מינוט, א רגע. א קליינינקייט איז עס? לאקשען, מיט אייער, מיט קעז, מיט פוטער! זיין פאנטאזיע האט גאר ניט געקאנט פארשטעלען, ווי גוט דאס איז, ווי געשמאק דאס איז.

פאר נאכט, ווען משה'לע איז געקומען פון חדר און ער מיט זיינע ברידערלאך און שוועסטערלאך זיינען געזעסען אויפ'ן פריזבע, האט דער אינגעלע געזאגט צו זיינע אן אינגערע שוועסטעריל:

— חאשקע, האסט ליעב לאקשען?

— וואס דען? איך האב ניט ליעב?

— און לאקשען פון קלארע מעל מיט אייער, אזוי ווי מיר האבען געגעסען ביי דער מומע אויף דער חתונה, האסטו ליעב?

— א שאלה א ביסעל!

— און ברויט מיט פוטער האסטו ליעב?

— נאך ווי ליעב!

— און לאקשען פון קלארע מעל מיט פוטער?

— דו דארפסט נאך פרעגען?

— און ברויט מיט קעז וואלסטו געגעסען?

— גיב נאָר, אַי וואָלט איך געגעסען!
— און חלה מיט קעז?
— אוי, אוי, אוי!
— און לאָקשען פון קלאָרע מעל, מיט אייער און מיט קעז און מיט פוטער?
די מיידעלע האָט זיך פאַסמאַקעוועט און זי האָט ניט געפונען קיין ווערטער, מיט וועלכע אויסצודריקען ווי צופרידען זי וואָלט געווען פון אַזאַ מאכל.
די אַנדערע קינדער האָבען זיך אויך באַלעקט.
— אַדאָס מוז זיין געשמאַק! — האָבען די קליינווארג אויס־געשריען און געשלונגען די שפייעכץ.
— געוויס איז עס געשמאַק! — האָט משה'לע געזאָגט — און מיר וועלען עס עסען.
— ווען?
— שבועות, זאָגט די מאַמע. פריהער, זאָגט זי, וועט אונזער בהמה'לע האָבען אַ קעלבעלע, וועט זי אָנהויבען געבען מילך, וועט די מאַמע מאַכען בלינצעס.
— וואָס איז בלינצעס?
— אָט דאָס איז בלינצעס! לאָקשען פון קלאָרע מעל מיט אייער און מיט קעז און מיט פוטער, אַזוי זאָגט די מאַמע.
— טאָ ווען וועט זיין שבועות?
— איבער פינף וואָכען.
— אַזוי לאַנג?
— טאָ מאַכט קירצער.
— און ווען וועט די בהמה האָבען דאָס קעלבעלע?
— איך ווייס ניט.
— אַי, האָב איך ליעב אַ קעלבעלע!
— און איך אויך.
— אַ רויטינקע קעלבעלע וועט זי האָבען, אַ־יאָ? מיט אַ ווייס פּנים'ל.
און חאַשקע טוליעט זיך צו משה'לען און די איבעריגע קינדער טוליען זיך אויך צו איינע צו די אַנדערע. זיי גלעטען איינער דעם צווייטען די קעפּעלאַך און די מאָרדעטשקעס און עס ווייזט זיך זיי אויס, אַז דאָס גלעטען זיי דאָס רויטע קעלבעלע מיט'ן ווייס פּנים'ל.

די קוה וואָס דער אָרימער, קראַנקער שוסטער האָט געקויפט, איז נים געווען קיין גרויסע יפת תואר. ווי א בילינע זאך! איין האָרן פארדרעהט, דער צווייטער אָפּגעבראָכען, דער רוקען דין און פון די זייטען האָבען די ביינער ארויסגעסטארטשעט. דאָך איז זי ביי דער הויז־געזינד געווען טייער, זעהר טייער, פשוט דער לעבען מיט דער נשמה איז זי ביי זיי געווען. מען האָט זי ליעב געהאט און מען האָט זי געצערטעלט און געגלאַשצעט אזוי ווי א קינד, להבדיל. מען האָט איהר גערופען ליעבליכע נעמען: קוציניו־מוציניו, פאַניענקע, פריצ׳טע און דאָס גלייכען.

די בהמה׳לע האָט אָנגעהויבען „אָנגיסען״ דעם אייטער. זי איז פון טאָג צו טאָג פולער געוואָרען און אין דער אָרימער הויז איז געווען ששון ושמחה. מען האָט געהאָפט, אז אָט־אָט וועט זי שוין געבויירען דאָס קעלבעלע און עס וועט שוין זיין אַ אייגענע ביסעל מילכיגס. צו שבועות איז דערווייל געוואָרען נעהענטער און די קינדערלאַך האָבען געהאָפט אויף די בלינצעס.

ווען די „פאַניענקע״, אָדער די „פריצ׳טע״ פלעגט פון פעלד קומען, אָדער ווען זי פלעגט אוועקגעהן אין פעלד, פלעגט באַשע אויף אהר קוקען און פשוט אָנקוועלען.

— ניט פארזינדיגען זאָלען מיר איהר, ניט פארשטערט זאָל אונז, רבונו של עולם, ווערען — פלעגט זי זאָגען צו איהר מאַן. — א שעהנע בהמה׳לע געוואָרען, טאַקע א פאַניענקע, קיין בייז אויג זאָל איהר ניט זיין.

אָפּטמאָל פלעגט באַשע באַשיטען דער „פאַניענקע״ מיט א ביסעל זאלץ, כדי קיין עין הרע זאָל איהר ניט צושטעהן.

אין מיטען נאַכט, פאַרטאָג און באַגינען פלעגט זיך בעריל אראָפּ׳גנב׳ענען פון זיין געלעגער און פלעגט לויפען אין שטאַהל אריין זעהן, אפשר איז שוין עפּעס דאָ, אפשר קומט שוין א מזל־טוב... באַשע פלעגט אויך דאָס זעלבע טאָן שטילערהייט. בעריל האָט געוואָלט זיין דער ערשטער און באַשע האָט געוואָלט זיין די ערשטע אָנצוזאָגען די גוטע בשורה. די קליינוואַרג פלעגען אויך, ווי נאָר זיי פלעגען אויפשטעהן, לויפען אין איינע העמדלאַך אין שטאַהל אריין זעהן, אפשר איז שוין דאָ א קעלבעלע.

איין מאָל, דאָס איז געווען עטליכע טעג פאַר שבועות, איז די

קוה געקומען פון פעלד אומעטיג, מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ און פארכמארעטע אויגען.

— היינט וועט שוין עפעס זיין! — האט באשע געזאגט צו איהר מאן. — מיר וועלען שוין אם ירצה השם שבועות האבען בלינצעס.

— הלואי אין א גוטער און מזל'דיגער שעה! — האט בעריל געענטפערט.

די קינדער האבען זיי קיין מעשה ניט דערצעהלט, ווייל זיי האבען מורא געהאט פאר א „גוט אויג".

ניט דער שוסטער און ניט די שוסטערקע האבען יענע נאכט געשלאפען. אמאל פלעגט ער ארויסגעהן מיט א לאנטערנע זעהן וואו עס האלט און אמאל פלעגט זי ארויסגעהן.

— עס געהט צו שווער! — האט באשע געזאגט צו בערלען, ווען זי איז געקומען פון שטאהל.

— א רחמנות געבאך! — האט בעריל געזאגט.

— זי קרעכצט נעבאך אזוי ווי א מענש, להבדיל.

— א שטומע צונג, עס טוט איהר נעבאך וועה.

— פויגעלע מיינע, וואס קאן איך איהר העלפען?

אט אין אזעלכע שמועסען האבען זיי זיך איבערגעוועקסעלט דורך דער נאכט עטליכע מאל, אלץ מיט פארשידענע נוסחאות.

באגינען איז באשע אריינגעקומען א צושראקענע און געזאגט:

— בעריל, עפעס איז מיט אונזער פאניענקעלע. זי ליגט נעבאך דעם קעפעלע פארווארפען, די אויגעלאך אויסגעגלאצט און ריהרט זיך ניט פון ארט.

בעריל איז ארויסגעלאפען, האט דער קוה געטורקעט, געשלעפט פאר די הערנער, אבער זי האט זיך ניט גערייהרט, אזוי ווי א שטיק האלץ.

די „פאניענקעלע" איז געווען טויט.

# מגילת רות פון לאפּינישאָק.

ויהי, און עס איז געווען, ווען צירעלע די פּאָסעסאָרקע איז נאָך געווען במעלה עליונה און האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין שטעדטעל לאַפּינישאָק און אין הויף ביים פּריץ, האָט זי גע־האַט אַ פּאַראָבאָק וואַסיל און אַ דינסט נאַסטאַסיא. וואַסיל איז געווען אַ שייגעץ און נאַסטאַסיא — אַ שיקסע.

צירעלע האָט געהאַלטען אין אַרענדע דעם הויף פון פּריץ פון שטעדטעל, פּאַן יאַרשעווסקי. זי איז געווען אַ גוטע און פרומע אידענע, אַן אשת חיל און אַ בעלת צדקה. קיין קינדער האָט זי ניט געהאַט.

ווען איהר מאַן ר' שמואל דער פּאָסעסאָר, האָט געלעבט, איז ער געווען בעל הבית פון הויף. ער איז אויך געווען אַ וואוילער איד, אַ גרויסער בעל טובה, בעל צדקה און מכניס אורח. ער האָט אין שטעדטעל געשפּילט אַ גרויסע ראָלע און האָט געהאַט אַ ברייטע דעה ביי קהל.

ווען ר' שמואל איז געשטאָרבען האָט זיין אלמנה צירעלע איבערגענומען די קאָמאַנדע אין הויף און איז געוואָרען די פאַר־וואַלטערין פון דעם פאַרמעגען וואָס איהר מאַן האָט איהר איבער־געלאָזט.

און צירעלע איז געווען אַ היבשע נגידה. זי האָט געהאַט בהמות, פערד און עופות און אין איהר הויז האָט ניט געפעהלט פון כל טוב.

און זייענדיג אין גוטע אומשטענדען האָט צירעלע קיינמאָל ניט פאַרגעסען אָן אָרימע און נויטליידענדע און זי האָט געטאָן פיל צדקה און גמילות חסדים.

אַלע דאָנערשטאג פלעגט זי ברענגען אין שטאָדט אריין גרוי־פּען, קאַרטאָפּעל און שאר ירקות און טיילען צו אָרימע לייט. פאַר אַ יום טוב פלעגט זי שעכטען קעלבער און צוטיילען די פלייש צו אָרימע פאַמיליעס. פאַר פּסח איז צירעלע געווען די ערשטע אויפ'ן צעטעל פון מעות חטים.

און נאָט האָט איהר געגעבען חן אין די אויגען פון פאַן יארשעװסקי און איהרס אַ װאָרט איז ביי איהם הייליג געװען. האָט זיין „זשידאָװקא" עפּעס פארלאַנגט, איז דאָס געשעהן.

פאַן יארשעװסקי איז געװען אַ בייזער פּריץ, אַ משוגענער גוי, װאָס אָנקומען צו איהם איז געװען אַזוי שװער װי אָנקומען צום קייסער. אָבער צירעלע איז ביי איהם געװען אַ גאַנצע בן־בית'טע און זי איז געקומען אין „פּאַלאַץ" װען זי האָט געװאָלט.

האָט מען אין שטעדטעל געװאָלט מאַכען עירובין, אום מען זאָל שבת מעגען טראָגען, האָט מען דאָס געזאָגט צירעלע'ן און זי האָט שוין ביים פּריץ גע'פּועל'ט, אַז ער זאָל ערלויבען מאַכען די עירובין. האָט אַ װאַנד פון בית המדרש אדער, להבדיל אלף הבדלות, פון באָד אָנגעהויבען איינפאַלען, איז צירעלע אװעק צו פּאַן יארשעװסקי און האָט ביי איהם אויסגעבעטעלט געהילץ אויף „בדק הבית".

האָט אַ בעל הבית געהאַט עפּעס אַ בקשה צום פּריץ, איז אַ אידען'ס קוה אָדער ציג פארקראָכען אין שאדען אין פּאַן יאר־שעװסקי'ס פעלד, האָט מען נאָר געדאַרפט אַ פּיפּס טאָן צירעלען און זי האָט שוין די קוה אָדער די ציג ארויסגענומען אָהן אויס־לייזונג־געלד. האָט אימיצער געדאַרפט עפּעס אָנקומען צום פּריס־טאַװ אָדער צום גלח, האָט דאָס צירעלע גע'פּועל'ט דורכ'ן פּריץ.

און ניט נאָר אידען, זאָנדערן אויך גוים פלעגט צירעלע פיל טובות טאָן. זי האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט פון טאָן אַ טובה, אויב נאָר דאָס איז מעגליך געװען. זי איז דאַרום געװען גע־שעצט און געאַכטעט ביי גוים אַזוי װי ביי אידען און איז געװען באַליבט ביי אַלעמען.

װאַסיל איז געװען כמעט צירעלע'ס אַ האָדאָװאַניק. זיין פּאָטער און מוטער האָבען געדינט אין הויף און זיי זיינען ביידע אָפּגעשטאָרבען, װען װאַסיל איז נאָך אַ יונגער שייגעצעל געװען. צירעלע האָט דעם גוי'אישען יתום'ל צוגענומען צו זיך און ער האָט זיך ניצליך געמאַכט צו פיטערען איהרע גענז און צו טאָן לייכטע שטוב־ארבייט. װען ער איז עלטער געװאָרען האָט זי איהם געמאַכט פאר אַ פּאַראָבאָק און ער האָט געטאָן אַלעס אין פעלד, אין װאַלד און אין שייער.

װאַסיל איז געװען צוגעבונדען צו צירעלען אַזוי װי אַ קינד

צו א מוטער. איהרס א וואָרט איז ביי איהם געווען היילינגער ווי אפילו דעם גלח׳ס א סך ווערטער. ער איז געווען איבערגעגעבען צו איהר מיט לייב און לעבען און אין פייער און אין וואסער וואָלט ער פאר איהר נעגאנגען.

נאסטאסיא איז אויך געווען אַן עלענדע שיקסע. קיין פאָטער האָט זי ניט געהאט און די מוטער איהרע איז געווען די שבת גוי׳ע פון שטעדטעל, וואָס האָט געצויגען איהר חיונה פון וואשען וועש אין די רייכערע הייזער, פון פארלעשען פרייטאָג נאכט די לאָמפען אין בית המדרש און ביי בעלי הבתים, פון מעלקען שבת די אידישע קיה און פון הייצען ווינטער די אידישע הרובעס.

נאסטאסיא האָט זיך כמעט אויפגעהאָדעוועט אין אידישע הייזער, וואו זי האָט געניאנטשעט קינדער פאר איהר שטיקעל ברויט. זי האָט דארום פארשטאנגען א ביסעל אידיש, איז געווען באקאַנט מיט אידישע דינים און מנהגים און זי האָט בכלל די „זשידעס” ניט פיינט געהאט.

ווען זי איז עלטער געוואָרען האָט איהר צירעלע די פּאָסעסאָרקע צוגענומען פאר א דינסט, צו מעלקען די קיה און צו טאָן שטוב־ארבייט.

צירעלע איז קיינמאָל ניט געווען שטרענג צו די מענשען וואָס פלעגען ביי איהר דינען. זי האָט אויף זיי ניט ארויפגעלעגט קיין צופיל ארבייט און זי האָט זיי שטענדיג באהאנדעלט מילד, ניט אזוי ווי א באלעבאָסטע זאָנדערן אזוי ווי א מוטער איהרע קינדער. נאסטאסיא האָט דארום צירעלען ליב געהאט און די „כאָזיאיקא” (ווירטין) איז ביי איהר געווען טייערער ווי ווייס איך וואָס.

ויהי היום, האָט צירעלע באמערקט, והנה וואסיל מצחק עם נאסטאסיא, אז דער שייגעץ וואסיל שטיפט מיט דער שיקסע נאסטאסיא, אז זיי מאכען איינע צו די אנדערע חן׳דלאך און שפּילען זיך אזוי ווי יונגע קעצעלאך. אָפטמאָל ווארפט ער אויף איהר א הייפעלע שטרוי, אָפטמאָל גיט ער איהר אוים ליבשאפט א צופּ פאר די צעפּ און אָפטמאָל שפּרצט זי איהם אָפּ מיט וואסער אָדער שענקט איהם א קלאפּ אין פּלייצע, אויך ניט אוים שׂנאה — ווי א שייגעץ מיט א שיקסע!

האָט זיי צירעלע איינמאָל פאַררופען צו זיך און זאָגט צו זיי:
„הער צו, וואסיל, און הער צו, נאסטאַסיא. איך זעה אז איהר האָט זיך ביידע ליב, אז איהר שטיפט זיךביידענקע און איהר קוועלט גאָר אָן איינע פון די אַנדערע. לכן, הייס איך אייך אז איהר זאָלט חתונה האָבען און ווערען מאַן און ווייב. קיין „חטאים" ביי מיר אין הויף, זאָלט איהר וויסען, וויל איך ניט האָבען".

און וואסיל און נאסטאַסיא האָבען געפאָלגט וואָס זייער באַלעבאָסטע האָט געהייסען און זיי האָבען חתונה געהאַט.

צירעלע איז אויף דער גוי'אישער חתונה געוועזען אַ גאַנצע מחותנת'טע. אלס „פאָדאַראָק" (דרשה־געשאַנק) האָט זי זיי אַ גוטע מעלקענדיגע קוה געשענקט.

און דאָס פּאָר פּאָלק האָבען געלעבט גליקליך און צופרידען אויף זייערע זעלבע שטעלעס אין הויף און זיי האָבען צירעלע'ן געדינט נאָך מעהר עהרליך, נאָך מעהר געטריי ווי פריהער.

נאסטאַסיא פלעגט צירעלע'ן אונטער די אויגען רופען „מאָיא נעוויעסטקאַ" (מיין שוויגער). טאָמער פלעגט זי זיך אַ מאָל אַזוי אויסרעדען פאַר צירעלע'ן אין די אויגען אפילו ווען פרעמדע מענשען זיינען דערביי געוועזען, האָט זיך אויך צירעלע ניט באַ־לײדיגט. פאַרקערט, עס פלעגט נאָך איהר הנאה טאָן, וואָס די „גוי'קע" מאכט מענשען צום לאַכען און פאַרשאַפט זיי אַ ביסעל שפּאַס.

און באַהאַנדעלט האָט נאסטאַסיא צירעלע'ן פיל בעסער ווי אַן אמת'ע שנור באַהאַנדעלט איהר שוויגער. אויף די שפּיץ פינ־גער פלעגט די יונגע גוי'ע געהן פאַר דער פּאַסעסאָרקע און זי האָט פאַר איהר אַלעס אין דער וועלט געטאָן. אַ שטרויעלע פון דער ע״ד האָט זי איהר ניט געלאָזט אויפהויבען און זי האָט איהר געהיט אַזוי ווי אַ מאַמע היט איהר ציטעריגעס קינד.

איז צירעלע'ן עפּעס אויסען געוועזען, איז נאסטאַסיא געלאָפען אין קלויסטער בעטען גאָט פון איהר'ט וועגען, און פלעגט זי, נאסטאַסיא, קומען זונטאָג אָדער אין אַ מאַרק־טאָג אין שטאָדט, פלעגט זי די בעטלער אין מאַרק שענקען גראָשענס אָדער בייגעל, זיי זאָלען בעטען גאָט פאַר צירעלע'ן.

אַ שטיק צייט איז פאַראיבער און אויף צירעלע'ן זיינען אָנ־

געשטאַנען שלעכטע יאָהרען. איין יאָהר איז די תבואה אין פעלד ניט געראָטען געוועןֿ, אַן אַנדער יאָהר צופיל גערעגענט און די לאָנקעס זיינען פארפלייצט געוואָרען, אַ דריטער יאָהר איז געווען אַ מגפה אויף בהמות און ביי צירעלע'ן זיינען אַ פּאָר צעהנדליג קיהע אוועקגעפאַלען. ועל כולם, האָט פאַן יארשעווסקי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער הוליאַק און אַ קאָרטען־שפּילער, זיין הויף אין קאָרטען פארשפּילט. עס איז אָנגעקומען אַ נייער פּריץ, אַ גרויסער רשע, און ער האָט צירעלע'ן אין גאַנצען פון הויף ארויס־געזעצט.

אונטערדעסען איז וואַסיל געשטאָרבען און נאַסטאַסיא איז אַן אלמנה פארבליבען. צירעלע האָט איהר צוגערעדט, אַז זי זאָל חתונה האָבען, אָבער די גוי'ע האָט זיך ענטזאַגט. זי האָט זיך פון איהר גוטע און טרייע ווירטין ניט געוואָלט שיידען און זי האָט איהר געוואָלט העלפען פיל מעגליך אין אַן עת צרה.

אָרים, עלענד, אַלט, קראַנק און שוואַך פון צרות און עגמת נפש האָט די געוועזענע שטאָלצע פּאָסעסאָרקע אין שטאָדט אריינ־געצויגען. זי האָט זיך נערדונגען אַן אַלקעריל ביי אַן אָרימע פאַ־מיליע און זי האָט אין דחקות געלעבט. מען האָט איהר אין שטעד־טעל אָנגעהויבען רופען „נעמי" און מען האָט איהר טרויעריגע לאַגע באדויערט.

אָנפאַנגס האָט מען אין שטעדטעל געהאַט איינזועהעניש אויף דער געפאַלענער נגידה און מען האָט איהר אַביסעל געשטיצט בדרך כבוד. אָבער די טובות און די חסדים, וואָס צירעלע האָט אמאָל געטאָן מיט אַלעמען, זיינען שנעל פארגעסען געוואָרען און מען האָט אויפגעהערט ארומקוקען זיך אויף איהר.

די איינציגע וואָס האָט דער „נעמי" פון לאַפּינישאָק ניט פארלאָזען איז געווען איהר טרייע דינסט נאַסטאַסיא, וועלכע פלעגט וואַשען וועש אין רייכערע הייזער, פלעגט ברויט קנעטען און כל עבודת פרך טאָן און פלעגט זיך ממש טיילען מיט'ן ביסען מיט איהר „שווינער".

עס פלעגט כמעט אַ טאָג ניט מיידען וואָס נאַסטאַסיא זאָל ניט קומען געוואָהר ווערען צו דער אַלטער צירעלע. און קיינמאָל איז זי לעדיג ניט געקומען. אמאָל פלעגט זי איהר ברענגען אַ

פרישע בולקעלע וואָס זי פלעגט פון איהרטווענגען קויפען, אמאָל פאר א פּאָר גראָשען צוקער און אמאָל פאר א פּאָר גראָשען פרוכט.

און איז צירעלע קראנק געוואָרען איז נאסטאסיא פון איהר קראנקען־בעט ניט אָפּגעטראָטען. ניט איינמאָל האָט זי א רופא צו צירעלע'ן גערופען און איהם באצאָהלט פון איהר קעשענע און ניט איינמאָל איז זי אין אפטייק געלאָפען און געבראכט רפואות פאר איהר.

מען האָט נאסטאסיא'ן אין שטעדטעל א נאָמען געגעבען „רות" און אלע האָבען איהר מיט דיזען נאָמען גערופען. איהר אמת'ער נאָמען איז כמעט אין גאנצען פארגעסען געוואָרען.

און „רות" האָט ניט אויפגעהערט צו שטיצען און צו העל־פען איהר „נעוויעסטקא" (שווינער) ביז זי, צירעלע, איז גע־שטאָרבען.

און געשטאָרבען איז נעמי פון לאָפּינישאָק אין הקדש און עס איז כמעט ניט געווען ווער עס זאָל איהר באוויינען. די איינ־ציגע וואָס האָט פארגאָסען טייכען טרערען אויף צירעלע'ס טויט, איז געווען נאסטאסיא אָדער „רות".

און שפּעטער, נאָך צירעלע'ס טויט, פלעגט נאסטאסיא זעהר אָפט ברענגען ליכט אין בית המדרש און פלעגט דעם שמש זאָגען אין איהר געבראָכענעם אידיש: „נא, דו צינד אָן די סוויעטש־קעס (ליכט) פאר דער נשמה פון מיין נעוויעסטקא".

אזוי האָט זיך „רות" פון לאָפּינישאָק נוהג געווען יאָהרען און יאָהרען.

# די תורה און די אידען.

מיט פילע־פילע יאהרען צוריק האט דער בורא עולם אראפ־גענידערט פון די הימלען און האט געמאכט א שפאציר איבער דער ערד מיט א קליין קלומיקעל אונטער׳ן ארם.

דאס איז געווען די תורה הקדושה, וועלכע ער האט געוואלט שענקען א מתנה צו די מענשען.

ער האט געקלאפט אין די טירען פון כל אומה ולשון און ער האט געזאגט:

— בני אדם, איך האב פאר אייך א סחורה, א טייערען אנטי־קעל וואס איז עלטער פון דער ערד, פון ים, פון דער זון, פון דער לבנה און פון די שטערען; אן אנטיקעל וואס איז געלעגען אין מיינע אוצרות זייט צעהנדליגע טויזענדע יאהרען; אן אנטיקעל מיט וועלכען איך צאצקע זיך און שפיעל זיך אלע טאג; אן אנטי־קעל וואס קאן ניט געשאצט ווערען מיט גאלד, פערל, בריליאנטען און אנדערע קאסטבארע שטיינער; אן אנטיקעל וואס איז אן אונ־ערשעפליכער קוואל פון לעבען. נעהמט עס. איך שענק עס אייך אוועק. דאס וועט זיין א ברכה אין אייער׳ע הייזער. דאס וועט אייך שאפען עשירות און אריכת ימים. דאס וועט אייך ברענגען כבוד און אכטונג. כאפט אריין און נעהמט עס צו און איהר וועט מיר דאנקבאר זיין.

און עשו האט געהייסען פאנאנדערבינדען דאס קלומיקעל. ער האט די סחורה באטראכט און האט זיך אויסגעלאכט.

— שעהנע פרנסה — האט ער גקעזאגט — קאן מען דערפון האבען! שעהנע אריכת ימים קאן מען דערפון ערווארטען! שעה־נעם כבוד קאן עס ברענגען! א פיצעלם, א ברעקעלם, ניטא אויף וואס צו קוקען! מיין געזינדעל איז א גרויסע און ווען מיר זאלען זוכען חיונה פון אזא קליין פעקעלע, וואלטען מיר געדארפט לעגען די ציין אויף די פאליצעם.

דארויף איז עס דאך עשו! דארויף איז ער דאך א פויער!

קיין ווערט פון א זאך פארשטעהט ער ניט. זיין אויג באפט ניט ווייט און ער זעהט נאר יעדע זאך, ווי זי איז אין דער גענענוואַרט, ער קוקט נאר עס זאָל זיין אויפ'ן אָרט א „האָל לאַט"; פארקוקען אויף דער צוקונפט, דארויף איז קיין שכל ניטאָ!

אין מיטען האָט ער זיך נאך ארומגעזעהן, אז דאָרט שטעהט „לא תרצח" און די נכפה האָט איהם פשוט צוגעכאַפּט! ווי אזוי קאָן אזא באמולאָ, אזא גראָבער נפש לעבען אָהן רציחה? ווי אזוי קאָן ער אויסקומען אָהן הריגות, אָהן פאָגראָמען?

— פאַשאָל! — האָט ער אויף זיין קאַצאַפּישען לשון אויס־געשריען. — איך דארף ניט אזא סחורה! איך נעהם עס ניט!

אן עהנליכע אויפנאַהמע האָט דער רבונו של עולם געהאט פון ישמעאל און פון אנדערע אומות.

קיין איינריידען, קיין פארזיכערונג, קיין ווארנונג אז זיי וועלען שפּעטער חרטה האָבען און קיינע טענות האָבען ניט געהאָלפען. אָלע האָבען אויסגעזעצט חסרונות און קיינער האָט זי ניט געוואָלט נעהמען.

און דער בורא עולם האָט געזיפצט און באַדויערט די באשעפנים וואָס ער האָט באשאפען אין זיין געשטאַלט און זיי האָבען פאר־שטאָפּטע מוחות אזוי ווי בהמות און זיי פארשטעהען ניט דעם ווערט פון אזא טייערען אונשעצבארען אוצר, וואָס ער וויל זיי אוועקשענקען.

און ער האָט זיך געווענדעט צו דעם עם חכם ונבון — צו די אידען.

און אידעלאך האָבען דאָס קליינע תורה'לע באַטראַכט און זיי האָבען באלד פארשטאַנען איהר ווערט. א גמרא קעפּעל איז ניט קיין פויערשער קאָפּ. וואָס א איד האָט שכל אין זיין מינדסטען נאָגעל, האָט עס ניט אן אנדערער אין זיין גאַנצען לייב און לעבען.

די אידעלאך האָבען איינע די אנדערע אריינגעשושקעט אין די אויערען:

— באַלוואַנסקע קעפּ! פארשטאָפּטע מוחות! האָבען אזא טייערען אוצר ארויסגעלאָזט פון זייערע הענט; דאָס איז דאָך א מועט המחזיק את המרובה, א קליינע זאך וואָס ענטהאַלט פיעל; דאָס איז דאָך ווירקליך א מקור חיים, א לעבענס קוואַל! דאָס איז דאָך אן עסס'ל וואָס לאָזט זיך פארברייטערען, פארגרעסערען גאָר

אָהן אַ סוף! אַ טייער געשעפטעל פאַר אונז, אי פון מאָראלישען, אי פון פינאַנציעלען שטאַנדפונקט. לאָמיר, ברידער, פאַרמאַכען די אויגען און עם צוכאַפּטען מיטביידע הענט.

זיי האָבען די מתנה טובה צוגענומען און אַלע אין איין קול האָבען זיי אויסגעשריען: „נעשה ונשמע!”

דאָס האָט פּאַסירט דעם זעקסטען טאָג אין חודש סיון פון יאָהר תמ״ח לאלף השלישי, אַלזאָ מיט 3,231 יאָהר צוריק.

אַ שעהן ביסעל יאָהרען, האַ? און מיר אידען האַלטען זיך נאָך ביי דער טייערער מתנה, וואָס די אומות העולם האָבען דעמאָלט פאַרוואָרפען און אין האַנד אריין ניט געוואָלט נעהמען!

און זיי, די אומות העולם, אויף צופּוקעניש, איז פון דער קליינער תורה׳לע אויסגעוואַקסען אַ גוואַלדיגע, אונגעהויער גרויסע תורה און זי האַלט נאָך אין וואַקסען פון טאָג צו טאָג.

פון דעם קליינעם קלומיקעל, וואָס אַ קינד וואָלט געקאָנט פאַר־טראָגען, איז אויסגעוואַקסען אַן אונגעהויער גרויסע דעפּאַרטמענט סטאָר, אַ ריזען געשעפט, וואָס האָט מאַגאַזינען אויף דער גאַנצער וועלט! די גרעסטע שטאָדט וואָלט מען געקאָנט אָנפילען מיט דעם סטאָק, וואָס מיר אידען האָבען ערוואָרבען פון דעם אַמאָליגען קלו־מיקעל, און עס שעפּט זיך גאָר ניט אויס און עס קומט נאָך צו אַלץ מעהר און מעהר, ווייל ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים, די תורה איז לענגער פון דער ערד און ברייטער פון ים.

אַלע אומות, אָט די, וועלכע האָבען אַמאָל דעם רבונו של עולם אויסגעלאַכט און האָבען זיין מתנה צוריקגעוויזען, זיינען אונזערע קאָסטאָמערס. זיי האָבען זייערע תורות געבויט אויף די פּרינציפּען פון אונזער תורה. זיי האָבען גענומען סחורה פון אונזער דעפּאַרט־מענט סטאָר און ביי אונז איז גאָר ניט ווייניגער געוואָרען.

דאָס האָבען געקאָנט באַווייזען אידען, ביזנעס פעהיגע מענשען און אַן עם חכם ונבון. ווען די תורה פאַלט אריין אין גוי׳אישע הענט וואָלטען זיי ניט געקאָנט פון איהר מאַכען דאָס וואָס זי איז.

אידישע נעזער האָבען באַלד דער־שמעקט, אַז אין דעם קליין קלומיקעל, מיט וועלכען גאָט האָט געפּעדעלט, ליגט אַ מזל ברכה און זיי האָבען עס צוגעכאַפּט און דאָס געשעפטעל פיין אַרויסגע־אַרבייט. מען האָט עס שוין פיעל מאָל געוואָלט אוועקנעהמען ביי

זיי, אָבער אַ מכה! עפּעס רעכטס לאָזט אַ איד ניט אַרויס פון זיין האַנד.

און ווער עס האָט אַ האַנד און ווער עס האָט אַ קאָפּ, לײגט עפּעס צו אין דער גרויסער הייליגער קראָם און זי ווערט גרעסער, פעסטער און שטאַרקער, די אומות העולם צו להכעיס.

דערמאָהנט זיך, וויפיעל קענוועסערס, סיילסלייטע און קלויירקס מיר האָבען יעצט אין אונזער הימעלשער דעפּאַרטמענט סטאָר! דערמאָהנט זיך, וויפיעל מענשען ציהען חיונה פון אונזער תורה, פון אונזער אמונה! עס איז דאָך ניט אָפּצושאַצען און ניט משער צו זיין וויפיעל מיר האָבען, אָהן עין הרע, רבנים, מגידים, דרשנים, רעווערענדס, מוהלים, שוחטים, סופרים, מלמדים, חזנים, משגיחים און דעסגלייכען! און וועלכער איז ניט דירעקט אָדער אינ־דירעקט פאַרבונדען מיט דער גרויסער דעפּאַרטמענט סטאָר, וואָס האָט ברענטשעס אין דער גאַנצער וועלט? אפילו מילך־הענדלער, פשוט'ע מילך־הענדלער, לעקען פון איהר אָפּ אַ מילכיג ביינדעל אום שבועות, ווען מיר זיינען מחויב צו עסען בלינצעס און אַנדערע מילכיגע מאכלים! ווען ניט די תורה וואָלטען מיר קיין יום טוב שבועות ניט געהאַט און מיר וואָלטען קיין בלינצעס ניט געדאַרפט עסען און מילך־הענדלער וואָלטען ניט געלייזט.

דערפאַר טאַקע זיינען די אומות העולם אונז שונאים. זיי זיינען זיך מתקנא אָן אונז און עס פאַרדריסט זיי די מעשה, וואָס מיר האָבען געכאַפּט אַזאַ מציאָה! ווער האָט זיי געהייסען זיין פויערים? ניכאַי וואָלטען זיי די תורה גענומען!

# אקדמות לשנת תרע"ז

(דיזער שיר איז פארפאסט געוואָרען, ווען אמעריקא איז געוועזן אויפ'ן שוועל פון מלחמה מיט דייטשלאַנד).

אקדמות מילין ווענען דעם חג בלינצאָ — — — — — — — — — תא
וועל איך בעטען ערלויבנים און רשו — — — — — — — — — תא
צו רעדען מכח די איצטיגע צר — — — — — — — — — תא
מכח דער בלוטיגער, מורא'דיגער מלחמ — — — — — — — — — תא
די טראגעדיע האלט שוין אָן תלתא ש — — — — — — — — — תא
עס זיינען געפאלען קרבנות לאלפים ולרבב — — — — — — — תא
בלוט איז שוין פארגאָסען געוואָרען נהר — — — — — — — — תא
א האלבע וועלט געמאכט יתומים ואלמנו — — — — — — — — תא
מען האלט מלחמה אויפ'ן ים און ביבש — — — — — — — — תא
מיט אלערליי כלי משחית און סאָבמאַרינ — — — — — — — — תא
מען דערטרינקט, מען הרג'עט בחרבא ובקש — — — — — — — תא
מען ברענט און מען מאכט חרוב עולמ — — — — — — — — תא
אין אמעריקא איז מען געזעסען עד הש — — — — — — — — תא
רוהיג, שטיל און זיכער בשלום ושלו — — — — — — — — — תא
דאָ איז א מדינה לעילא מן כל ברכ — — — — — — — — — — תא
לאָמיר, הארציגער פאָטער, האָבען אזא שנ — — — — — — — תא
אויסצורעכענען כסדר איהרע מעל — — — — — — — — — תא
דארף מען זיין א באריהמטער ספרא רב — — — — — — — — תא
מיר אידישע קינדער, חבורתא קדיש — — — — — — — — — — — תא
לעבען דאָ שטענדיג ווי אין ערן גנ — — — — — — — — — תא
מיר פיהלען דאָ קיינמאָל קיין שום נלו — — — — — — — — תא
און ווייסען ניט פון קיין שום גזיר — — — — — — — — — תא
קיין מורא פאר פאָגראָמען און אנדערע צר — — — — — — — תא
פאר הולינאנעס, צוויי פיסיגע חי — — — — — — — — — — תא
ניטאָ דאָ פאר אידען קיין באזונדערע דינ — — — — — — — תא
איד און גוי זיינען אלע גלייך בחברו — — — — — — — — — תא

ניטאָ קיין תחום, קיין אידישע טשער — — — — — — — — תא
מיר האָבען רשות צו וואוינען בכל אתרו — — — — — — — — תא
פריי איז פאַר אונז די גאַנצע מדינ — — — — — — — — תא
אפילו די סאמע וואשינגטאָן בירג — — — — — — — — — — תא
מען יאָגט אונז ניט ווי א זינדיגע נשמ — — — — — — — — — תא
און מיר זיינען רוהיג בימְמא וליל — — — — — — — — תא
אַלע זיינען גלייך, למדן און בור דאורי — — — — — — — תא
יעדער איינער איז א מיסטער סאָ ענד — — — — — — — תא
אמעריקא איז א מדינה פול מיט כל עשיר — — — — — — — תא
און אַלע קענען געניסען די גרויסע ברכ — — — — — — — תא
יעדער קען דינען זיין גאָט בחירו — — — — — — — — — תא
מען קען היטען אידישקייט פונקט כהלכ — — — — — — — תא
אַלע קענען דאָ ערגרייכען פיל גדול — — — — — — — — תא
דורך פעהיגקייט, שכל און חכמ' — — — — — — — — — תא
אז גאָט העלפט קענט איהר האָבען א זכו — — — — — — — תא
צו זיין א קאָבלעפעל אין דער סאַמע מלכו — — — — — — תא
א נפקא מינה פון דאָ צו אַן אנדער מדינ — — — — — — — תא
אקוראט ווי פון מרדכי צו, להבדיל, פרשנד — — — — — — תא
זאָגען אז אמעריקא טויג ניט איז אַן עול — — — — — — — תא
און ווער עס זאָגט עס, איז א שלומיאל רב — — — — — — תא
זעהט נור אמעריטשקא'ס גרויסע גבור — — — — — — — תא
ווי זי ערלעדט שנעל אוים גרינע חי — — — — — — — — תא
א הויזקע אפערייטאָר. וועט אייך זאָגען בנאו — — — — — — תא
אז ער איז א בקי אין כל שבע חכמ — — — — — — — — תא
א פשוט'ע אידענע, א יענטע פון כל ימי ש — — — — — — — תא
האָט חשק צו פיהרען זיך דאָ ווי א גביר — — — — — — — תא
מוז האָבען דזשולערי, א גאָלדענע מורה שעו — — — — — — תא
א הויז אויסגעפּאָרנישד מיט כל כלי חמד — — — — — — — תא
פאָהרט אין די קעטסקילס על טורי רמו — — — — — — — תא
און האָט דאָרט פלעזשור שלשה ירחי ש — — — — — — — תא
ניט פאָהרען אין קאָנטרי איז ח"ו א סכנ — — — — — — — תא
אקוראט זי איז דערצו געוואוינט מבי — — — — — — — — תא
מען מעג דערמאָנען קאָלומבוס'ן לטיבו — — — — — — — תא
ווייל אמעריקא איז אונזער שטיקעל גאול — — — — — — — תא

אצינד אָבער שטעהען מיר בהאי שע — — — — — — — — תא
אויך אונטער'ן מורא'דיגען פייער פון מלחמ — — — — — — תא
עס צופלאַקערט זיך דאָ דער העלדישער אש — — — — — — תא
און מיר זיינען געווים אין גרוים סכנ — — — — — — — תא
מיר זיינען היינטיגען שבועות אין דאג — — — — — — — תא
ווייל עס ערוואַרטעט אונז ח"ו גרוים צר — — — — — — — תא
אָבער מיר דארפען עס אָננעמען לטיבו — — — — — — — תא
דען מיר האָבען פאַרט א שטיקעל נחמ — — — — — — — תא
צאַר ניקאָלאַי איז ניט לאַנג בחרפ — — — — — — — — — תא
ארונטערגעזועצט געוואָרען פון כסא מלכו — — — — — — תא
מיר האָבען אָן איהם דערלעבט נקמ — — — — — — — — תא
שטעלט איהם א פייג און רופט איהם ויז — — — — — — תא
ער האָט אונז געפרעסען ווי א יון קאַפּום — — — — — — תא
און ניט געגעבען קיין בארוהטע שעו — — — — — — — — תא
אצינד האָט מען איהם טיף אין דער אדמ — — — — — — תא
און מען מעג מיט איהם שלאָגען כפר — — — — — — — — תא
די מלחמה וועט נאָך אונז ברענגען ישוע — — — — — — תא
און ארץ ישראל וועט זיין אונזער ירוש — — — — — — — תא
א איד וועט נאָך זיצען על כסא מלכו — — — — — — — תא
א ר' שמערעל וועט זיין גובערנאַטאָר ברמו — — — — — — תא
רבנים וועלען זיין דזשאָדזשעס על כסא דינ — — — — — — תא
שמשים — פּאָליסלייט, אונזערע נטורי קר — — — — — תא
חזנים — אָפּערא זינגער ווי אַמאַטאָ און קאַרו — — — — תא
מלמדים — פּראָפּעסאָרען צו לערנען חכמ — — — — — — תא
יעדער איינער וועט זיך האָבען זיין גנ — — — — — — — תא
און ניט זשעדנע זיין א ציבעלע און פאַטיי — — — — — — תא
פיינען און באָקסער וועט מען עסען בחדו — — — — — — תא
און ראָזשינקעס און מאַנדלען ביי יעדע סעוד — — — — — — תא
לאָמיר האָפען אז דאָס וועט געשעהן בהאי ש — — — — — — תא
און לאָמיר דערווייל מאַכען א קידושא רב — — — — — — תא
לאָמיר פארבייסען מיט פעטע בלינצאָ — — — — — — — — תא
און פרעהליך זינגען זמירות ושיר — — — — — — — — — תא

# די בלינצע און די קניידעל.

**(א שבועות'דיגע קאמעדיע אין איין שקט).**

## פארשווינדלאך:

מיס קניידעל — — — — — — — — — — — — א דיקע און א קוילעכדיגע.
מאדאם בלינצע — — — — — — — — — — — א לאנגע און א דינע.
מיסעס אבי ווער — — — — — — — — — — — א געוועהנליכע אידענע.

---

צייט דער האנדלונג — — — — — — — — — — שבועות אין דער פריה.
ארט — — — — — — — — — — — — — אין קיטשען אויפ'ן אויוועז.

---

אויף א הייסען אויוועז שטעהט א בלעך מיט בלינצעס וואס פרעגלען זיך אין פוטער. נעבען דער בלעך שטעהט א טאפ, אין וועלכען עס קאכען זיך פליישיגע קניידלאך פון מצה מעהל. איין בלינצע איז אויפגעהויבען מיט איין ברעג און זי קוקט אויף א קניידעל וואס שווימט אום אין טאפ אין דער הויך. די קניידעל, ווידער, קוקט אויף דער בלינצע.

---

בלינצע: העלא, מאדאם קניידעל! וואס טוסטו דא?
קניידעל: און וואס טוסטו דא?
בלינצע: איך? המ... מיך האט מען צוגעגרייט צו דער מילכיגער סעודה. דו ווייסט ניט, אז היינט איז שבועות און עס איז א מצוה צו עסען בלינצעס? אבער דו ביסט דאך גאר א פסח'דיגע, ווי קומסטו ערשט אהער?
קניידעל (שטאלץ): מיך האט מען א גאנץ יאהר אויך ניט פיינט. און דאס ווייסטו, אז איך בין מעהר יחסן'טע פון דיר?
בלינצע: מיט וואס דהינו?
קניידעל: ווייל מיך עסט מען פסח, די צייט ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים און איך בין דער סימבאל פון פרייהייט.
בלינצע: און איך בין אויך ניט אראפגעפאלען ביי זיך, ווייל מיך עסט מען אום שבועות, דער טאג ווען מען האט געגע־

בען די תורה, און איך בין דער סימבאָל פון דער אידישער רעלי־גיאָן.

קניידעל (שפּאָטיש): אויב אזוי, האָסטו זיך טאַקי מיט וואס צו איבערנעמען! א גלייכען דאָס איז; רעליגיאָן צו פרייהייט! זאָלאנג מען האָט אויף זיך די פליכטען פון א תורה, פון אן אמונה, איז מען ניט פריי.

בלינצע: אָבער ווען ניט די תורה וואָלט קיין פּסח ניט געווען און דו וואָלסט קיין ראָלע ניט געשפּילט.

קניידעל: וואָס האָט עס צו דער תורה? און אָהן א תורה וואָלט מען ניט געפייערט א באפרייאונגס יום טוב?

בלינצע: איך ווייס ניט וואס עס וואָלט געווען; אָבער דער־וויל, ווער האָט געהייסען מאַכען פּסח, אז ניט די תורה?

קניידעל: בע, מע! וואָס האָסטו א טשייניק מיט דיין תורה? זעהסטו, צו פרייהייט שטרעבען אלע, פאר פרייהייט קעמ־פען אלע: סאָציאַליסטען, אנארכיסטען, בונדיסטען, סתם רעוואָ־לוציאָנערען, און ווער ניט?

בלינצע: האָב מיר קיין פאראיבעל ניט, קניידעל, דו פלוי־דערט אזוי ווי א שכור'ע גויע! און די תורה, די אידישע רעלי־גיאָן איז דען ניט געגנען שקלאפעריי און אונטערדריקונג?

קניידעל: דאָס איז נאָך ווייניג. היינט איז מען פריי פון רעליגיאָן, פון דער תורה גופא אויך! היינט איז מען פריי געזאָ־גען, יו נאָו וואָט אי מין?

בלינצע: דו ביסט אפילו קיילעכדיג, דורכאויס קאָפּ ביסטו; אָבער קיין שכל האָסטו פאַרט ניט! אָט זעהסטו דאָך, אז מ'ען האלט פון שבועות און מען מאַכט בלינצעס.

קניידעל (בייזלאך): לאַנגער נאר, וואָס דו ביסט! אָט מאכט מען דאָך קניידלאך אויך! דו מיינסט די תורה מיינט מען? דיך מיינט מען.

בלינצע: שקר וכזב, מען האלט טאקע פון דער תורה! אָט ווי דו ביסט א קנאַקערקע, א סימבאָל פון פרייהייט, ווי דו זאָגסט, פון דעסטוועגען ווען מען געפינט פּסח א האָבערנעם קערנדעל אין דעם טאָפּ אין וועלכען מען קאָכט דיך, ביסטו קאַפּוט מיט די ביינער און מען שמייסט דיך ארויס, ווייל אזוי וויל די תורה.

קניידעל (אויפגערעגט): פעט, מעט, פעט! ניטאָ היינט אזעלכע נאַראָנים.

בלינצע: שאַ, אָט וועסטו זעהן ווען מען וועט פריהער עסען, מיך אָדער דיך.

קניידעל: און טאָמער וועט מען דיך פריהער עסען, מיינסטו אז דו ביסט שוין א יחסן'טע? דאָס איז אַלץ אמאָל ביי די תורה אידלאך געווען אן אונטערשייד פריהער שפּעטער; ביי פריי־געזאָנענע איז ניטאָ קיין יחוס, קיין כבוד, ביי זיי זיינען אַלע גלייך.

בלינצע: אַזאַ מזל אויף דיר! איך האָב שוין געזעהן דיינע פרייע וואס פּראָפּאַגאַנדירען פאר פרייהייט און גלייכהייט און זיי אליין רייטען אויף די יעניגע וואס זיינען אונטער זייערע הענט.

קניידעל: א ליגען די מעשה! דערווייל הער איך פון דיר, אז דו באריהמסט זיך, אז מען וועט דיך עסען פריהער און דו ווילסט דעריבער זיין מעהר יחסן'טע פון מיר.

בלינצע: אי ביזטו א גולם! ווער פאַרהערט זיך מיט דיר אין יחוס? איך זאָג, אז מען וועט מיך פריהער עסען, ווייל דער דין איז אזוי, אז נאָך פליישיגס טאָר מען קיין מילכיגס ניט עסען.

קניידעל: כאַ, כאַ, כאַ! א נעכטיגער טאָג, היינט האַלט קיינער ניט דערפון.

בלינצע: ווען איך זאָל קענען צוקומען צו דיר, וואָלט איך דיר געצייגט אן אנדער פּראָבע: איך וואלט אויף דיר א שפּריץ געטאָן א ביסעל פּוטער וואס איך האָב אין זיך, דאן וואלט מען דיך ארויסגעווארפען אין מיסט בארעל, ווייל אזוי הייסט די תורה.

קניידעל (מיט כעס): ווער מיט וואס און זי מיט דער תורה! חצופה וואס דו ביסט, מיך וועט מען ארויסווארפען אין מיסט באַ־רעל! ניט דערלעבען וועסטו דאָס! אָט אזוי איז עס מיט די פאנאַטיקער, א רעכטערנקענדען וואָלטען זיי אין א לעפעל וואַסער דערטרונקען! פאַסקודנע בלינצע וואָס דו ביסט!

בלינצע: זאָל עס מיר געשעהן וואָס איך ווינש דיר! אָבער וואָס קאָן איך העלפען, אז דער דין איז פאָרט אזוי?

קניידעל: דו האָסט זיך איינגערעדט פוינעלאך אין בוזים! איך מאך א וועט, אז ווען אפילו דו קריכסט ארייין צו מיר אין טע־

פעל, וואלט זיך אויך אונזער מיסעס אדער דער מיסטער גאר נים געקימערט. (פויזע) שא, ווייסטו וואס? אט יוארף טאקי אוועק די גארישקייטען און קום צו מיר.

בלינצע (שפאטיש): גארישקייטען, זאגסטו? אי וועה, וואס פאר א חכמות עס שטעקט אין דיין פרייגעזאנענהייט, וואס דו זאגסט! נאו, מעס, געוועער אן יור לייף! זאלאנג איך האלט זיך ביי דאס מייניגע, האב איך נאך א תקומה, ווען אבער איך וועל אנ־הויבען געהן אין דיינע דרכים, וועט פון מיר גאר ניט ווערען.

קניידעל (אויפ׳ן אויבער): אידיאטקע! פינסטערלינג! געה אוועק פון מיינע אויגען.

בלינצע: איך האב דיך אין דער אדמה!

דער טאפ הויבט אן שטארק קאכען. די קניידעל טאנצט אום פון כעס און וויל זיךווארפען אויף דער בלינצע. די מיסעס לויפט אריין אין קיטשען מיט א לעפעל פוטער צו אונטערשמעלצען די בלינצעס. דערווייל דערזעהט זי ווי די קניידעל וויל ארויסשפרינגען און זי וויל איהר באַרוהיגען און פון איילעניש פאלט דערווייל אריין א שטיקעל פוטער אין טאפ אריין.

מיסים: אז אך און וועה איז מיר! שוין טרפה געמאכט די קניידלאך! נו, באשערט א היזק. ערשט דארף מען די קניידלאך מיט׳ן טאפ מיט אלעמען אריינווארפען אין מיסט־בארעל! א כפרה זאל עס, רבונו של עולם, זיין פאר מיינע זינד.

בלינצע (מיט טריאומף): נו, וואס זאגסטו ערשט, מיס קניידעל? ווער האט מעהר מאכט, ווער איז שטארקער, די תורה אדער דיין פרייגעזאנענהייט? זעהסטו שוין, הא? א שטיקעל פוטער האט פון דיר מיט דיינע חבר׳טעס געמאכט א בארג אש, ווייל אזוי איז דער דין פון דער תורה!

קניידעל (אויפ׳ן וועג צום מיסט־בארעל): אידיאטען! הי־פאקריטען! פינסטערלינגע!

בלינצע: שריי, ווער צוריסען שרייענדיג, באקום די פלאץ! וועמען ארט עס? תורה בלייבט תורה, דין בלייבט דין, און דו ביזט פארבליבען מיט א נאז. בע—ע—ע! (זינגט):

אקדמות מלין ושריות שותא,
תורת צוה לנו משה מורשה...

# אקדמות לשנת תרע"ח

**אין דיזען שיר ווערט דערצעהלט די וויכטיגסטע געשעהענישען פון שבועות שנת תרע"ז ביז שבועות תרע"ח.**

אקדמות מילין פון אונזער חג שבוע — — — — — — — — — תא
וועל איך בעטען ערלויבנים און רשו — — — — — — — — תא
צו רעדען מכח פאסירונגען דהאי ש — — — — — — — — — תא
פון פאר־א־יאהרען שבועות עד הש — — — — — — — — — תא
דער מורא'דיגער און בלוטיגער קריגס אש — — — — — — — — תא
פלאקערט נאך אלץ בימא וביבש — — — — — — — — — — תא
דער דייטשוק וויל פארכאפען כל עולם — — — — — — — — — תא
אזוי ווי דאס איז זיין טאטען'ס ירוש — — — — — — — — — תא
דעריבער האט באשטימט וואשינגטאן בירג — — — — — — — — תא
צו לערנען יונגע לייט תכסיסי מלחמ — — — — — — — — — תא
און אנקעל סעם מיט די עלליים בחברו — — — — — — — — — תא
וועלען דעם דייטש אנלערנען — סאקראמענ — — — — — — תא
מיכעל איז א גולם און א שלומיאל רב — — — — — — — — — תא
ווען ער רעדט זיך איין דזשאסט — — — — — — — — — — תא
דען ער וועט כאפען א גרויסע מפל — — — — — — — — — — תא
אזוי ווי אמאל המן בן המד — — — — — — — — — — — — תא
אונזערע באיעס זיינען שוין אין צרפ — — — — — — — — — — תא
און קעמפען העלדיש ווי אריו — — — — — — — — — — — — תא
עס וועלען קומען נאך לאלפים ולרבב — — — — — — — — — — תא
און מען וועט האקען ווי אין קאפוס — — — — — — — — — — תא
מען וועט פון איהם נעהמען נקמ — — — — — — — — — — — תא
פאר בלוט וואס ער האט פארגאסען נהר — — — — — — — — — תא
די באלשעוויקעס, א באנדע נארישע חי — — — — — — — — — תא
האבען פארכאפט רוסלאנד'ס כסא מלכו — — — — — — — — — תא
האבען געמאכט מיט'ן דייטשוק שלום ושלו — — — — — — — — תא
אויף זיי ביידען, גאטעניו, אזא שנ — — — — — — — — — — תא
נאכ'ן פרידען קריכט ער ווי א חזירא רב — — — — — — — — — תא

און מאכט שאָרען אין רוסישען גנ — — — — — — — — — — — תא
אָבער ער וועט קריגען איבער'ן שנוק בנבור — — — — — — — — תא
און ער וועט זיך אונטערגעבען בחרפ — — — — — — — — — — תא
מען וועט באַזינגען די יונקערשע מלכו — — — — — — — — — — תא
און געווינען פרייהייט און חירו — — — — — — — — — — — תא
פאַר געדריקטע נעבאָך אַ ריכטיגע ישוע — — — — — — — — — תא
און פאַר די מענשהייט בכלל אַ גאול — — — — — — — — — — תא
עס וועט זיין אַ נצחון בתופים וטראָמפּיי — — — — — — — — — תא
און מיר וועלען זינגען פרעהליכע שיר — — — — — — — — — — תא
אַ דוחק אויף קויהלען צוליעב דער מלחמ — — — — — — — — — תא
און מיר האָבען געליטען קעלט און צר — — — — — — — — — — תא
ווען די פרעסט האָבען געברענט ווי אש — — — — — — — — — — תא
געפרוירען ווי קאַקרוטשעס בימָמא וליל — — — — — — — — — תא
אפילו אין אונזערע סטיעם־היטעד דיר — — — — — — — — — — תא
איז אויך געוועען קאַלט ממש אַ סכנ — — — — — — — — — — תא
דעם זייגער געררוקט ווייטער אויף שעו — — — — — — — — — — תא
מיר דאַוונען און מאַכען פריהער די סעוד — — — — — — — — — תא
אַלץ צו פאַרדאַנקען די יונקערשע מלכו — — — — — — — — — תא
וואָס וויל באַהערשען די וועלט ברמו — — — — — — — — — — תא
דערהויבען איז געוואָרען מבירא עמיק — — — — — — — — — — תא
יעדע פרוי אין לאַנד און יעדע בתול — — — — — — — — — — תא
זיי האָבען באַקומען שטים־רעכט און אַ דעו — — — — — — — — תא
וועמען אויסצוקלייבען אין דער מלכו — — — — — — — — — — תא
אַ קאָנגרעסמאַניכע אין וואַשינגטאָן בירג — — — — — — — — — תא
העלפט מאַכען אַמעריקא'ס געזעצע ודינ — — — — — — — — — תא
און קאָנדוקטאָרקעס פעהלען ניט בכל אתרו — — — — — — — — תא
שטאָלצירען מיט די מעשענע קנעפּלאַך בגאו — — — — — — — — תא
עס פעהלט זיי נאָר אַ דעה בבתי כניש — — — — — — — — — — תא
און קריגען מפטיר און אַנדערע עלי — — — — — — — — — — — תא
און זיך אָנטאָן אין טלית־קטן'ס וטוטפ — — — — — — — — — — תא
און אליין מאַכען הבדלה וקידוש — — — — — — — — — — — תא
אָנשטאָט צו באָרגען ביים „פעטער" על משכנ — — — — — — — — תא
נעהמט דער פעטער שמואל ביי אונז הלוא — — — — — — — — — תא
זיינע ליבערטי באָנדס שוין פעמים תל — — — — — — — — — — תא

האָבען מיר צוכאַפּט מיט גרוים חדו — — — — — — — — — — — תא
ווייל מיר האָבען אין איהם גרוים אמונ — — — — — — — — — תא
אז ער וועט באַצאָהלען מיט פּראָצענט רב — — — — — — — — — תא
דער אידישער קאָנגרעס האָט געהאַט קיין זכו — — — — — — — — תא
אויפּצוּמאָן עפּעס פאר די אנשי גלו — — — — — — — — — — — תא
ער איז איינגעלשאָפען און חלומ׳ט בשינ — — — — — — — — — תא
לאָמיר איהם פּותר חלום זיין לטיבו — — — — — — — — — — תא
ארץ־ישראל אנערקענט אלס אונזער ירוש — — — — — — — — — תא
פון ענגלאנד, אמעריקא און אנדערע מלכו — — — — — — — — — תא
אוים גלות, מיר האָבען שוין דערלעבט נחמ — — — — — — — — — תא
מיר וועלען דאָרט זיצען בתקפה ובגבור — — — — — — — — — תא
מיר האָבען שוין געזאמעלט א פאָנד דגאול — — — — — — — — — תא
וואָס האָט געבראַכט געלט לאלפים ולרבב — — — — — — — — — תא
עס געהען אויך אהין אידישע לגיונ — — — — — — — — — — — תא
צו באַשיצען אונזער לאַנד בחרבא ובקש — — — — — — — — — תא
עס איז נאָר א ספסוך איבער׳ן לשון לחישו — — — — — — — — — תא
וואָס מען זאָל ריידען אין אונזער מדינ — — — — — — — — — תא
מאנכע ווילען דוקא אונזער לשון קדיש — — — — — — — — — תא
און אנדערע שרייען: נאָר אונזער לשון גלו — — — — — — — — — תא
אָבער דאָס וועט ניט אָפּהאַלטען די גאול — — — — — — — — — תא
וואָס וועט, האָפענטליך, קומען בהאי ש — — — — — — — — — תא
איבער־א־יאָהר אם ירצה השם בהאי שע — — — — — — — — — תא
וועלען מיר זיצען זיכער אויף אונזער אדמ — — — — — — — — — תא
מיט אייגענע רעגירער, אן אייגענע מלכו — — — — — — — — — תא
וואָס וועט זיך פיהרען נאָך דיני דאורי — — — — — — — — — תא
מיר וועלען געניסען אל דאָס גוטס ועשיר — — — — — — — — — תא
און לעבען גליקליך ווי גאָט אין אדע — — — — — — — — — תא
מיר וועלען דאַן פּראַווען דעם חג שבועו — — — — — — — — — תא
מיט פרעהליכע הערצער, מיט פיעל גדול — — — — — — — — — תא
מיט פעטע בלינצעס און א קידושא רב — — — — — — — — — תא
און זינגען א נייעם אקדמות אלע בחברו — — — — — — — — — תא

# מסכת בלינצעס.

הוצאות השבועות שתים שהן ארבע — שבועות איז א צוויי־ענדיגע הוצאה און עס קאָסט אפשר פיר מאָל אזוי פיל ווי אַן אנדער יום טוב; שבשאר ימים טובים אין שמחה אלא בבשר, אנדערע ימים טובים עסט מען בלויז פליישיגס; מה שאין כן בעצרת, אָבער שבועות איז ניט אזוי, — שחיבין לאכל בשר, חלב, בלינצעס ודגים מטוגנים בחמאה, שבועות איז מען מחויב צו עסען אי פלייש, אי מילך, אי בלינצעס און פיש געפרעגעלט אין פוטער.

תני ר' גץ החלבן — ר' געצעל דער מילכינגער האָט געלע־רענט: כמו שחובה לאכל לביבות בפסח, אזוי ווי מען איז מחויב צו עסען קניידלאך אום פסח, כך חובה לאכל בלינצעס בעצרת, אזוי איז מען מחויב צו עסען בלינצעס אום שבועות; דתנן, וואָרום מיר האָבען געלערנט: אוכלין חדש בעצרת, אום שבועת דאַרף מען עסען חדש, ואמר ר' בונם הפונדקאי, און ר' בונם דער רעס־טאָראנט קיפער האָט געזאָגט: חדש זה בלינצעס, חדש מיינט מען בלינצעס; מפני שחדש בגמטריא הכי הוי, ווייל די ווערטער „חדש" און „בלינצעס" טרעפען אַן ביידע גלייך, „חדש" איז 312 און „בלינצעס" איז אויך 312.

מתיב ר' גרונם הטבח — האָט ר' גרונם דער בוטשער א קשיא געפרעגט: בשלמא לביבות בפסח, קניידלאך אום פסח איז רעכט וואָס מיר עסען; מפני שהלביבות רמז לכדורים ואבני בליסטראות שזרקו מצרים על ישראל, ווייל די פסח'דיגע קנייד־לאך איז א רמז אויף די קוילען און באָמבעס מיט וועלכע די מצרים האָבען געשאָסען אויף די אידען, ווען זיי האָבען זיי אום פסח געפאקט ביים ים; אבל מה ענין בלינצעס אצל אקדמות? אָבער וואָס פאַר א שייכות האָבען די בלינצעס מיט'ן אקדמות? אמר ליה ר' גץ, האָט ר' געצעל איהם געזאָגט: מפני שהבלינצעס נעשין מחלב, ווייל די בלינצעס ווערען געמאַכט פון מילכיגס;

והתורה נמשלה לחלב, און די תורה איז געגליכען צו מילך; שנאמר, אזוי ווי אין פּסוק שטעהט: דבש וחלב תחת לשונך.

מאַטקע הרוכל — מאַטקע דער פּושקאַרט פּעדלער; הוי יתיב ודרש בשבחה של תורה קמי שפּרינצע דביתהו, איז געזעסען און גע'דרשנ'ט וועגען די שבחים פון דער תורה פאַר זיין פלונית'־טע שפּרינצע. יתיב וקאמר, איז ער געזעסען און געזאָגט: מפּני מה אוכלין בלינצעס בשבועות? פאַר וואָס עסט מען שבועות בלינצעס? מפּני שהבלינצעס נעשין מחלב, ווייל די בלינצעס ווערען געמאַכט פון מילך; והתורה נמשלה לחלב, און די תורה איז געגליכען צו מילך. אמרה ליה דביתהו, האָט די אידענע צו איהם געזאָגט: אם כן? אז יא אזוי? אז מען דאַרף שבועות האָבען אזעלכע זאַכען צו וואָס די תורה איז געגליכען? הרי נמשלה התורה לתכשיטין נמי? איז דאָך די תורה געגליכען צו דזשולערי אויך? שנאמר, אין פּסוק שטעהט: יקרה היא מפּנינים, די תורה איז טייערער ווי דיימאָנדס, היינט פאַר וואָס האָסטו מיר ניט געקויפט קיין דזשולערי אויף יום טוב? מיד נסתתמו טענותיו, האָט מאַטקע ניט געהאַט וואָס צו ענטפערען און זי האָט איהם איינגעצאָהלט א שעהנע פּאַרציע.

באותה שעה אמרו — אין יענער צייט האָט מען געזאָגט: כל המלמד את אשתו תורה, דער וואָס לערענט מיט דער ווייב תורה, הרי זה שוטה גמור, האָט יענער קיין שכל פאַר א קאַץ, ווייל אמאָל טרעפט, אז זי לערענט דערפאַר מיט איהם בלק.

תניא — מיר האָבען געלערענט: סוחרי חלב עושין שמחת בית השאבה בעצרת, מילך הענדלער פּראַווען שמחת בית השואבה אום שבועות; ונותנין מים בחלב לשליש ולרביע און זיי גיסען אריין אין די מילך א דריטעל אָדער א פירטעל וואַ־סער. מאי טעמא? וואָס איז דער טעם? מפּני שהתורה נמשלה למים, ווייל די תורה איז גלייך צו וואסער, כדכתיב, אזוי ווי אין פּסוק שטעהט: הוי כל צמא לכו למים.

חסידים ואנשי מעשה — חסידים און אזוי פרומע אידען; מתפּללין עם ותיקין בעצרת, דאַווענען שבועות ביים ערשטען מנין; כדי לאכל בלינצעס בהשכמה, כדי צו עסען די בלינצעס אין דער פריה; לקים מה שנאמר, צו מקיים זיין וואָס אין פּסוק שטעהט: חדשים לבקרים, חדשים דאַרף מען עסען אין דער פריה; ואֵין

חדש אלא בלינצעס, און חדש מיינט מען בלינצעס, כדאמרו, אזוי ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט.

כמה בלינצעס חיב אדם לאכל בשבועות? וויפיל בלינצעס דאַרף אַ איד עסען אום שבועות? ר׳ גרונם הטבח אומר אחת, ר׳ גרונם דער בוטשער זאָגט: איינע. כנגד התורה שהיא יחידה, אנטקעגען דער תורה וואָס זי איז אַן איינציגע. אחרים אומרים שתים, אנדערע זאָגען אַז מען דאַרף עסען צוויי; כנגד שני לוחות הברית, אנטקעגען די צוויי לוחות. ר׳ גץ החלבן אומר חמש, ר׳ געצעל דער מילכיגער זאָגט פינף; כנגד חמשה חומשי תורה, אנטקעגען די 5 חומשים פון דער תורה; ור׳ טוביה פעמפּאַק אומר עשר, און ר׳ טעוועלע פעמפּאַק זאָגט, אַז מען מוז אויפעסען צעהן שטיק, כנגד עשרת הדברות, אנטקעגען די צעהן געבאָט.

אמר ר׳ זאנוויל השניפּישקאי — ר׳ זאנוויל דער שניפּישקער האָט געזאָגט: אראה בנחמה. זאָל איך אזוי זעהן אַל־דאָס גוטס; שראיתי לאדם אחד, ווי איך האָב געזעהן אַ מאַן; שאכל עשר בלינצעס בקינוח סעודה, וואָס האָט אריינגעפּאַקט צעהן בלינצעס אלס פאַרבייסען נאָכ׳ן עסען. אמר ר׳ רעבתן, האָט ר׳ רעבתן געזאָגט, תיתי ליה, זאָל עס יענעם ענטקעגען קומען אויף יענער וועלט; דקים מצות בלינצעס כדבעי, ווייל ער האָט מקיים גע־ווען די מצוה פון בלינצעס ווי געהעריג איז.

דרש רבי טודרוס הצהוב — ר׳ טודרוס דער געלער האָט גע׳דרשן׳ט: מפני מה קורין רות בשבועות? פאַר וואָס לייענט מען רות אום שבועות? מפני שרות בגמטריא ת״רו, ווייל דאָס וואָרט „רות״ באַטרעפט 606; צא וחשוב, געה און רעכען צו, שש השעורים שנתן לה בועז ומצות יבום שקים באותה שעה, די זעקס מעסטלאַך גערשטען וואָס בועז האָט איהר געגעבען און די מצות יבום וואָס ער האָט דאַמאָלס מקים געווען; הרי תר״יג, וועט עס אויסמאַכען 613 וואָס איז מרמז אויף די תר״יג מצוות פון דער תורה וואָס מען האָט אונז אין דיזען טאָג געגעבען.

מפני מה קורין אקדמות? וואָס לייענט מען שבועות אקדמות? מפני שכל שורה ושורה מסימת בתא, ווייל יעדע שורה ענדיגט זיך מיט „תא״ און „תא״ מאַכט תורה אחת.

מנהג קדמונים לפזר בבית עשבים ועלים בעצרת — עס איז

א פאַרצייטיגער מנהג אויסצושפּרייטען אין הויז גרינע גראָז און בלעטער אום שבועות; מאי טעמא? וואָס איז דער טעם? תני דבי ר' ליץ, האָבען ר' ליץ'ס חברה געלערענט: ללמדך שבזמן שקבלו ישראל את התורה היו ירוקים, צו צייגען, אז ווען די אידען האָבען גענומען די תורה זיינען זיי געווען גרינהאָרנס און ניט גע־וואוסט ווי צו האַנדלען; שאלמלא כן, ווייל ווען ניט אזוי; היה להם לאמר כך, האָבען זיי געדאַרפט אזוי זאָגען: רבונו של עולם, נקבל את תורתך ונקים את כל הכתוב בה, רבונו של עלם, מיר וועלען נעהמען די תורה און מקיים זיין אַלעם וואָס דו האָסט אין איהר אָנגעשריבען; אבל בתנאי שלא תתן רשות לאומות העולם למשל בנו, אָבער מיט דעם באדינג, אז דו זאָלסט ניט לאָזען אַנדערע פעלקער געוועלטיגען אויף אונז און טאָן מיט אונז וואָס זייער האַרץ גלוסט.

ר' שמעלקע המגיד ור' פייוויש הבטלן הוי יתבו ואכלו בלינ־צעס בחדרי — ר' שמעלקע דער מגיד און ר' פייוויש דער בטלן זיינען געזעסען און געגעסען בלינצעס צוזאַמען. קם ר' שמעלקע ודריש מעניא דיומא, איז ר' שמעלקע אויפגעשטאַנען און גע־דרשן'ט פון ענין פון טאָג; פתח ואמר, האָט ער אָנגעהויבען און געזאָגט:

מאי בלינצע וואָס באדייט דאָס וואָרט בלינצע? — בל ינאץ; בלינצע מאַכט „בל ינאץ". אומרת כנסת ישראל, די כנסת ישראל זאָגט: אם אין אנחנו מקימין את התורה, איוב מיר זיינען ניט מקים די תורה; בל ינאץ, זאָל דער רבונו של עולם ניט אין כעס זיין; מפני שעול גלות הכביד עלינו אכפו, ווייל דער יאָך פון גלות באלעסטיגט אונז און עס איז שווער אַלעם פינקטליך אָפּצוהיטען. ובבת קול משיבן, און א בת קול ענט־פערט זיי: חימה אין לי, איך בין, קינדערלאך, אויף אייך ניט ברוגז, איהר טוט געווענ נאָך אייערע אומשטענדען; כפלח הבלינצע רקתך, אפילו די ריקים, די פוסטיאקעס וואָס צווישען אייך זיינען אויך אָנגעפילט מיט מצוות ווי א בלינצע מיט קעז. אידעלאך זיינען געווען אידעלאך און וועלען פארבלייבען אידעלאך לעולם ועד.

# וִידוי פון א פרומען אידען.

## א.

## על חטא שחטאנו בהרהר הלב.

אלול אין דרויסען און איך הויב אָן טראַכטען וועגען תשובה.

ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך, דאַכט זיך, אַן אמת עהרליכער איד, ניט קיין הולטאַי, חלילה, ניט קיין גנב, ניט קיין גזלן, ניט קיין באַטריגער, ניט קיין מחלל שבת׳ניק, ניט קיין שקרן, ניט קיין רכילות טרייבער, ניט קיין לשון־הרע׳ניק, ניט קיין חונף, ניט קיין צוויי פנים׳דיגער, ניט קיין אוכל טרפות און ניט קיין אפיקורוס, חס ושלום; איך בין א איד א מאמין, א בעל בטחון, א איד וואָס דאַווענט אלע טאָג, וואָס לעגט תפילין, וואָס טראָגט ציצית, וואָס האָט מזוזות אויף אלע טירען ,וואָס וואַשט זיך צום עסען, וואָס בענשט און לייענט קריאת שמע, וואָס לערנט אלע טאָג א פּרק משניות, וואָס זאָגט אָפּט א קאַפּיטעל תהלים, — דאַכט זיך א גלאַטע כשר׳ע נשמה, פון דעסטוועגען, אַז איך הויב אָן זוכען, אַז איך הויב זיך אָן באַרעכען, האָב איך גענוג אויף וואָס תשובה צו טאָן. אז איך באַרעכען זיך גוט, קלייבט זיך אויף א פּעקעל,

וואָלט אַזוי לייכט געווען צוו קריגען אלדאָס גוטס, וואָלט אַזוי לייכט געווען אויסצובעטען א גוט יאָהר, ווי לייכט עס איז א אידען אויסצוגעפינען עבירות. א גרויסע מלאכה ביי א אידען זינדיגען! א איד זינדיגט אמאָל מיט דער מחשבה. א געדאַנקעל פליהט איהם דורך אין זיין קאָפּ און ער איז שוין פאַרטיג! „על חטא שחטאנו לפניך בהרהר הלב“ — זיי אונז מוחל, גאָטעניו, אויף די זינד וואָס מיר האָבען געגען דיר גע־זינדיגט מיט׳ן טראַכטען, מיט׳ן אין זינען האָבען, בעטען מיר אלע יום כפור. ביי אידען איז מחשבה כמעשי דמי — ווען מען טראַכט עטוואָס בייזעס, איז אלץ איינס ווי מען זאָל עס האָבען

געטאָן. היינט וועלכער מענש קען זיך עס אויסהיטען פון בייזע מחשבות?

„לא תחמד” שטעהט ביי אונז אידען אין איין רייהע מיט „לא תרצח” און „לא תגנב” און אנדערע הארבע עברות. די זאך וואָס מען טאָר ניט טאָן, טאָר מען אויך ניט וועלען. די זאך וואָס איז פארבאָטען, טאָר מען אפילו אין זינען ניט האָבען. אָבער דער וועלער ווייסט ניט און וויל ניט וויסען, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר ניט. א ביטערער בחור, דער וועלער! איהם קענט איהר ניט איינהאלטען, אפילו ווען איהר באזיצט שמשון הגבור'ס גבורה. איהר קענט זיי א בריה צו באקעמפען דעם יצר הרע און ניט טאָן א זאך וואָס מען טאָר ניט; אָבער עס איז זעהר שווער ארויסצוטרייבען פון געדאנק אירגענד וועלכע מחשבה, אירגענד וועלכען רצון. אז עס ווילט זיך, ווילט זיך.

איהר קענט גיכער באקעמפען א פאַליסמאַן, א פרייז פייטער און זאָגאר א גזלן, איידער אייער אייגענעם געדאנק, אייער אייגענעם וועלער, און דאָך איז עס א זינד און איהר דארפט דערויף תשובה טאָן.

אפילו א ריח רע, א שלעכטער גערוך, איז ביי אונז, אידען, אויך אָפטמאָל אן עבירה... און שלעכטע ריחות פעהלען דאָ ניט. איהר שפירט זיי אין הויז, אין סטריט, אין פאַבליק פלעצער, אין מאַנכע אַנשטאַלטען, אין טעמפלען, און — מען טאָר עס ניט רעדען — אפילו אין די שולען אויך. עטוואָס איז פויל אין אמעריקאַנער אידישען לאגער און וואו איהר זאָלט ניט וועלען אויסרעדען א אידיש וואָרט, שפירט זיך עפּעס פערדומפּפען, צו־נעפוילט און פארדאָרבען.

א איד זינדיגט אָפט אויך מיט די אויגען מיט דער זעהונגס־קראַפט וואָס גאָט האָט איהם געשענקט. ניט אַלעס מעג א איד זעהן און ניט אויף אַלעס מעג א איד קוקען. עס איז א אידען פארבאָטען צו קוקען אויף פּרויענצימער, אויפ'ן פנים פון אן אָדם רשע און אויף די כהנים בעת זיי דוכן'ען.

דער חוש השמיעה, די הערונגס־קראַפט איז ביי א אידען אויך ניט פריי. ער טאָר ניט הערען קיין רכילות, קיין לשון הרע, קיין מוזיק אין די „ניין טעג”, און הערען א קול פון אן אשה איז אפילו אום פורים אויך אן עבירה.

אויף אזא אופן, קען שוין אזא איד ווי איך זיין ריין פון זינד? און קען שוין אפילו א גרעסערער צדיק פון מיר זאָגען, אז זיין נשמה איז דורכאויס ריין? נעווער אין לעבען.

א איד איז אן איידעלע זאך. ער דארף זיין זייבער אוי־סערליך און אינערליך. די פראגע איז אָבער, אויב אימיצער קען עס אויספיהרען, אויב אימיצער קען עס באווייזען! מען דארף זיין פון די ל"ו צדיקים, אום צו קענען נאָכקומען אלעס וואָס אי־דישקייט פאָדערט.

און דארום בין איך ניט געגאַרט אין זיך און איך ווייס גאנץ גוט, אז איך בין זינדיג און דארף תשובה טאָן. ווארום אויב אפילו איך האָב ניט געזינדיגט בפועל, דורך טאַט, האָב איך געזינדיגט מיט דער מחשבה, מיט'ן געדאנק.

איך בין זיך מודה ומתורה און איך טו תשובה מיט'ן גאנצען הארצען אויף די זינד וואָס איך בין אין פארלויף פון יאָהר בא־גאנגען דורך אונריינע מחשבות. אָט האָב איך, למשל, ניט איין מאָל געוואָלט אויסזידלען אָדער זאָגאר אויספראסקען מאנכע זאָ־גענאנטע טובת הכלל'ניקעס, וועלכע זוכען אויסצונוצען די ענער־גיע, די מיה און די טעטיגקייט פון זיי אליין און פון אנדערע בלויז פון זייער אייגענעם כבוד וועגען. לייטע זוכען צו בויען נייע קלייזלאך, צ באשאפען ניי אינסטיטוציאָנען, כדי באריהמט צו ווערען, כדי צו ווערען מנהלים, גבאים אָדער פרעזידענטען. אָנשטאָט צו שטיצען און העלפען אויפהאלטען אלטע אנשטאל־טען, וועלכע עקזיסטירען פון פריהער, זוכען זיי צ' בויען נייע צוליב א הייפעלע כבוד אָדער צוליב אנדערע אייזענע אינטע־רעסען.

פאר וואָס זאָלען אלע צדקה־געבער און עוסקים בצרכי ציבור זיך ניט פאראייניגען און ארבייטען אלע צוזאמען אויף איין גע־ביט? זאָל מיר אסור זיין, אויב אימיצער וואָלט געהאט דאגע־נען אזא טראָסט, אפילו דער שטרענגסטער ריכטער וואָלט אזא טראָסט ניט פאראורטיילט.

און ווי געזאָגט, האָט זיך מיר שוין פיל מאָל געוואָלט זידלען און פאטשען אזעלכע כלל־טוער. איך האָב עס ניט געטאָן, אָבער די מחשבה אליין צו פאטשען אידען, צו מביש זיין זיי ברבים, איז שוין געגוג, ווייל דאָס איז גלייך אזוי ווי איך זאָל עס האָבען

גנעטאָן און איך דארף דערויף תשובה טאָן און זיך קלאפען אין הארצען: „על חטא שחטאתי לפניך בהרהר הלב".

עס זיינען אפילו פאראן אידען וואָס פאטשען אונז אין פנים אריין, וואָס מאכען אונז צו שאנדע אין פארשי־ענע פרטים; אָבער אויף זיי די עבירה. איך ווינש מיר ניט, אז אזא זינד זאָל מיר פאָרקומען צום יום הדין.

און אפשר בין איך גאָר יענע אומזיסט חושד, אפשר איז גאָר זייער כונה צו גוטען, אפשר איז מיין מיינונג וועגען זיי גאָר א פאלשע, און חושד זיין אידען איז אויך אן עבירה. החושד בכשרים לוקה בגופו — דער וואָס פארדעכטיגט כשר'ע, עהר־ליכע מענשען, ווערט, חס ושלום, געשטראָפט אין זיין קערפער. סאי ווי סאי האָב איך מיט מיין מחשבה געזינדיגט און איך דארף דערויף תשובה טאָן.

## ב.

## על חטא שחטאנו בלצון.

מיר אידען האָבען צוויי קלינינג סיזאָנס. צוויי מאָל אין יאָהר איז ביי אונז באשטימט צו רייניגען, צו שייערען און צו פוצען. פאר פסח רייניגט מען די הייזער און פאר ראש השנה איז די צייט צו רייניגען די נשמות.

און כשם, אזוי ווי אפילו די ציכטיגסטע באלעבאָסטע, אפילו די גרעסטע בריה, וואָס האלט איהר הויז ריין א גאנץ יאָהר, גע־פינט פאר פסח שמוץ וואס מען דארף אויסראמען, אזוי איז אויך מיט דער נשמה. דאכט זיך גאָר קיין שלעכטעס ניט געטאָן א גאַנץ יאָהר, דאכט זיך געדינט גאָט טריי און עהרליך, דאכט זיך געהאלטען די נשמה ריין אויפ'ן בעסטען אופן, פון דעסטוועגען, ווען מען נעמט זיך פאר ראש השנה, פאר'ן יום הדין זוכען, גע־פינט מען אויף איהר שמוץ און שימעל, אזש חלשית פאר זיך אליין.

און איך נעם טאקי מיך אליין אלס ביישפיל. אויפ'ן בליק, דאכט זיך, א ציכטיגער מענש, א איד, וואס האָט א ריינע, כשר'ע נשמה, ריין אזוי ווי די ליכטיגע זון אין הימעל; א איד וואָס

האָט אַ גאַנץ יאָהר געדינט גאָט מיט'ן גאַנצען האַרצען, געדאַווענט, געלערענט און געטאָן לויטער מעשים טובים, אפילו קוקענדיג דורך אַ מיקראָסקאָפּ, זעהט אויס, קען מען אויף מיר קיין מינדעסטען פלעק ניט געפינען, דאָך, אַז איך נעהם עיִשט, אין די תשובה טעג, אָפּגעבען זיך אליין חשבון הנפש, אַז איך נעהם בודק זיין מיין נשמה, זעה איך, אַז זי איז פארפלעקט, פארשמוצט און אַז זי דארף האָבען אַ גוטען פּאליש.

מען טאָר אפילו ניט מלמד חוב זיין אויף אידען, מען טאָר אידען ניט באשולדיגען, אָבער מיר דאַכט, אַז זעהר ווייניג זיינען פאראַן אזעלכע וואָס זיינען אין גאַנצען פּטור פון „אשמנו" און די „על חטא'ס".

עס איז אמת, אַז מיר טרייבען איבער צופיל, אַז מיר לעגען אויף זיך ארויף זינד וועלכע מיר זיינען קיינמאָל ניט באַגאַנגען. איך וועל קיינמאָל אין לעבען גלויבען, אַז עס איז דאָ ערגיץ אַ אידיש קינד וואָס האָט ווען עס איז עובר געווען אויף די אַלע עבירות וואָס זיינען אויסגערעכענט אין ווידוי פון יום כפור'דיגע שמונה עשרה. ווען חלילה מיר זאָלען טאַקי זיין אזוי זינדיג, וואָלט ניט געהאָלפען אונזער בעטען, אונזער פּיעשטשען זיך און מיר וואָלטען, חס ושלום, שוין לאַנג פון דער וועלט אָפּגעמקט געווארען.

אונזער גליק איז, וואָס דער רבונו של עולם, דער יודע הכל, ווייס אַז מיר זיינען מגזמים, איבערטרייבער און מיר שטעלען פאַר זאכען פיל ערגער ווי זיי זיינען. ווען אַ איד קריגט אַ קלאַפּ זאָגט ער: מען האָט איהם גע'הרג'עט, און פאַר יעדע קלייניגקייט קען אַ איד איינער אויפ'ן אנדערען זאָגען כל־בו. כאַפּט אויס ביי אַ אידען אַן עליה אָדער אַ פּסוק פון „אתה הראת", איז פאַר איהם רעכט צו רופען אייך: גנב, גזלן און אַלעם וואָס אין קאָרט שטעהט.

אָבער אין גאַנצען פיינע מענשען זיינען מיר קיינער ניט. איך אליין פיהל ערשט, אַז איך האָב אַ שטיקעל חלק אין „על חטא", אַז איך בין אַ היבשע ביסעל געכאַפּט אין ניט קיין שיִהנע מעשים און איך טו ערשט דערויף תשובה.

על חטא שחטאתי לפניך בזלזול הורים ומורים, איך טו תשובה, נאָטעניו, אויף די זינד וואָס איך האָב געגען דיר געזינדיגט מיט

האלטען וואכעדיג, מיט פאראכטען, מיט ניט נוהג כבוד זיין על־טערען און לעהרער.

ניט געגען מיין טאטע מאמע, ניט געגען די רביים ביי וועל־כע איך האב אמאל געלערענט האב איך די דאזיגע זינד באגאנגען. מיינע נעבורטס־עלטערען און מיינע רביים האב איך געהאלטען בכבוד. איך האב זיי געשעצט און געאכטעט, איך בין זיי גע־הארכזאם געווען, געפאלגט אלעס וואס זיי האבען מיר געהייסען און זייער רצון איז ביי מיר געווען טייער און הייליג. אבער גע־זינדיגט האב איך פיליכט געגען מאנכע פון אונזערע שטאדט־טאטעס און געגען מאנכע פון אונזערע פאלקס־לעהרער. זיי האב איך מזלזל געווען, זיי האב איך געהאלטען פאר ביליג און זיי האב איך געאורטיילט פון דער שלעכטער זייט.

איך האב געווארפען א חשד, אז מאנכע פון זיי האבען אין זינען זייערע אייגענע אינטערעסען, כבוד אדער ווייס איך וואס, און איך האב זיי אין הארצען מזלזל געווען, געהאלטען פאר וואָ־כעדיג.

און אזוי האב איך ניט געפיהלט קיין רעספעקט, קיין אכטונג צו מאנכע פון די היגע פאלקס־לעהרער. נאך מיינע אנזיכטען זיינען דא פאראן אזעלכע וואס קליימען אז זיי זיינען לעהרער פון די אונוויסענדע מאסען, אבער אנשטאט צו לערנען, צו אויפקלעה־רען זייערע תלמידים און מאכען זיי פאר מענשען, רויבען זיי פון זיי אוועק דעם שטיקעל מענשליכען גייסט וואס זיי האבען גע־בראכט פון דער היים. זיי פארשטאפען זייערע מחות מיט נא־רישע אידעען, מיט פאלשע אמונות, מיט דומע האפנונגען; זיי קארמענען זיי מיט נייע תורות, מיט נייע לעהרעס, וועלכע זייערע אבות אבותם האבען ניט געוואוסט; זיי גיבען זיי איין משונה־דיגע, אומגעלומפערטע ברעך־מיטלען, דורך וועלכע זיי טרייבען פון זיי ארויס דעם אידישען גייסט, די אידישע כחות און מאכען זיי פאר ווילדע ברואים. ניט איינמאל האב איך געטראכט, אז מיר האבען דא שטיף־טאטעס אנשטאט טאטעס און פארפיהרער אנשטאט לעהרער.

אבער איך בין דאך ניט מעהר ווי א זינדיגער בשר ודם. מיין השגה איז ניט אזוי שארף, אז איך זאל אלעס גרינדליך קענען באגרייפען. פיליכט האב איך ניט פארשטאנען, פיליכט

האב איך ניט געוואוסט, פיליכט בין איך בלינד געווען און ניט געזעהן ריכטיג, פיליכט האב איך אומזיסט פאראכטעט אונשולדיגע מענשען, פיליכט זיינען די, אין וועלכע איך האב געצווייפעלט, טאקע אונזערע טאטעס און אונזערע לעהרער, טו איך ערשט תשובה אויף דעם חטא פון „זלזול הורים ומורים".

על חטא שחטאנו לפניך בלצון. איך טו תשובה, גאטעניו, אויף די זינד וואס איך האב געגען דיר געזינדיגט מיט פראווען לצנות, מיט אפלאכען פון וואס עס איז. איך בין אפילו ניט דער מענש צו מאכען חוזק אדער אפשפאטען פון אירגענד וועלכע זאך, בפרט פון א דבר שבקדושה אודאי ניט, דאך האב איך מורא, אז איך בין אין דיזען חטא נכשל געווארען.

א קלייניגקייט. איך האב דא געזעהן א שול, א גרויסע שול, וואס איז געבויט געווארען לשם שול און אונטען איז א קארסעט־סטאר און א הער־דרעסינג פארלאר, אין וועלכע מען ארבייט און מען טוט משא ומתן אום שבת. אין דער הויך שטעהען אידען אין טליתים און שרייען „ושמרו בני ישראל את השבת" און אונטען פיט מען קארסעטען, מען פיקסט די פאמפאדורס און מען פאודערט די פנים'ער! פארבייגעהענדיג דעם דאזיגען מקום קדוש, איז מיר איינגעפאלען אין זינען פאלגענדע הלצה:

אין דער תורה ווערט דערצעהלט, אז בני אלקים, מלאכים האבען געזעהן מענשליכע טעכטער ווי שעהן זיי זיינען און זיי האבען זיך גענומען ווייבער וועלכע זיי האבען געוואלט. איז דאך די קשיא: ווי אזוי זיינען מלאכים געקומען צווישען מיידלאך: איז דער תירוץ: זיי זיינען א שבת אדער א יום טוב ארונטערגעקומען אין א שול מקבל זיין די אידישע תפלות, האבען זיי פארבלאנדזעט אונטען אין קארסעט סטאר אדער אין העיר־דרעסינג פארלאר און זיי האבען זיך דארט פארליבט אין די מיידלאך וואס האבען געפיט קארסעטען אדער צורעכט געמאכט זייערע לאקען. טראכטענדיג וועגען דיזער הלצה, האט מיך דער יצר הרע א קיצעל געטאן און איך האב געמוזט לאכען, אבוואהל דאס איז געווען געלאכט מיט יאשטשערקעס.

און אויך די איינענע מעשה. אפשר טאר מען פון אזא מקום קדוש אויך סיין לצנות ניט פראווען? און דארום טו איך דארויף

תשובה און איך קלאפ זיך באצייטענס אין הארצען: „על חטא שחטאתי לפניך בלצון".

## ג.

## על חטא שחטאנו בהונאת רע

דער העברעאישער שריפטשטעלער פרץ סמאָלענסקין פאנגט אָן זיין „התועה בדרכי החיים" מיט פאָלגענדע ווערטער:

„איך האָב געבלאָנדזעט אין די וועגען פון לעבען. און אויב מען וועט מיך פרעגען, ווארום איך האָב געבלאָנדזעט, וועל איך ענטפערען: ווייל איך האָב שטענדיג געזאָגט: „איך האָב גע־בלאָנדזעט", וואָרום ווען איך זאָל געוועזן שכל האָבען און זיך באַ־דענקען צו יעדער צייט, ווען מיר איז אויסגעקומען צו טאָן א נארישקייט אָדער אַן עולה און באלד אויפ'ן אָרט זאָגען „איך בלאָנדזע", וואָלט איך די נארישקייט אָדער די עולה ניט געטאָן."

די צרה איז טאקע וואָס מיר זעהען זיך ארום צו שפעט, ווען מיר האָבען שוין די עבירות אָפגעטאָן; ווען אָבער יעדער איינער זאָל זיך כאפען אויף זיינע פעהלערען בעת מעשה, ווען ער געהט אראָפּ פון גלייכען וועג, און זיך א קלאפ טאָן אין האר־צען: „איך זינדיג", וואָלטען אונזערע נשמות געוועזן ריין און מיר וואָלטען יום כפור פארשפאָרט זאָגען „אשמנו" און די „על חטא'ס".

איך מעסט, ברידערלאך, אַלעם אָן אויף זיך אליין. איך בין זיך מודה ומתודה, אז איך בין איינגעטונקט אין זינד און אַלץ צוליב דעם, וואָס מען זעהט זיך ערשט ארום לאחר המעשה, נאָכ־דעם ווי די פעהלערען זיינען שוין געמאכט געוואָרען. ווען אָבער איך זאָל פריהער געוועזן זיין אזוי איבערלעגט, ווי איך בין ערשט, אין די תשובה טעג, וואָלט איך יעצט פארשפאָרט וידוי זאָגען.

על חטא שחטאתי לפניך בהונאת רע. איך טו, רבונו של עולם, תשובה אויף די זינד וואָס איך האָב געגען דיר געזינדיגט מיט נארען לייטען.

אויסערליך ווייזט זיך אויס, אז איך האָב קיינעם ניט גע־נארט, קיינעם ניט באטראָגען, קיינעם א פאלש וואָרט ניט גע־

זאָגט. דאָך פיהל איך ערשט, אַז מיין נשמה האָט אויף זיך אַ פלעק פון דיזער עברה.

ניט איין מאָל האָב איך גענאַרט לייטען, ניט איין מאָל האָב איך געטאָן זאכען ניט ווייל איך האָב עס געמיינט און ניט ווייל מיין כונה איז דערביי געווען. איך האָב עס געטאָן אום צו פאַרבלענדען לייטען די אויגען, אום זיי זאָלען מיינען אַז איך בין דאָס, וואָס איך בין אין אמת'ן ניט. ניט איין מאָל האָב איך גענאַרט און גע'גנב'עט די דעה זאָגאַר ביי מיין אייגענער ווייב.

אַ סך מאָל בין איך, למשל, אין שול געגאַנגען און עליות געקויפט און איך האָב עס ניט געמיינט ערנסט. איך האָב עס נאָר געטאָן, ווייל איך האָב ניט געוואָלט איינרייסען מיט מיין ווייב, מיין שוויגער און מיינע לאַנדסלייט, אָבער מיין הארץ איז דערביי ניט געווען. דער יצר הרע, אַ כפרה זאָל ער ווערען, האָט מיר פאַרטומעלט דעם מח און מיר אריינגעגעבען אַ טריפה מחשבה, אַז די שולען דאָ אין אַמעריקא זיינען ניט מעהר ווי אַ פאַנטאַ־מימע, אַן אָנשטעל, מען טאָר עס ניט זאָגען, אַ מין בלאָף אין גאָט'ס נאָמען, און דער רבונו של עולם וואָלט מעהר צופרידען געווען, ווען מען זאָל איהם ליבען און מען זאָל צו איהם תפלה טאָן יעדער איינער ביי זיך אין דער היים.

און אַז דער ימח־שמו'ניק, דער יצר הרע, כאַפּט זיך אריין צו אייך אין מח, געפינט ער שוין ארגומענטען צו באווייזען אייך, אַז אַלעס וואָס ער זאָגט איז תורת לאָקשען. ער האָט אַזאַ טרפה'נע גבורה, צום שווארצען יאָהר, אַז ער קען אייך פאַרשלע־פען קיין בויבעריק און אייך אריינהאַקען אין קאָפּ ווייס איך וואָס.

קומט ער, למשל, דער פּאַסקודניאַק, און דערצעהלט מיר אַ מעשה, אַז אַ טאַנץ־האָל אָדער אַ מיטינג־לאָקאַל קען ניט דינען אלס מקום קדוש, ווייל ווי אַזוי, זאָגט ער, קען דאָרט רוהען די שכינה, אַז בחורים און מיידלאך טאַנצען דאָרט און זיינען נוהג קלות ראש! ווי אַזוי, טענה'ט ער, קען דער כבוד פון כביכול אהין אריינקומען, אַז סאָציאַליסטלאך און אַנאַרכיסטלאך האַלטען דאָרט מיטינגען און לאַכען און שפּאָטען פון אַלעס וואָס הייליג איז און רייבען אום שבת מעטשעס אַן אָרון הקודש צו פאַרסמוקען סיגאַרעטלאך! און אויף די גרויסע שולען, אויף די רעגולע שולען,

מיינט איהר, האָט ער נאָר ניט צו זאָגען? אי זאָגט ער! פאַר־שטומט זאָל ער נאָך ווערען, דער אלטער כל־בו'ניק!

האָט ער מיר אַ שטייגער אַנגעוויזען אויף אָרטאָדאָקסישע שולען, וואו מען פארקויפט אום יום טוב אָדער אום שבת טיקעטס צו הערען דעם חזן; האָט ער מיר אַנגעוויזען אויף קנאה, שנאה און מחלוקות וואָס קומט ארוים צוליב כיבודים און עליות, און נאָך עהנליכע זאַכען. זיי האלטען אין די שולען מגידים, מוסר־זאָגער, האָט ער מיר איינגעשמועסט, און זיי, די בעלי הבתים אליין, אָדער אפילו די סאַמע מנהלים טוען זאַכען וואָס מען טאָר ניט. און זאָל דער מגיד זיך אונטערשטעלען אויפמערקזאם מאַכען זיי אויף זייערע פעהלערען, איז ער קאַפּוט מיט זיין שטעלע. מען האלט אלזאָ ניט דעם מגיד אָדער אפילו דעם רב אלס אַ מירה דרך, אלס אַ וועג־ווייזער, נאָר צוליב אַן אנדער געוויסען צוועק, היינט צו וואָס טויג עס דער גאַנצער עסק?

ער האָט מיר אפילו, דער מנוול, אָפּגערעדט פון געהן ראש השנה אין שול. ער האָט מיר אַנגעצייגט אויף די טיקעט־סיילס שפּעט נאָך ליכט בענשען. ער האָט מיר אַנגעצייגט אויף חזנים און בעלי תפלה פראָסטאַקעס, גראָבע יונגען און זאָגאַר חטאת'ן און ער האָט מיר, דער ממזר'וק, געפרעגט די פראַגע: ווי אַזוי קענען אַזעלכע זיין אונזערע לאָיערס, אונזערע פּארטיידיגער?

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך בין אריינגעפאַלען אין אַ ספק, אויב אימיצער האָט גאָר אמונה, אַז די שלוחי ציבור האָבען עפּעס אַ פּול אין הימעל, אַז זיי קענען עפּעס אויסווירקען. איך האָב כמעט אויפגעהערט צו גלויבען, .אַז אימיצער דענקט, דאָס דער שיקזאַל פון אַ געמיינדע ליגט אין די הענד פון פאָרבעטער, וואָרום ווען אידען וואָלטען ווירקליך אַזוי געגלויבט, וואָלט שמע־רעל, למשל, אָנגעבעטען זיין בעל תפלה, אַז ער זאָל אויסבעטען אַ פינסטערען יאָהר, חלילה, אויף בערלען; בערעל וואָלט גע־זוכט אויסצואווירקען אַ מפלה, רחמנא לצלן, אויף יאַנקלען און אַזוי ווייטער און ווייטער. עס פעהלט עפּעס שנאה צווישען אונ־זערע אירעלאַך? הלואי וואָלט אונז אַזוי ניט געפעלט אַל־דאָס גוטס, ווי דאָס פעהלט ניט. אָבער אַזוי ווי קיינער איז נאָך ניט געקומען צו אַ בעל תפלה מיט אַזאַ בקשה, איז אַ סמן אַז די אמונה אין זיי איז שוואַך.

אַט אזוי האָט מיר דער יצר הרע פארדרעהט דעם קאָפּ און ער האָט מיר אָפּגעשלאָגען דעם אפעטיט פון געהן אין שול אריין. איך האָב געדענקט בעסער בעטען גאָט ביי מיר אין דער היים, וואו ער פיהלט זיך פיל־לייכט באקוועמער ווי אין די דירות וואָס מען באשטימט פון זיינעטוועגען.

אָבער געגאנגען בין איך, ווי געזאָגט, כדי צו פארבלענדען די אויגען פון אנדערע, כדי לייט זאָלען מיינען, אז איך האלט דערפון, און דארויף טו איך ערשט תשובה און בעט ביי גאָט אז ער זאָל מיר מוחל זיין אויף דעם חטא פון 'הונאת רע".

און אפשר האָב איך טאקע געזינדיגט מיט די בייזע מחשבות גופא. אפשר ווערען אזעלכע מחשבות אָנגערופען כפירה, חס ושלום, ווייל מען טאָר ניט נאָכדענקען, מען טאָר ניט צווייפלען אין א אידישען דין אָדער מנהג. אלעס וואָס אידען טוען דארף מען גלויבען, אז מען ארף אזוי טאָן, אז עס איז גלייך און גוט און קיין ברעקעל ספק דארף אריינפאלען אין אַן אמת אידיש הארץ. איך דארף זיך אלזאָ ווידער א מאָל קלאפען אין האר־צען: „על חטא שחטאתי לפניך בכחש ובכזב", זיי מיר מוחל, טאטעניו, אויף די זינד וואָס איך האָב געגען דיר געזינדיגט מיט לייקענען, מיט זיין אונגלויביג, מיט צווייפלען אין זאכען, אין וועלכע מען דארף אוּן מען מוז אמונה האָבען.

# דער נייער „רבונו של עולם.״

(א מאָנאָלאָג פון א אידענע נעבען א פּושקאַרט מיט ספרים).

איך בין צו אייך, מיסטער, געקומען נאָך א נייעם „רבונו של עולם״. איהר האנדעלט דאָך מיט הייליגע ספרים, האָט איהר דאָך מסתמא א „רבונו של עולם״ אויך. איך קום אזש פון אפּ־טאון, קום איך. דאָרט, וואו איך וואוין, קאָן מען עס ניט קריגען, האָט מען מיר געזאָגט, אז אין העסטער סטריט קריגט מען עס, בין איך אהער געקומען.

מילא א גאנץ יאָהר ווי א גאנץ יאָהר, אָבער איצט איז דאָך עפּעס פאַר ראש השנה; איצט געהען דאָך עפּעס אזעלכע הייליגע און מורא׳דיגע טעג, וואָס אפילו א פיש אין וואסער ציטערט, דאַרף מען זיך דערמאָהנען אָן רבונו של עולם און קויפען פון זיין ליעבען נאָמען וועגען א נייעם „רבונו של עולם״.

אין דער היים האָב איך געהאַט אן אלטען „רבונו של עולם״, וואָס איז מיר געבליבען ירושה פון מיין מאמע, עליה השלום, און זי, די מאמע מיינע, האָט איהם גע׳ירש׳ענט פון איהר מאמע, פון מיין באָבע, הייסט עס. דער אלטער „רבונו של עולם״ איז מיר געוועזען באַליעבט, איינגעבאקען איז ער מיר געוועזען אין הארצען. איך האָב איהם מיטגעבראַכט אהער אין אמעריקא. אָבער קינדער, מיינע אייגענע קינדער, האָבען ביי מיר דעם טייערען אוצר אוועקגענומען. שטיקלאכווייז האָבען זיי איהם געריסען, פּיצלאכווייז האָבען זיי איהם געצופּט, ביז זיי האָבען איהם אין גאנצען פון מיר גע׳פּטר׳ט.

ווען זיי האָבען אָנגעהויבען רייסען און צופּען מיין אלטען „רבונו של עולם״, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון דער היים, האָבען זיי צוזאמען געריסען און געצופּט מיין הארץ. איך קאָן אייך, פּעטערשי, גאָר ניט אָפּמעלדען, ווי איך האָב דערפון געליטען. עס איז געוועזען פּונקט ווי זיי וואָלטען שניידען מיין פלייש מיט מעסערס. אויף פּוסטע פעלדער און אויף וויסטע פעלדער געזאָגט דאָס וואָס איך האָב זיי דערפאַר געוואונשען. ניט איין מאָל האָב איך אויף

זיך אליין געבעטען דעם טויט, ווייל עס איז מיר פשוט נמאס געווען דער לעבען. וואס הייסט? מען נעהמט ביי מיר אוועק אזא טייערע און ליעבע זאך — א „רבונו של עולם"! איך האב גאר ניט גע־רענקט, אז איך וועל קאנען לעבען אהן דעם. איך האב זיך גאר ניט געקאנט פארשטעלען, אז איך וועל קאנען אויסקומען אהן א „רבונו של עולם". אבער א מענש ווערט צוגעוואוינט צו אלעס און איך בין דערצו אויך צוגעוואוינט געווארען...

עס האט מיר וועה געטהאן און עס האט אויפגעהערט וועה טאן. איך האב געליטען און איבערגעליטען. איך האב געוויינט און זיך איבערגעוויינט און עס האט מיך שוין נאכהער אויפגעהערט קימע־רען, ווען מיינע זיהן און טעכטער האבען מיין אלטען „רבונו של עולם" ממש מיט די פיס געטראטען. מיך האט שוין אפילו אויפ־געהערט קימערען, ווען איך אליין האב איהם ווילענדיג אדער ניט ווילענדיג ניט נוהג כבוד געווען.

אט אזוי, מיין פריינד, איז עס געגאנגען ווי א מזמור. ביס־לאכווייז־ביסלאכווייז האבען די קינדער ביי מיר אוועקגע׳גזל׳ט דעם אלטען „רבונו של עולם". איך האב זיך די ערשטע צייט גע־וועהרט. אבער נאכהער האב איך זיך אויפגעהערט וועהרען, און אפשר נאך אליין מיטגעהאלפען, אז איך זאל איהם אין גאנצען פארלירען.

אן ארימע פרוי בין איך געווען אין דער היים, א פינסטערע, וויסטע און עלענדע אלמנה. די קינדער זיינען געווען דא אין אמעריקא און זיי פלעגען מיר פון צייט צו צייט עטוואס צושיקען אויף חיונה. אבער ווי האב איך געלעבט? די וואס ווינשען אונז בייז זאלען ניט לעבען בעסער ווי איך האב געלעבט. וואס האב איך געגעסען? די וואס ווינשען אונז בייז זאלען קיין בעסערס ניט עסען. א דירה האב איך געהאט, מעג מען דאס אויך ווינשען אונ־זערע שונאים. אבער פונדעסטוועגען איז מיר גאר ניט אזוי שלעכט געווען. ווען עס איז מיר אנגעכמארעט געווארען אויפ׳ן הארצען, האב איך געפינען טרייסט אין „רבינו של עולם", אין דעם אלטען „רבונו של עולם", וואס איך האב געהאט בירושה פון מיין מאמען אין מיין באבע, א ליכטיגען גן עדן זאלען זיי האבען. איך פלעג זיך אויסוויינען פאר איהם און עס פלעגט מיר גרינגער ווערען אויפ׳ן הארצען. טרערען פלעגען מיר דינען אלס קאמפאט, אלס צימעס

נאָך מיינע אָרימע און ניט זאַטע מאָלצייטען. און ווי געשמאַק זיינען די געזאַלצענע טרערען געוועז! ווי זיס, ווי אַנגענעהם, זאָל מיר אָסור זיין, אויב איך קאָן היינט פיהלען אַזאַ טעם אין די בעסטע מאכלים, אין די געשמאַקסטע פליישען און צימעסען.

דער „רבונו של עולם" איז מיר שטענדיג געוועזן פאַר מיינע אויגען. אין שטוב, אין היילינגען בית המדרש און אין גאַס האָב איך איהם אין זינען געהאַט. איך האָב געגלויבט, אַז ער שטראָפט מיך, אַז מיין אָרימקייט, מיין נויט, מיין עלענד און מיין צובראָכען נעמיט קומען אַלץ פון איהם. פונדעסטוועגען האָב איך איהם ליעב געהאַט. מיין לעבען, מיין נשמה איז ער געוועזן און מיר איז קיינ־מאָל ניט איינגעפאַלען, אַז איך וועל זיך ווען עס איז מיט איהם שיידען אפילו אויף אַ שעה, אויף אַ מינוט, אויף אַ רגע.

מיינע קינדער האָבען מיך אַריבערגעבראַכט אַהער. איך האָב מיין „רבונו של עולם" מיטגענומען. איך האָב איהם פון זינען ניט אַרויסגעלאָזט. אויפ'ן וועג, אי אויף דער יבשה, אי אויפ'ן ים, אין מיינע שרעק און ליידען אויף מיין רייזע, איז ער געוועזן מיין טרייסט. צו איהם האָב איך דרוכאוים געהאָפט, אין איהם האָב איך דורכאוים געהאַט בטחון און פאַר איהם האָב איך מיין הארץ אויס־געגרעדט. איך זאָל זיך געוועזן ריכטען, אַז די אַמעריקא וועט מיך פון איהם אָפרייסען, וואָלט איך זיכער אַהער ניט געקומען.

פאַרשאָלטען האָט געזאָלט ווערען דער טאָג אין וועלכען מיי־נע קינדער האָבען נאָך מיר געשיקט. פאַרשאָלטען האָט געזאָלט ווערען דער טאָג, אין וועלכען איך בין אַרויסגעפאָהרען פון דער היים און פאַרשאָלטען האָט געזאָלט ווערען דער טאָג, אין וועלכען איך בין אַהער געקומען. איהר פאַרשטעהט דאָך מסתמא, ר' איד, אַז איך בין אָנגעקומען צו מיינע קינדער אויף לאַסקאַווען ברויט און זיי האָבען באַלד אָנגעהויבען פאַרלאַנגען פון מיר, אַז איך זאָל מיין טייערען רבונו של עולם פאַרגעסען. ביים ערשטען ברוך הבא האָבען זיי מיר געהייסען אויסטאָן מיין פאַרוק און געהן מיט די אייגענע האָר אַזוי ווי אַ גוי'ע. האָב איך ניט אַזוי גיך נעפאָלגט. האָבען זיי מיך גערופען „שייטעלע גנב".

שווער איז מיר געוועזן דער אָנפאַנג, די ערשטע התחלה. איך האָב געוויינט, געקלאָגט אין דער שטיל. איך האָב זיך געוואונשען, שונאי ישראל, דעם טויט. אָבער נאָכהער האָב איך זיך אונטער־

גענעבען. א שטיקעל צייט האָב איך זיך געשעהמט פאר זיך אליין; עס איז אויף מיר אויך געלעגען א בייזע מורא. איך האָב געפיהלט, אז איך דער׳רגז׳ן דערמיט מיין רבונו של עולם, וועלכען איך האָב זיך שטענדיג געהיט ווי ווייט מעגליך ניט אריינצוברענגען אין כעס; אָבער די שאנדע און די מורא זיינען ביסלעכווייז פארשוואונדען און עס איז ביי מיר רעכט געוואָרען ניט צוצודעקען דעם קאָפּ און געהן ווי א גוי׳ע מיט די איינענע האָר.

דערמיט האָט זיך אָנגעפאנגען. דאן האָבען מיך מיינע קינדער אָנגעהויבען אָפּרייסען פון הייליגען שבת, פון מיינע שבת׳דיגע תחינות און פון מיינע היימישע שבת׳דיגע תענוגים. בגלוי ראש זיינען מיינע זיהן געזעסען ביים שבת׳דיגען טיש און מיינע בענש־ליכט האָבען זיי פאררוקט אין קיך אין א ווינקעל, ווייל זיי האָבען זיך דערמיט געשעהמט. מיינע טעכטער זיינען אויך ניט בעסער געוועזן און זיי האָבען אויך געהאָלפען צו פארשטערען מיינע שבתים און דערוויטערען מיך אַלץ מעהר פון מיין אלטען רבונו של עולם.

צו יענער צייט זיינען מיינע קינדער געוועזן אונפארהייראַט. שבת פריה האָב איך זיי אליין געמוזט וועקען צו דער ארבייט, און שפּעטער האָבען זיי מיך ביסלעכווייז איינגעוואוינט איך זאָל אפילו צוגרייטען פאר זיי א פרישען שבת׳דיגען אָנבייסען.

אָט אזוי איז דאָס, מיסטער לעבען, געגאנגען אלע מאָל ער־גער און ערגער. וואָכעדיג זיינען געוואָרען מיינע שבתים און ימים טובים, וואָכעדיג איז ביי מיר געוואָרען אלעס וואָס עס איז ביי מיר אמאָל געוועזן הייליג. ביסלעכווייז האָבען זיי מיך אוועקגע־ריסען פון רבונו של עולם, ביז איך האָב אויפגעגעבען מיין דאוו־נען, מיינע קרושות, מיינע תחינות און אלעס וואָס האָט מיך גע־האלטען צוגעבונדען צו איהם און איך בין פארבליבען, איך ווייס אליין ניט ווי אָנצורופען עס.

איצט זיינען שוין מיינע קינדער פארהייראַט. איך האַלט זיך אויף אמאָל ביי א זוהן, אמאָל ביי א טאָכטער, אָבער אין ער־גיץ געפין איך ניט דעם אלטען רבונו של עולם, וואָס האָט מיר אמאָל מיין ביטערען לעבען פארזיסט און מיך קימערט עס שוין גאָר ניט. איך בין שוין אזוי צוגעוואוינט דערצו, אז מיר הויבט זיך שוין אָן צו בענקען נאָכ׳ן אלטען רבונו של עולם.

אָבער איצט, ערב ראש השנה, האָב איך זיך עפּעס פאַרבענקט נאָך איהם, מעהר ווי די אַלע ערב ראש השנה'ס וואָס איך האָב שוין דאָ איבערגעלעבט. די צרות וואָס מען הערט זיך אָן פון דער היים האָבען אפשר געבראַכט דערצו. איך דערמאָן זיך אַז אידיש בלוט גיסט זיך דאָרט ווי וואַסער. עס קומט מיר ארויף אויפ'ן זינען ווי ביטער און פינסטער עס איז איצט דאָרט אין מיין אַלטע היים. אך הויב אָן טראַכטען, אַז מיינע פריינד און חבר־טעס, מיט וועלכע איך פלעג דאַווענען אין איין בית המדרש, אויס־גיסען די הערצער פון איין תחינה, זיינען אפשר איצט נע־ונד און האָבען קיין שטיקעל ברויט צו שטילען זייער הונגער, און דאָס שלעפּט מיך עפּעס צוריק און עס ווילט זיך מיר פיהרען דעם גוטען טעם פון טרעהרען אַזוי ווי אַמאָל.

דעריבער בין איך, מיין ליבער איד, געקומען צו אייך קויפען אַ נייעם „רבונו של עולם” און איך וועל ראש השנה גען אין שול און זיך אַביסעל דערמאָנען אָן מיינע אַמאָליגע יאָהרען. וואָס קאָסט ביי אייך אַ „רבונו של עולם” צוויי סענט? אך, ווען איהר קענט מיר, פעטערשי, אומקעהרען צוריק דעם אמת'ען רבונו של עולם, ניט דעם פאַפּירענעם וואָס איהר פאַרקויפט פאַר צוויי סענט, וואָלט איהר מיר אַ גרויסע טובה געטאָן. ווען איהר קענט מיר אומקעהרען דעם אַלטען, הימעלשען רבונו של עולם; ווען איהר קענט אומקעהרען צוריק מיין ליבע צו איהם, ווען איהר קענט מיר מאַכען פיהלען אַזוי ווי איך האָב אַמאָל געפיהלט, וואָלט איך אייך די טובה קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

אָבער איך האָב אַליין מורא אַז עס איז שוין צו שפּעט און איך קען שוין קיינמאָל ניט זיין צוריק דאָס וואָס איך בין אַמאָל געוועזן. גיט מיר, זייט אַזוי גוט, טשעדנזש און לאָמיר פאַהרען אַהיים. האָט מיר אַ גוט יאָהר און אַ כתיבה וחתימה טובה.

# תקיעת שופר פאַר'ן פריץ.

(אַ מעשה שהיה).

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען די פוילישע פריצים האָבען נעהאט די ממשלה, ווען זיי האָבען געשפּילט די ראָלע פון קעניגע איבער זייערע שטעדט און דערפער.

גראַף יארשעווסקי, דער פריץ פון לאַפּינישאַק, איז געווען אַ קרענק, אַ משוגענער און אַ קאַפּריזנער אַזוי ווי אַלע אנדערע רייכע פריצים פון יענער צייט.

האָט זיך איהם פארוואָלט עפּעס אַ זאַך, האָט עס געמוזט געשעהן ; האָט ער עפּעס ארויסגערעדט פון טרפה'נעם מויל, האָט שוין אנדערש ניט געקענט זיין.

מאנכע פון די איינוואוינער פון שטעטעלע האָבען פיל געליטען פון זיינע משוגענע קאַפּריזען און אַנדערע, ווידער, האָבען דערפון נאָר ניט שלעכט אויסגעמאכט.

ער פלעגט, צום ביישפּיעל, אָפּטמאָל משוגע ווערען און הייסען בעריל דעם וואסער־טרעגער געהן אַ קאַזאצקע אין מיטען גאס און ער פלעגט איהם דערפאר צוּאוואַרפען אַ רענדעל, צוויי, און אמאָל מעהר אויך. מענדיל דער בייגעל־בעקער פלעגט אָפּטמאָל ביי איהם כאַפּען אַ פעטע מטבע פאר קומען אין הויף מיט אַ קראַנץ בייגעל אויפ'ן האַלז און זינגען „מה יפית".

האָט אָבער איינער ניט געוואָלט ממלא זיין דעם פריצישען רצון, איז רעכט געווען ארויסצוטרייבען איהם פון דירה אָדער הייסען שמייסען, אַזאַ משוגענער גוי איז דאָס געווען.

משה יאָסיל דער מלמד איז געווען אַ פרומער, עהרליכער איד, מען קען זאָגען — אַ צדיק תמים. ער איז געווען אַן ארימאַן, אַן עני ואביון גרויס ווי שבת הגדול, האָט געהאט דריי דערוואקסענע מוידען חתונה צו מאכען און אַ האַלבען מנין קלענערע קינדער מפרנס צו זיין און זיינע פאַרדינסטעז האָבען איהם קיינמאָל ניט געטראָגען אויף אַזוי פיל. ער האָט דעריבער כל ימיו גע־

לעבט אין גרויס דחקות און האט קיינמאל ניט געהאט געווג אויף אויסקומענים.

דער גליק איז געווען, וואס ער, משה יאסיל אליין, און זיין ווייב פלעגען אלע מאנטאג און דאנערשטאג פאסטען; ווען ניט, וואלט אין הויז א שטיקעל טרוקען ברויט געפעהלט.

אט דיזער משה יאסיל פלעגט ימים הנוראים דאווגען שחריתים אין גרויסען בית המדרש און איז אויך דארט געווען דער תוקע. ער האט דערויף געהאט חזקה זייט צעהנדליגע יאהרען און קיין אנדערער האט קיינמאל זיין פלאץ פארנומען.

ער איז שוין געווען א איד אריבער ששים, אבער זיין דאוו־נען און זיין שופר בלאזען איז נאך געווען אזוי גוט ווי אין זיינע יונגע יאהרען.

משה יאסיל'ס תקיעות האבען געהאט א שם. זיין „למנצח" זאגען, זיין ברכה, זיין „שהחינו" זיינען געווען אן אויסנאהם אין דער וועלט. היינט זיין בלאזען שופר, איז געווען א געוואלד. ער האט זיך קיינמאל ניט אפגעהאקט אין מיטען, האט קיינמאל קיין טעות געמאכט און יעדער תקיעה, שברים אדער תרועה, פלעגט ארויסגעהן אזוי גלאט, אזוי שעהן, אז עס איז א מחיה געווען צו הערען. און פלעגט ער ארויסלאזען א תקיעה גדולה, פלעגען ממש די ווענט פון בית המדרש ציטערען.

אמת, עס פלעגט אפטמאל טרעפען אז ער פלעגט זיך אזוי אנבלאזען, אז ער פלעגט אנהויבען שפייען מיט בלוט; אבער אזא איד ווי משה יאסיל האט ניט געקוקט אויף אזעלכע קליינינ־קייטען. מה רעשי, אז עס געהט אפ א ביסעל בלוט? עס איז עפעס דא א שיעור וויפיל בלוט א איד זאל האבען?

און כאטש אלע האבען זיך געקוויקט מיט זיין דאווגען און מיט זיין שופר בלאזען, איז קהל קיינמאל ניט איינגעפאלען צו זעהן אז משה יאסיל זאל האבען אויף יום טוב הוצאות. מען האט איהם אפילו א פלעשעל וויין אדער בראנפען אויף קידוש ניט געשענקט. אויף אזעלכע זאכען האט מען זיך אין לאפינישאק ניט ארומגע־קוקט און משה יאסיל איז אויך ניט געווען דער מענש צו פארע־רען, צו פארלאנגען עטוואס פון קהל.

און עס איז ניט קיין וואונדער. דער רב פון שטעדטעל, דער דיין און דער חזן, וואס קהל איז געווים מחויב זיי צו פאר־

זאָרגען מיט חיונה, זיינען אויך געווען דריי גאָרענדיגע קבצנים. דער רב האָט געטראָגען אַ בגד מיט אויסגעריבענע אַרבעל, דער דיין האָט קיינמאָל קיין גאַנצע פּאָר שטיוועל ניט געהאַט און דער חזן האָט קיינמאָל ניט פאַרמאָגט צו קויפען זיך אַ יאַרמולקע.

משה יאָסיל פלעגט עס אָפטמאָל איבעררעדען. אַז אַך און וועה — פלעגט ער זאָגען — צו אידישע כלי־קודש. ביי די גוים אַ גלח אָדער אַ זינגער אין קלויסטער לעבען ווי די שררות. פאַר־וואוינען שעהן, עסען גוט און פאָהרען ארויס אין שעהנע בריטש־קעס מיט טייערע פערד׳ און אונזער רב, דער דיין און דער חזן האָבען ניט פון וואָנען צו לעבען. גוים האָבען ליב צו האַלטען זייערע כלי־קודש בכבוד, צו געבען זיי גוטע שכירות, און ביי אידען איז די זאַך וואָכעדיג, אַז עס איז שוין יאָ באַשערט צו זיין אַ כלי־קודש׳ניק — פלעגט ער זאָגען אין שפּאַס — זאָל מען זיין ביי גוים.

אויב משה יאָסיל פלעגט דערביי זיך אַליין אויך אין זינען האָבען, ווייס מען ניט.

איינמאָל, דעם ערשטען טאָג ראש השנה, פאַרדרעהט דעם גראף יאַרשעווסקי׳ן דעם קאָלטון צו קומען אין גרויסען בית המדרש און זעהן ווי אידען פראַווען זייערע תפלות. דאָס איז געווען פונקט פאַר תקיעת שופר, ווען משה יאָסיל האָט אָנגעהויבען זאָגען „למנצח״. דער פריץ איז זיך ארויף אויבען־אָן ביים מזרח־וואַנט און האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבען רב.

משה יאָסיל׳ס האַרץ איז דאַמאָלס געווען זעהר צובראָכען. גראַדע האָט ער יענעם זמן געהאַט זעהר אַ שלעכטען „מעמד״. אויסער דעם איז ביי איהם אַ קינד קראַנק געווען און די ציג, להבדיל, איז גע׳פגר׳ט. ער האָט דאַמאָלט געזאָגט אַ „למנצח״, אַז מען האָט איהם געמעגט אַלע גלידער אויסקושען. אפילו דער פריץ, אַן ערל טמא, איז געווען אַזוי באַגייסטערט, אַז ער איז געשטאַנען אַזוי ווי אַ סטאַטוע און ער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט.

און ווען עס איז געקומען צו די תקיעות, האָט אין בית המדרש געהערשט אַ הייליגע שטילקייט. דער פריץ, אַזוי גוט ווי די מתפּללים׳ זיינען געשטאַנען מיט גרויס עהרע־פורכט און געקוקט אויפ׳ן תוקע, ווי ער איז געשטאַנען אויפ׳ן באַלעמער אָנגעטאָן אין

קיטעל און מיט'ן טלית איבער'ן קאָפּ. און ווען ער האָט געמאַכט די ברכה „לשמוע קול שופר", האָבען די הענג־לייכטער זיך אָנ־געהויבען טרייסלען.

דאַן האָט ער אָנגעהויבען די תקיעות. יעדער תקיעה, יעדער שברים און יעדער תרועה איז ארויסגעקומען צו ענדע מיט א קוויטש און עס האָט אויסגעוויזען, אז מלאכים זינגען דאָס שירה.

דעם פּריץ איז די אידישע צערעמאָניע זעהר געפעלען געוואָ־רען און ער איז געשטאַנען מיט מויל און אויערען אָפען ביז נאָך דער תקיעה גדולה, וואָס איז ארויסגעקומען אזוי געקינצעלט, אזוי לאַנג אויסגעצויגען, אז ער איז נבהל ומשתומם געוואָרען.

ווען די תקיעות זיינען געווען צו ענדע, איז גראַף יארשעוו־סקי ארויף אויפ'ן באַלעמער און האָט געזאָגט צום תוקע: „מאָשקע, מאָרגען אום צוועלף אוהר זאָלסטו קומען אין פּאַלאַץ מיט די יעצט'גע בגדים וואָס דו טראָגסט און מיט'ן שופר און דו זאָלסט פראווען די זעלבע צערעמאָניע פאר מיין פאַמיליע און געסט וואָס איך וועל איינלאַדען".

אזוי ווי א דונער האָט אַלעמען דיזע גזירה געטראָפען. משה יאָסיל איז געבליבען שטעהן אזוי ווי געלעהמט און ער האָט מיט קיין גליד ניט געקענט ריהרען און אַלע אנוועזענדע אין בית המדרש האָבען אָנגעהויבען ציטערען.

דער פּריץ איז ארויס, האָט זיך אריינגעזעצט אין זיין קאַ־רעטע און איז אוועקגעפאָהרען.

אין בית המקדש איז געוואָרען א גרויסער טומעל. עפּעס א קליינינקייט, געהן בלאָזען שופר פאר ערלים טמאים, אין א גוי'־אישע הויז וואו עס זיינען פאראַן צלמים מיט געטצען! אָבער דער רב האָט געהייסען מען זאָל דאַווענען מוסף און נאָכ'ן דאַווענען וועט מען זוכען אַן עצה וואָס צו טאָן.

טייכען טרעהרען זיינען ביי יענעם מוסף פארגאָסען געוואָ־רען. משה יאָסיל אַליין האָט געדאַוועגט מיט אַזעלכע בכיות און יללות, אז מען האָט איהם נאָכ'ן דאַווענען אוועקגעפיהרט אהיים אונטער די הענד.

באַלד נאָכ'ן דאַווענען זיינען בעלי הבתים אוועק צום רב און מען האָט אָפּגעהאַלטען אַן אספּה. מען האָט אָבער קיין מיטעל ניט געפונען ווי אזוי מבטל צו זיין די שרעקליכע גזירה, ווייל

אלע האָבען געוואוסט, אז גראף יארשעווסקי וועט זיין וואָרט ניט ענדערען. און אזוי ווי עס איז געווען זיכער, אז אויב משה יאָסיל וועט ניט פאָלגען וואָס דער פריץ האָט איהם געהייסען, קען ער נאָך, חס ושלום, פארשמיסען ווערען צום טויט, האָט דער רב גע'פסק'ענט, אז ער מעג געהן צום גראף און בלאָזען שופר אפילו מיט א ברכה, ווייל פיקוח נפש איז דוחה אלעס.

אויף מאָרגען, צו דער באשטימטער צייט, האָט זיך משה יאָסיל געלאָזט געהן אין הויף אָנגעטאָן אין קיטעל און טלית און מיט'ן שופר אונטער'ן ארם. פאר זיין אוועקגעהן האָט איהם דער רב געבענשט און געזאָגט:

„ר' משה יאָסיל, איהר זייט ערשט אזוי ווי איינער פון די עשרה הרוגי מלכות, וואָס מען האָט געפיהרט צום טיראַנישען קעניג. געהט און גאָט זאָל אייך העלפען".

א יאָמערליכער געוויין האָט אויסגעבראָכען אין בית המדרש און די יללות פון משה יאָסלען אליין האָבען דערגרייכט דעם זי־בעטען הימעל.

מען האָט מוסף דאַווגען אָפּגעלעגט און כמעט די גאנצע שטאָדט האָט באגלייט דעם אָרימען משה יאָסיל ביז צום טויער פון גראף יארשעווסקי'ס הויף און מען האָט געוואָרט ביז ער וועט צוריקקומען.

דאָס רוב מענשען האָבען מורא געהאט אז משה יאָסיל וועט פון שרעק און עגמת נפש ניט קענען דורכפיהרען די תקיעות און מען וועט איהם נאָך, גאָט באהיט, פארשמייסען. מען איז דערי־בער געשטאַנען אויפ'ן פעלד און געזאָגט תהלים און געבעטען גאָט פון זיינטוועגען.

און דער אונגליקליכער, אָרימער מלמד איז אריינגעפיהרט גע־וואָרען צום גראף אין זאאל, וואו זיין גאנצע פאמיליע און פילע געסט זיינען געווען פארזאמעלט און מען האָט איהם געהייסען זאָגען די תפלות און בלאָזען שופר, פונקט אזוי ווי ער האָט געכטען געטאָן אין בית המדרש.

מיט א צובראָכען הארץ, אונטערטעניג און נידערגעשלאָגען, האָט משה יאָסיל אָפּגעזאָגט „למנצח" מיט גרויס געוויין האָט געמאכט די ברכה מיט שרעקליכע התלהבות, ווייל ער האָט גע־

פיהלט אז ער געהט אויף קידוש השם, און האט אפגעבלאזען שלשים קולות מיט איין אטעם.

ער איז בשלום אריבערגעקומען און די פארזאמעלטע האבען געפאטשט „בראווא".

ביי א דריי פערטעל שטונדע צייט האט זיך משה יאסיל גע־זאמט אין פאלאץ און ער איז נאכדעם ארויסגעגאנגען וויינענדיג אויפ'ן קול.

זיין פרוי און קינדער זיינען איהם אנטקעגען געלאפען מיט אויסערגעוועהנליכע שמחה, אזוי ווי ער זאל קומען פון יענער וועלט.

„משה יאסעלע!" „טאטעלע!" — האבען זיי געשריען און זיך ארויפגעווארפען אויף זיין האלז. משה יאסיל האט זיין ווייב צוגעדריקט צו זיך און געבליפעט אזוי ווי א לקיין קינד.

„וואס זשע וויינסטו?" — האט משה יאסעליכע איהם גע־פרעגט — „נארעלע, אבי א דאנק דעם, וואס לעבט אייביג, איבער־געקומען".

„איך וויין ערשט פון שמחה" — האט משה יאסיל געענט־פערט — א דאנק און א לויב דעם אויבערשטען דערפאר".

און רעדענדיג דיזע ווערטער האט ארייגעשטעקט זיין האנד אין בוזים קעשענע און האט ארויסגענומען א פעקעלע געלד.

„זעהסטו, מיין ווייב", — האט ער געזאגט וויינענדיג, — "פערציג יאהר האב איך געדאוונט און געבלאזען שופר פאר אידען און איך האב דערפון גאר ניט געהאט, און ערשט האב איך איינמאל געבלאזען שופר פאר א גוי און ער האט מיר געשענקט גאנצע צוויי הונדערטער נדן פאר אונזערע טעכטער! עס קומט שוין טאקע אוים אזוי ווי איך זאג, אז א כלי־קודש'ניק זאל מען נור זיין ביי א גוי.

## דער שר של ים פאר'ן בית דין של מעלה.

ראש השנה אין דער פריה אין קאָורט רום פון דער פמליא של מעלה.

אין הימעל הערשט א הייליגע שטילקייט. די דזשורי פון דעם בית דין של מעלה זיינען אויסגעזעצט אויף פייערדיגע שטולען ארום א פייערדיגען טיש און זייערע אויגען און אויערען זיינען געריכטעט אויסצוהערען די קלאגעס פון מלאך סמאל. דער הימלישער פראקוראָר, וועלכער האלט פאר זיי א פייערדיגע רעדע און צייגט אויף די חטאים פון פאָלק ישראל. דער מלאך מכאל, דער הימלישער סנגור — דער פארטיידיגער פון אידען האָט שוין גרייט זיין פארטיידינגגס רעדע. די וואָגשאָל אויף וועלכע מען וועגט די מצוות מיט די עבירות איז שוין אויסקאָריגירט פונקט אויפ'ן האָר. די ביכער זיינען אָפען און די הימלישע שרייבער זיצען ביי פייערדיגע טישען מיט פייערדיגע פעדערס אין זייערע הענט און נאָטירען יעדעס וואָרט וואָס געהט ארויס פון שטן'ס מויל, און דער שופט כל הארץ זיצט אויף זיין פלאם־פייערדיגען ריכטער־שטוהל און גיט אכטונג, אז אלעס זאָל צוגעהן פּינקטליך מיט'ן אמת און מיט'ן דין.

דער שטן האָט געענדיגט ריידען און מען האָט געדארפט אָנ־הויבען פארהערען עדות. דער שר של ים האָט זיך געמעלדעט, אז ער האָט עפּעס צו זאָגען און ער האָט געקראָגען דאָס וואָרט.

— מלך מלכי המלכים, קעניג איבער אלע קעניגע — האָט דער שר של ים אָנגעפאנגען — איך, דיין קנעכט, דער וואסער מיניסטער וויל ריידען עטליכע ווערטער וואָס אנבאלאנגט צו דער קלאגע געגען אידען, דאָס פאָלק, וועלכע דו האָסט אויסגעוועהלט פון אלע פעלקער.

— אדון העולמים, הערר פון אלע וועלטען. אין מיין האנד האָסטו איבערגעגעבען אלע ימים און אלע טייכען און וואסערען; אָבער מיך קימערט ניט וואָס דיינע אידעלאך באנוצען אָפט מיינע וואסער ניט אויף קיין גוטע און עהרליכע צוועקען. מיך ארט

ניט וואָס זייערע מילך לייט גיסען וואסער אין זייערע מילך, וואָס זייערע שענקערס מישען וואסער אין זייערע משקאות — דאָס איז פרנסה און זיי מוזען עס פיליכט טאָן. די מענשען אויף דער ערד דארפען לעבען, דארפען עסען און עס קען זיין, דאָס ווען אימיצער פון אונזער מיטע וואָלט געפּרובט ווערען מיט אזא נסיון, וואָלט ער אויך בעסער ניט געווען.

— איך ענטשולדיג אויך דיינע אידעלאך, אויב זיי היטען ניט אָפּ די מצוות וואָס זיי זיינען פארזאָגט צו טאָן מיט וואסער. איך האָב צו זיי גאָר ניט אויב זיי וואשען זיך ניט צום עסען ווי דער דין איז. איך מאך זיי ניט שולדיג אויב זיי פארפעהלען אָפּט מיט אחרונים, אָדער אויב זיי געהען מעהר ווי דלד אמות אָהן נעגעל וואסער. אָט די דאָזיגע אַלע קריוודעס געגען מיר בין איך זיי מוחל במחילה גמורה אין איך דענק, אז דו, גרויסער באַשעפער פון אלע וועלטען, ביזט אויך ניט אזוי שטארק מדקדק מיט דיינע קינדער אויב זיי היטען ניט אָפּ אזוי פּינקטליך די וואסערדיגע מצוות, ווייל די מלחמת החיים, דער קאמף פאר'ן לעבען, שטערט זיי אָפּט נאָכצוקומען אַלעס ווי געהעריג איז; אָבער איך האָב צו די בני אברהם יצחק ויעקב אַן אנדער טענה, וועלכע, ווי איך דענק, איז זיכער אַ גערעכטע.

— איך האָב דיינע אידעלאך דערקענט מיט אריבער דריי טויזענד יאָהר צוריק, נאָך איידער זיי האָבען די תורה גענומען און איידער דו האָסט זיי אנערקענט אלס אַן עם סגולה מכל העמים — אלס אויסערוועהלטע פאָלק פון אלע פעלקער. דאמאלס ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים, האָב איך זיי געהערט זינגענדיג שירה ביי מיין טעריטאָריע — דעם ים סוף. אין מיין גבול האָבען זיי געזונגען דעם „אז ישיר”, דאָס ערהאבענע ליד וואָס זיי זינגען עד היום. איך וויל אויף זיי קיינע שלעכטעס ניטריידען, אָבער אז זיי באַגעהען אַן עולה געגען מיר פּערזענליך, קען איך ניט שווייגען.

— רבון כל העולמים, — שעפער פון אלע וועלטען, דערמאָן זיך וואָס איך האָב דאמאָלס פאר זיי געטאָן. איך, דער ממונה איבער די ימים, האָב געהייסען דעם ים סוף, אז ער זאָל פארנעהמען די קלעפּ פון משה'ס שטעקען. איך האָב איהם, דעם ים סוף, באפעהלען, אז ער זאָל זיך שפּאלטען און מאכען פאר די

אידעלאך א טרוקענע וועג אום זיי זאָלען קענען אנטלויפען פון די מצרים. און א וועג האָב איך פאר זיי געמאכט מיט אלע באקוועמליכקייטען, ניט איין וועג, נור צוועלף וועגען האָב איך פאר זיי געמאכט, פאר יעדען שבט באזונדער. די וואסער איז געשטאנען אזוי ווי גלעזערנע ווענד און פרישעס, ריינעס וואסער איז גערונען פאר זיי צו טרינקען. זיי זיינען דעם ים דורכגעגאנגען בשלום און נאכדעם זיינען אין דעם זעלבען וואסער פארשלונגען געוואָרען די מצרים מיט זייערע פערד און רייט־וועגען. שפעטער, ווידער, ווען יהושע האָט דאָס פאָלק ישראל געפיהרט קיין ארץ ישראל, האָב איך געהייסען דעם ירדן, וואָס איז אויך אונטער מיין רשות, אז ער זאָל טרוקען ווערען און מאכען פאר זיי א וועג. דאכט זיך גענוג האָב איך פאר זיי געטאָן, און מיט וואָס צאָהלען זיי מיר אָפּ?

די קינדערלאך דיינע דערמאָנען עד היום יציאת מצרים, אלע טאָג דערמאָנען זיי עס אין זייערע תפלות און זיי מאכען ימים טובים צום אנדענקען פון יענעם גרויסען נס, און מיך, אָנשטאָט צו דאנקבאר זיין מיר, אָנשטאָט צו דערמאָנען מיך צו גוטען, פארשמוצען זיי מיינע וואסערען מיט זייערע זינד וואָס זיי ווארפען אריין אין אלע טייכען אום ראש השנה, ווען זיי געהען צו תשליך.

— ותשליך במצולות ים כל חטאתם, דו זאָלסט די אידישע זינד ווארפען אין די טיפעניש פון ים, בעטען זיי ביי דיר, אלמעכטיגער גאָט, שטעהענדיג ראש השנה ביי די וואסערען און טרייסלען אָפּ זייערע פאָלעס און ווארפען אריין אין די טייכען קנאה, שנאה, לשון הרע, רכילות און אלע אנדערע מיאוס'ע שמוץ! פרעג איך דיר, שופט כל הארץ, ריכטער פון דער גאנצער וועלט: דארף עס אזוי זיין? האָב איך עס ביי זיי פארדינט? אָה! ווי אונדאנקבאר זיי זיינען, די אידעלאך דיינע! האָבען זיי שוין ניט קיין אנדער פלאץ וואו אהינצוטאָן די שמוץ זייערע?

— דיין טענה, מיין טרייער דינער, — האָט דער כביכול געדונערט, און זיין שטימע האָט זיך געהערט מסוף העולם עד סופו — איז א גערעכטע; אָבער טו עס פון מיינטוועגען און צוליב מיין פאָלק ישראל, וועלכע איך האָב ליב און מאך דערפון קיין פירוש ניט. איך פארזיכער דיר, אז זעהר לאנג וועלען זייערע

זינד אין דיינע וואסערען און ימים נים פארבלייבען. קוק און שוויינ.

דער שר של ים האָט זיך פארניינט מיט עהרענפורכט און איז ארויסגעגאנגען.

* * *

שמיני עצרת. אידעלאך שטעהען אין די שוהלען און בעטען אויף רעגען.

האָפענדיג, אז זיי האָבען נעכטען — הושענא רבה ארויס־געקראָגען די גוטע קוויטלאך, שטעהען יעקב׳ס איניקלאך אין די שוהלען מיט פרעהליכע הערצער און זיינען מתפלל „גשם" מיט גרוים כונה. זייערע תפלות געהען ארויף אין הימעל און קומען אָן צום מלאך אף ברי, וואָס איז ממונה אויף רעגען און ער האָט זיך אָן עצה געהאלטען מיט זיין אויבער־מיניסטער — דער שר של ים, וואָס ער זאָל טאָן.

„קלייב אויף דיינע וואָלקענס און גיב זיי רעגען" — האָט דער שר של ים באַפעהלען — און אף ברי האָט געשוועבט איבער דער וועלט, צוזאמענגעקליבען וואָלקענס און זיי געהייסען טאָן דעם פארלאנג פון פאָלק ישראל.

און די וואָלקענס זיינען געפלויגען צו די ימים אָנטרינקען זיך מיט וואסער. זיי האָבען איינגעשעפּט אין זיך אלע זינד וואָס די אידען האָבען אריינגעוואָרפען אין די וואסערען אום ראש השנה און וועלכע זיינען פון אלע טייכען פארשוואומען אין די ימים. די וואָלקענס האָבען אויסגעשפּיגען די קנאה, שנאה, רכילות און אלע אנדערע מיני עבירות, גרויסע און קליינע צוזאמען מיט די וואסער וואָס זיי האָבען אין זיך איינגעזויפט און אויף דער זינ־דיגער ערד איז געפאלען א רעגען אויסגעמישט מיט חטאים.

יעדער איינער וואָס האָט ראש השנה צו תשליך עפּעס אריינ־געוואָרפען אין וואסער האָט זיין חלק צוריק באקומען און עס צו־גענומען בכבוד גדול...

די וואסערען פון די ימים זיינען געוואָרען זויבער ריין, קיין מינדעסטע ביסעלע שמוץ האָט זיך אין זיי ניט געפונען און דעם שר של ים׳ס צאָרען איז געשטילט געוואָרען.

# דער שטן אלס מליץ יושר.

(אַ סצענע אין זיבעטען הימעל).

אַ שרעקליכער שטורם אויפ'ן ים.

עס ווארפען הויכע כוואַליעס, גאנצע וואסער־בערג הויבען זיך אויף און לאָזען זיך ארונטער מיט א באַטויבענדען געריויש. ד'ער גאַנצער האָריזאָנט זעהט אויס אַזוי ווי פילע רייהעס הויכע פעס־טונגען, וועלכע זינקען און הויבען זיך אויף אָהן אויפהער.

צווישען די שוימיגע וועללען זעהט זיך אַ דונקעלער געגענ־שטאַנד, וועלכער ווערט אַלע ווייילע אויפגעהויבען און ארונטער־געלאָזט. אָט דאַכט זיך ווערט ער פארטרונקען אין תהום און אָט הייבט ער זיך צוריק אויף. אַזוי ווי אַן ארבעס אין א טאָפּ קאָ־כענדיגע וואסער זעהט יענער געגענשטאַנד אויס אין דעם גרויסען ברייטען ים.

דאָס איז אַ שיף, וועלכע ווערט פארפאָלגט פון שטורם.

פון ארץ ישראל נאָך אמעריקא לויפט די דאָזיגע שיף. און איז אָנגעלאָדען מיט אתרוגים.

דער רוישענדער ים האָט די דאָזיגע שיף געמאַכט פאר זיין שפּיל־צייג. ער ווארפט זי ארום אַזוי ווי אַ פּילקע, ער שלייַ־דערט זי ארויף און אראָפּ, ער שאָקעלט איהר און ער טרייסעלט איהר אין אַלע זייטען.

די בייזע כוואַליעס הויבען זי אַלע ווייילע אויף און מיט האסט פליוכען זיי טייכען וואסער אויפ'ן דעק. די מאסטען קראַ־כען און די מאַשינערי פון דער שיף איז ניט מעכטיג געגנוג צו קעמפען געגען די שטורמישע וואסערען.

די שיף איז אין געפאהר צו אונטערגעהן.

די מאַנשאַפט פון שיף און די פּאסאַזשירען זיינען דערשראָ־קען און פארצווייפעלט. יעדער איינער טהוט תפלה, יעדער איי־נער בעט ביי זיין גאָט, יעדער איינער זאָגט וידוי און זייערע שרעק־געשרייען דערגרייכען עד לב השמים.

זיי זעהען אלע דעם שרעקליכען טויט פאר די אויגען. ביי יעדען האסטיגען קלאפּ פון א כוואליע דאכט זיך זיי, אז די שיף קעהרט זיך איבער און זיי ווערען פארשלונגען אין די טיפעניש פון ים. קיין עצה, קיין מיטעל ווי אזוי צו רעטען זיך, איז ניטאָ. נאָך א ווײַלע און זיי זיינען פארלאָרען.

און אין זיבעטען הימעל ווערט א רעש, א מהומה איבער דער אונגליקליכער שיף, און גוטע מלאכים קומען פאר'ן כסא הכבוד בעטען רחמים פאר איהר.

— רבונו של עולם! — האָט דער מלאך מכאל, דער שטענ־דיגער אידישער פארטיידיגער, גע'טענה'ט — דו האָסט דיין פאָלק ישראל ארויסגעצויגען פון מצרים, דו האָסט פאר זיי דעם ים גע־שפּאָלטען, דו האָסט זיי אין דער מדבר געפיהרט, דו האָסט זיי מיט דיינע וואָלקענס באשיצט, דו האָסט זיי מיט מן געשפּייזט, אלעס צוליב דעם זכות פון דיין הייליגער תורה, פון די תרי"ג מצוות, וועלכע פארשאפען דיר נחת רוח, לסוף ווילסט דו ערשט אליין, הארציגער פאָטער, צונעהמען ביי טויזענדע אידען איינע פון דיינע באליבטסטע און טייערסטע מצוות!

— רבון כל העולמים! — האָט דער גוטער מלאך פאָרטגע־זעצט — דו האָסט דיין פאָלק ישראל, דיין עם סגולה מכל העמים מזכה געווען מיט דער מצוה פון אתרוג, וועלכע איז ביי דיר חשוב און געאכטעט אזוי ווי אלע תרי"ג מצוות פון דער תורה. דאָס איז א שעהנע מצוה, אן ערהאבענע מצוה, וועלכע פארשאפט דיר פיל נחת רוח און גיט כבוד צו דיין הייליגען נאָמען. מיט זייער אתרוג בענשען פלעכטען אידעלאך קרוינען אויף דיין קאָפּ, דורך דעם אתרוג זיינען זיי בני אברהם, יצחק ויעקב מתקן גרויסע תיקונים אין די עולמות העליונים, און דורך זייערע נענועים זיי־נען זיי משפיע ברכות אין אלע עקען פון דער וועלט — ווילסט דו, אלמעכטיגער גאָט, אז א גרויסער טייל פון דיין הייליגעם פאָלק זאָל דיזע טייערע און ליבע מצוה ניט מקים זיין? איז פאר דיר רעכט, אז דיין הייליגער נאָמען זאָל חלילה פארשוועכט ווערען?

— שופט כל הארץ! עס איז דאָ אויף דער וועלט א לאנד אמעריקא. א סך, א סך פון דיינע באליבטע אידעלאך וואוינען דאָרט און זיינען מקים דיינע מצוות. זיי ערווארטען ערשט דעם הייליגען יום־טוב סוכות; זיי ערווארטען צו מקים זיין די היי־

ליגע מצוה פון אתרוג; זיי ערוואַרטעז דאָרט צו טראָגען די פרי עץ הדר אין זייערע שוהלען און טעמפלען וואָס זיי האָבען אויסגעבויט פון דיין כבוד וועגען, אָבער זיי זיינען נעביך אין גרויס געפאַהר ניט צו קענען מקיים זיין די דאָזיגע מצוה, ווייל די שיף וואָס פיהרט צו זיי אתרוגים האַלט ביים אונטערגעהן, היינט שטעל זיך פאָר, ליבער גאָט, וואָס פאַר א צער, וואָס פאַר אַן עגמת נפש דיינע קינדערלאך וועלען האָבען, ווען זיי וועלען אָהן אתרוגים פארבלייבען. פארשטער זיי ניט, גוטער גאָט, דעם היי־ליגען יום טוב, ברענג זיי ניט צו דעם חטא פון פארפעהלען איינע פון דיינע חשוב׳סטע מצוות, פארשאַף זיי ניט דעם צער און די שברות הלב, רעטע זייערע אתרוגים! פארזאָג דעם שר של ים, אַז ער זאָל שטילען זיין צאָרן! הייס דעם שטורם ער זאָל אויפהע־רען! רעטע, טאַטע געטרייער, די אתרוגים, רעטע.

אומגעפעהר מיט אַזא נוסח האָבען גערעדט דער מלאך גבריאל און אנדערע גוטע מלאכים, וואָס זיינען שטענדיג מליצי יושר פאַר אידען, וואָס זיינען שטענדיג מלמד זכות אויף די בני ישראל.

ווערהענד די גוטע מלאכים האָבען פארגאָסען זייערע תפלות און תחנונים פאר׳ן צור העולמים, איז דער שטן געשטאַנען אַן א זייט מיט א טרויעריג פנים, אַקוראַט דער צער פון די אידען זאָל זיין בייזע, פארשטיינערטע האַרץ ריהרען. ער האָט זיך פלוצ־לונג געלאָזט געהן צום כסא הכבוד מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און מיט א רחמנות פנים. אַלע גוטע מלאכים האָבען אויף איהם געקוקט מיט האַס און פאראכטונג.

דער מקטרג האָט זיך דורכגעשפּאַרט א וועג צום כסא הכבוד. ער האָט זיך איינינע מאָל פארנייגט מיט גרויס הכנעה און האָט געבעטען דאָס וואָרט.

אויף מכאל, גבריאל און אַלע אידישע מליצי יושר איז אַן אימה געפאַלען. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז ער, דער שטן, וועט אויפפיהרען עפּעס אַן אינטריגע און וועט קאַליע מאַכען דאָס, וואָס זיי האָבען דורך זייער געבעט מתקן געווען.

— יוצרי ובוראי! — האָט דער שטן אָנגעפאַנגען — איך האָב אויפמערקזאַם געהערט וואָס מיינע פאָררעדנער האָבען גע־רעדט און איך קען זיך ניט צוריקהאַלטען פון אויך זאָגען עטליכע ווערטער אין דיזער אנגעלעגענהייט. איך קען די אידען גאַנץ

גוט, איך קום אריין אין זייערע הייזער, איך בין ביי זיי א בן בית, איך דרינג זאגאר אריין אין זייערע הערצער און איך שטעה שטענדיג אויף דער וואך און איך קוק מיט טויזענדע אויגען, ניט נאר אויף זייערע מעשים, זאנדערן אויך אויף זייערע מחשבות. שוין טויזענדע יאהרען אז איך פראקטיציר אין דעם און איך קען דאס זינדיגע פאלק, אקוראט ווי זיך אליין. וואס איך דערצעהל אויף זיי ביים יום הדין איז אמת, און וואס'ער שטראף דו, שופט כל הארץ, גיסט זיי, זיינען זיי ווערט. אבער איך מוז מודה זיין, אז אוועקרויבען פון זיי די מצוה פון אתרוג, איז א צו הארבע שטראף פאר זיי, ווייל דיזע מצוה איז ביים כלל ישראל זעהר טייער און באליבט און איך האב אין דיזער הינזיכט גאר ניט וואס אויסצוזעצען געגען זיי.

די מליצי יושר האבען זיך איבערגעקוקט איינע מיט די אנ־דערע און א שטראהל פון פרייד און נצחון האט באדעקט זייערע געזיכטער. דער שטן האט פארטגעזעצט:

— מלך מלכים, רם על רמים! איך זוך דאך שטענדיג חסרונות אויף אידען, איך קוק שטענדיג אויף זייער שלעכטער זייט, כי לכך נוצרתי, ווייל דארויף בין איך באשאפען געווארען; אבער פון אמת קען איך ניט אוועקגעהן. זעהענדיג ווי דיין פאלק איז זיך משמח מיט די אתרוגים, מוז איך ניט ווילענדיג אויסשרייען: ומי כעמך ישראל! ווער נאך איז א שעהנעס, אזא ערהאבענעס פאלק ווי די אידען! די ארימע שפארען אפ פון די לעצטע און קויפען אתרוגים און די פארמעגליכע האלטען די פרי עץ הדר אין זילבערנע און גאלדענע קעסטעלאך, אזוי געשעצט און געאכטעט איז עם ביי זיי! און מיט וואס פאר א פרייד, מיט וואס פאר אן עהרפורכט זיי פראוועץ נענועים און געהען הקפות אין זייערע שוהלען און טעמפלען! אזא ערהאבענע צערעמאניע וואלט גע־פאסט פאר מלאכים.

דער שטן האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, אום צו זעהן וואס פאר אן איינדרוק זיין רעדע מאכט אויף די אנדערע. ער האט א געהיימען שמייכעל געטאן און ווייטער גערעדט:

— אל טוב וסלח! — מיין הארץ רייסט זעהר אויף דעם אונגליק וואס עס שטעהט פאר די אידען פון אמעריקא, אז זיי זאלען חס ושלום קיין אתרוגים ניט האבען און איך בעט דיר,

הארצינער פאטער, אז דו זאלסט זיי פון דיזען אונגליק פארהיטען. גוטער גאט, באגעה זיך דאס מאל מיט דיין פאלק מיט דעם מדת החסד והרחמים! רויב פון זיי ניט אוועק זייער גייסטיגען פארגעניגען, נעהם פון זיי ניט אוועק זייער ליבעס און טייערעס אין לעבען. שיק דיינע מלאכים הקדושים זיי זאלען מציל זיין די שיף מיט אתרוגים פון אונטערגאנג. פארשטער ניט דאס פאלק ישראל זייער יום טוב!

אלע גוטע מלאכים זיינען נבהל ומשתומם געווארען דערפון, וואס דער שטענדיגער קטיגור איז פלוצלונג א סנגור געווארען, זיי האבען איהם ליבליך די הענט געדריקט און האבען איהם הערצליך געדאנקט פאר זאגען א גוט ווארט פאר אידען.

אויפ'ן שטן'ס געזיכט האט זיך א שעלמישער שמייכעל גע־וויזען.

און דער כביכול האט די סצענע צוגעקוקט און האט געלאכט מיט א הייליגען, זאנפטען געלעכטער.

— זאג נאר דו, מלך זקן וכסיל! — האט דער רבונו של עולם געזאגט צום שטן — זאג נאר דו אלטער באטריגער, דו אל־טער אינטריגאנט און אידען־פרעסער. וואס ביזטו פלוצלונג אזא גוטער פריינד געווארען צו מיין פאלק ישראל? ווי קומט עס צו דיר? ביזט דו ווירקליך אויף דער עלטער לייטישער געווארען?

דער שטן איז רויט געווארען און האט ארונטערגעלאזט די אויגען פאר בושה.

— רעד! זאג! — האט דער כביכול געדונערט — דו ווייסט דאך, דו אלטער נאר, אז איך בין א יודע מחשבות, אז איך ווייס די פארבארגענים פון דיין שלעכטער הארץ, היינט פאר ווע־מען, דו אונפארשעהמטער, געהסטו פראווען אזעלכע שטיק? איך בין אויף דיר גוזר, אז דו זאלסט שוין באלד פאר אלע מלאכים הקדושים מודה זיין, וואס דיין כונה איז מיט דיין רעדען גוטעס אויף אידען!

— יוצר ובוראי! — האט דער שטן אנגעפאנגען מיט א פארשעהמט פנים — איך מוז מודה זיין, אז איך האב ניט אויסען געוועזן די אידענ'ס טיבה, נאר מיין אייגענע טובה. איך מוז, בחרפתי, זאגען דעם אמת, אז איך בין גאר ניט גערן, אז אידען זאלען מצוות טאן, אבער פון מיין לאנג יעהריגער ערפאהרונג ווייס

איך, אז די מצוה פון אתרוג איז די אידען גורם צו טאָן פיל עבירות, און דאָס, רבונו של עולם, ווייסט דו דאָך, איז מיין שפּייז, מיין חיונה.

די מלאכים טובים האָבען אויפ׳ן מקטרג א בייזען בליק גע־וואָרפען און ער האָט ווייטער גערעדט:

— צור עולמים! דו ביזט דאָך א בוחן לבבות, ווייסט דו דען ניט, אז פון דער מצוה פון אתרוג כאַפּ איך אַריין א היבש׳ ביסעל סטאַק זינד, וועלכע איך גרייט צו צו זייער יום הדין? אָט וועל איך ערקלעהרען ווי אזוי דאָס איז. לאָמיר טאַקע נעהמען אמעריקא אלס ביישפּיל.

— מיסטער יאַנקעל, למשל, געהט ערב סכות אין גאַס און באַגעגענט זיין פריינד, מיסטער שמעריל.ביידע, דאַכט זיך, פרומע, כשר׳ע אידען, וואָס זוכען אַן אתרוג א הדר און זיי וואָל־טען ווייס איך וואָס געטאָן פאַר דער מצוה פון אתרוג, סוכה אַ־ע־אירגענד וועלכע אַנדער מצוה, און וואָס רעדען זיי צווישען זיך?

פרעגט יאַנקעל שמערלען:

— שוין געקויפט אַן אתרוג?

ענטפערט שמעריל:

— יאָ, שוין געקויפט אַן אתרוג.

— ביי וועמען?

— ביי ר׳ שמואל׳ן.

— ביי ר׳ שמואל׳ן? אָט ביי דעם גנב׳ ביי דעם כל־בו׳ניק? פאַר איהם איז דאָך רעכט צו פאַרקויפען אוגערקעס פאַר אתרוגים! אזא מאַשעניק, אזא בלאָפער, אזא בייטעל־שניידער!

פרעגט שמעריל ביי יאַנקלען:

— און דו האָסט שוין אַן אתרוג?

ענטפערט יאַנקעל:

— יאָ, געקויפט בשותפות מיט בעו־לען.

— מיט בערלען בשותפות? אָט מיט דעם גנב, מיט דעם לא היה׳ניק? דו קענסט איהם, בערלען? אין דער היים א פערד־גנב געווען, אוראי פון פריזאָן אַנטלאָפען און דאָ שטעהט ער אין שוהל אויבען־אָן און שאָקעלט אַן אתרוג! א שאַנדע פאַר דיר, דו זאָלסט זיך מיט איהם קאָמפּאַנירען.

געחט שמעריל און רעדט אוים אויפ׳ן אתרוג הענדלער, ר׳

שמואל, כל דבר האסור. ער לעגט נאָך צו אַ היבשע ביסעל צו דאָס, וואָס יאַנקעל האָט איהם דערצעהלט און מאַכט שמואל'ן צו אַש און בלאָטע. גערט ווידער יאַנקעל און פלאַפּעלט אויף זיין שותף בערעל, אַז ער איז וואָס אין קאָורט שטעהט. דערוויסט זיך ר' שמואל, אַז שמעריל האָט אויף איהם שלעכטעס גערעדט און ער קעהרט אויס דעם פעלץ אויף שמערלען. דערוויסט זיך ווידער בערעל, אַז יאַנקעל האָט אויף איהם עפּעס געזאָגט און ער בלייבט אויך ניט הינטערשטעליג און קעהרט אום דעם פעלץ אויף יאַנקלען. אָט אַזוי פאַרקאָכט זיך אַ קאַשע, וועלכע מאַכט מיך זאַט און פון וועלכע איך האָב שטאַרק הנאה.

און אין די שוהלען גופא גערט אויך די זאַך ניט אָפּ גלאַט. יאַנקעל איז מקנא שמערלען, וואָס ער ברענגט זיין אתרוג אין אַ זילבערנער קעסטעלע, וועהרענד ער פאַרמאָגט עס ניט, און ער ווערט איהם דערפאַר אַן אומזיסטער שונא. שמערלען פאַרדריסט, וואָרום יאַנקעל שפּאַרט זיך אַריין צו די הקפות דער ערשטער צום חזן, וועהרענד ער מוז זיך נאָך שלעפּען פון הינטען, און ער וואָלט איהם דערפאַר לעבעדיגערהייד איינגעשלונגען.

— אָט אַזוי, אָבינו שבשמים, איז עס. דיינע אידעלאַך טוען דיר צוליב און בענשען אתרוג, פּראַווען נענועים און געהען הקפות און איך זאַמעל דערוויייל גאַנצע זעק מיט רכילות, לשון הרע, שנאה און אַנדערע עבירות, גרעסערע און קלענערע.

— און וואָס איז טאַקע מכח דעם מסחר מיט אתרוגים? געהט עס צו אַזוי כשר? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! אַז איך זאָל וועלען נאָכזוכען קען איך אין דעם אויך פּגימות געפינען. פאַרקויפען ניט דיינע שעהנע אידען קאַרפּירער אתרוגים און זאָגען, אַז זיי קומען פון ארץ ישראל? קאַרפּירער אתרוגים! מלך רם ונשא, איז פאַר דיר רעכט מען זאָל מאַכען אַ ברכה איבער אַן אתרוג וואָס איז געוואַקסען אין דער ארץ הדמים? אין דער לאַנד וואו די ערד איז אויסגעווייקט פון אידישעם בלוט? אויב דיר איז ליב, איז מיר ניחא. אָבער איך דענק, אַז דו האָסט דערפון קיין גרויסען נחת רוח, עס איז מעהר ניט, דו ביזט דאָך אַן אל ארך אפים, פאַרשווייגסט דו זיי, וואַרטסט דו זיי ביז אַ צייט.

— אָט דעריבער, חכם לבב ואמיץ כח, האָב איך מתפלל געווען פאַר דיין הייליגען שטוהל, אַז דו זאָלסט די שיף מיט די אתרוגים

רעטען פון אונטערגעהן, און אצינד, אל גדול ונורא, טו ווי דיין הייליגער רצון איז.

א מורמלעריי פון האס און פאראכטונג האט זיך געהערט צווישען די גוטע מלאכים און דער כביכול האט מיט א דונער־שטימע אויסגעשריען:

— הס קטגור! שווייג דו שטן מקטרג! רעד קיין שלעכ־טעס אויף מיין פאלק ישראל! זוך קיין שמוץ אין ריינע וואסער! ישראל עם קדושים הם, מיינע אידעלאך זיינען א הייליגעס פאלק, די מצוה פון אתרוג וואס זיי זיינען מקים, איז ביי מיר זעהר חשוב ומקובל ומרוצה און זוך ניט קיינע פגימות און חסרונות אין דעם! דער העלער בליאסק פון דער גרויסער מצוה באלייכטעט די קליינע דונקעלע ווינקעלאך אין איהר און אלעס איז פאר מיר רעכט. שטן, שווייג! איך וויל מעהר דיין פאלפלעריי נים הערען!

דער שטן איז אפגעטראטען אן א זייט בבושת פנים, און דער רבונו של עולם האט א וואונק געטאן צום שר של ים, אז ער זאל די וואסערען רוהיג מאכען.

אין יענעם מאמענט איז דער שטורם אויפ'ן ים שטיל גע־ווארען, די בייזע כוואליעס האבען אויפגעהערט ווארפען און די שיף מיט די אתרוגים איז בשלום אוועק איהר וועג.

# מסכת ראש השנה נוסח אַמעריקא.

## פרק א׳ — חזנים.

באחר בתמוז משמיעים על החזנים, ראש חודש תמוז הויבען שולען און חברות אָן אדווערטייזען פאר חזנים אויף די ימים הנוראים; ומתחילין בודקים אותם, און מען פאנגט זיי אָן פאר־הערען, שטעלען זיי צו פּראָבע.

כל אחד מישראל כשר לחזנות, יעדער איד איז כשר צו זיין א חזן, אפילו משחקים ומשוררים בבתי תאטראות, אפילו אקטיאָרען און כאָריסטען פון טעאטערע; ואפילו אינם יודעים לכון המלות ופירושן, און אפילו די וואָס קענען ניט קיין עברי און ווייסען ניט קיין טייטש וואָרט; ובלבד שיהיו בעלי גרון, אבי זיי זאָלען האָבען שטיקלאך העלדזער און קענען עטוואס זינגען.

בחוץ לארץ היו מדקדקים על החזנים שיהיו בעלי תריסין ויראי שמים, אין יוראָפּ איז מען געווען „פּריטיקלע", אז חזנים זאָלען זיין וואויל לערנער און גוטע און פרומע אידען; אבל באמע־ריקע אין משגיחין בזה, אָבער אין אמעריקא קוקט מען ניט אויף אזעלכע קליינינגקייטען.

דרש מר. רץ, מר. רץ האָט גע׳דרש׳נט: מאי דכתיב „אז ירננו עצי יער", דאָס וואָס עס שטעהט אין פּסוק: דאמאָלסט וועלען זינגען די בוימער פון וואלד; המקרא הזה לא נאמר אלא על אמעריקא, דיזער פּסוק איז ניט געזאָגט געווארען נאָר אויף אמעריקא, וואו יעדער פלאָקען קען ימים הנוראים זיין א חזן; יודע אני באנשים שלא עברו לפני התבה מימיהם, איך קען מענ־שען, וואָס האָבען אין דערהיים קיינמאָל ניט געדאייענט פאר׳ן עמוד; וכשבאו לאמעריקא נעשו חזנים, און אז זיי זיינען געקומען אין אמעריקא זיינען זיי געווארען חזנים.

אמר רבי לץ, האָט רבי לץ געזאָגט: דבר זה כתוב בתורה, די דאָזיגע זאך איז געשריבען אין דער תורה. משה רבינו כבד

פּת היה וכשעבר את היםֿ — אז ישיר משה, משה רביי איז געווען א שטאמלער, האָט ניט געטויגט צו חזנות, און אז ער איז אריבער דעם ים, האָט ער געזונגען און געפּראוועט חזנות.

דרש רבי לאַטוטא, רבי לאַטוטא האָט גע׳דרש׳נט: מי שיש לו מזלא מתברך בקול, דער וואָס האָט מזל ווערט געבענשט מיט א שטימע און ער קען ימים הנוראים מאַכען עטליכע דאלאר פון חזנות. ומנין שקול ברכה היא? און פון וואנען וויים איך, אז א קול, א שטימע איז א ברכה? שנאמר וד׳ ברך את אברהם בקול (בכל), ווייל אין פּסוק שטעהט: און גאָט האָט געבענשט אברהם׳ען מיט א קול.

רבי פּרת החזן אומר, רבי פּרת דער חזן זאָגט: אין זה ברכה אלא קללה, דאָס איז ניט קיין ברכה נאָר א קללה; שאין לך אומנות שפלה באמעריקא יותר מן החזנות, ווייל עס איז ניטאָ קיין נידעריגער טרייד אין אמעריקא ווי חזנות; שמחייבים החזנים להיות נכנעים לפני נשיאיהם ויתר השרים, ווייל די חזנים מוזען זיין אונטערטעניג זייערע פּרעזידענטען און אנדערע באאמטע פון די קאָנגרעגיישאָנס, אפילו אויב יענע זיינען די גרעסטע גראבע יונגען, די גרעסטע בורים וואָס די וועלט פּארמאָגט, ווען ניט, זיינען זיי ניט זיכער מיט זייער שטיקעל ברויט.

ענה ואמר רבי לאַטוטא, האָט רבי לאַטוטא געענטפערט און געזאָגט: הני מילי בחזנים של כל ימות השנה, אבל לא בחזני ראש השנה ויום הכפורים, ווען טויג ניט חזנות, ווען מען איז א שטענדיגער חזן, אָבער ווען די חזנות איז בלויז א ביי־זאַך און מען פּארדינגט זיך נאָר אויף ראש השנה און יום כפור, איז דאָס גאַנץ גוט, ווייל מען הערט די פּרעזידענטען ווי די קאָטערס און מען נעהמט טאקי אָפּ עטליכע דאָלאר.

## פּרק ב׳ — כיצד בודקין.

כיצד בודקין את החזנים? ווי אזוי פּארהערט מען, שטעלט מען צו פּראָבע די חזנים? הנשיא מזמינם לביתו או לבית מסחרו ואומר להם: „זמרו", דער פּרעזידענט לאַדעט זיי איין אין זיין הויז אָדער געשעפט און ער הייסט זיי זינגען; אם הנשיא הוא בעל אורוות סוסים, מזמינם לאורותו, אויב דער פּרעזידענט איז

א סטייבעל מאן, לאדעט ער איין די אפליקאנטען אויף חזנות אין זיין סטייבעל און די גוים וואס שמירען די רעדער זאגען אויך מבינות אויף זייער זינגען.

אחר הבדיקה הראשונה, נאך דער ערשטער פראבע, מזמינם לבית הכנסת או לבית המדרש שלו לירד לפני התבה בשבת, לאדעט זיי דער פרעזידענט איין זיי זאלען אין זיין שול דאווענען פאר'ן עמוד אין א שבת. לפעמים בודקין ארבעה וחמשה חזנים בשבת אחד, אפטמאל פרובירט מען פיער אדער פינף חזנים אין איין שבת. הא כיצד? ווי אזוי איז דאס? אחד מתפלל קבלת שבת, אחד מעריב, אחד שחרית, אחד מוסף ואחד מנגן זמירות בסעודת שלישית, איינער איז מקבל שבת, איינער דאווענט מעריב, איינער שחרית, איינער מוסף און איינער זינגט זמירות צו שלש סעודות. ואחרי כל הבדיקות, את אשר יבחרו הנשיא והשרים הוא החזן, און נאך פילע פראבעס וואס מען הערט אויס, פארבלייבט חזן ו'ער יענינער וואס דער פרעזידענט און אנדערע מאכערס ווילען א'ן ביי קהל פרעגט מען קיין דעה ניט.

נבחרי החזנים מעמידין תמונותיהם בחלוני החנויות ובכתבי עתים, די ערוועהלטע חזנים שטעלט מען אריין זייערע פיקטשורס אין פענסטער פון סטארס און מען דרוקט זיי אין די צייטונגען צוזאמען מיט די מודעות וועגען זיי. תמונותיהם למה? צו וואס דארף מען זייערע פיקטשורס? כדי להראות לכל — כזה ראו וקדשו, אום צו ציינען אלעמען אז הא גברא והא טראסק, אט דער וועט עס דאווענען, און טאמער וועט אייך ניט געפעלען ווערען, זאלט איהר נאכהער קיינע טענות ניט האבען.

כנסיה אחת יש בניו יארק רבתי שמפרסמה חזניה בקהל בלי תמונותיהם מפני מעשה שהיה, עס איז דא א קאנגרעגיישאן אין גרעיטער ניו יארק, וואס אדווערטייזט אלע פאר ראש השנה איהרע חזנים, אבער אהן זייערע פיקטשורס, צוליב א מעשה וואס האט פאסירט. פעם אחת שכרה הכנסיה חזן ופרסמה את שמו עם תמונתו, איינמאל האט יענע קאנגרעגיישאן געדונגען א חזן און זי האט איהם אדווערטייזט מיט זיין פיקטשור, בראש השנה באה אשה עגונה מעיר אחרת אשר הכירה אותו כי הוא בעלה יעכבה את תפלתו, ראש השנה איז געקומען א פרוי אן עגונה וואס האט דערקענט אן דער פיקטשור אז דער חזן איז איהר מאן און

זי האָט איהם ניט נעלאָזט דאַווענען און די שול איז פאַרבליבען אָהן א בעל מוסף. באותה שעה התקינה להודיע בקהל את חזניה בלי תמונותיהם, אין יענער צייט האָט די קאָנגרעגיישאָן באַשלאָסען ניט צו געברויכען די פּיקטשורס פון זייערע חזנים אין די אַנאָנסען.

רבי מענדעלע מגיד אומר, רבי מענדעלע דער מגיד זאָגט: מפני מה מראים צורותיהם של החזנים ולא צורות הרבנים? פאַר וואָס שטעלט מען אַרויס די צורות, די בילדער פון חזנים און ניט פון רבנים, וואָס דרש'ענען ימים הנוראים אין די שולען? מפני שהחזנות יש לה צורה באמעריקא, אבל לא הרבנות, ווייל די חזנות האָט נאָך עפּעס א שטיקעל צורה אין אמעריקא, אָבער די רבנות האָט שוין גאַר קיין צורה ניט.

## פרק ג' — מקום תפלה.

באיזו מקום מתפללים? אין וועלכען פּלאַץ מעג מען דאַווענען ראש השנה און יום כפור? בכל מקום, אומעטום; אפילו בבתים ואפילו בחצרים, אפילו אין הייזער און אפילו אין יאַרדס.

באמעריקא מתירין להתפלל אפילו בבתי מחול ובתאטראות, ואפילו בבתי תפלה שלהם, אין אמעריקא איז מען זיך מתיר צו דאַווענען אפילו אין טאַנץ־האָלס, אין טעאַטערע און אפילו אין קלויסטערס. אחרים אומרים: אף במרתפות של גחלים, לקים מה שנאמר „ממעמקים קראתיך", אנדערע זאָגען אז מען מעג דאַווענען אין קויהלען סעלערס אויך, כדי מקים צו זיין וואָס אין פּסוק שטעהט: איך רוף דיך, גאָט, פון טיפעניש.

אמר רבי בונם, האָט רבי בונם געזאָגט: כמה מסעות נוסעת שכינה בראש השנה ויום כפור באמעריקא לקבל תפלותיהם של ישראל! אָה, וויפיל דאַרף עס דער כביכול אומוואַנדערען אין אמעריקא אויפצונעהמען די אידישע תפלות! וואו מען שטעהט און וואו מען געהט, רק אידעלאַך דאַווענען, אפילו אין פּלעצער, וואו עס איז ניט רעכט א ברכה צו מאַכען דאַווענט מען אויך. ומה עביד קודשא בריך הוא בהאי שעתא? און וואָס טוט דער רבונו של עולם, ווען ער זעהט, למשל, אידען דאַווענענדיג אין א קלויסטער? כחייך ומכריז ואומר: „ומי כעמי ישראל", ער לאַכט און שרייט אויס: ווער איז נאָך אַזא פאָלק ווי מיין פאָלק ישראל; שכלם

מבטלים ממלאכתם, מפינאקעל ופאוקער שלשה ימים בשנה ומקלסים את שמי, וואָס אלע לעגען אוועק זייער ארבייט, דעם פינאָקעל און פאוקער דריי טעג אין יאָהר און לויבען מיין נאָמען. חביבה עלי טרחתי, מיין מיה איז מיר באליבט, אבי איך זעה, אז אידעלאך דערמאָנען זיך אָן מיר כאָטש דריי טעג אין יאָהר.

מנהג ישראל באמעריקא לקנות כרתיסי בית תפלה לראש השנה ויום הכפורים, עס איז א אידישער מנהג אין אמעריקא צו קויפען שול טיקעטס פאר ראש השנה און יום כפור, כדי לקים: כבד את ד׳ מהונך, כדי מקים צו זיין: גיב עהרע צו גאָט פון דיין פארמעגען. לפמעים מוכרים הכרתיסים בדמים יקרים, אָפט־מאָל קאָסטען שול טיקעטס גאנץ טייער, אפילו ביי א מנין אָ־ער וואו עס איז; ועניים ואביונים שאין ידם משגת, און קבצנים וואָס פארמאָגען ניט צו קויפען טיקעטס, מותר להם שיתפללו בשדה, מעגען זיי געהן דאווענען אין פעלד; כמו שנאמר ביצחק: „ויצא יצחק לשוח בשדה״, אזוי ווי עס שטעהט געשריבען ביי יצחק׳ן: יצחק איז ארויסגעגאנגען דאווענען אין פעלד.

דרש רבי שמואל הנגיד, רבי שמואל דער אל־ראיטניק האָט געדרש׳נט: בראש השנה נפקדו שרה, רחל וחנה, אום ראש השנה זיינען שרה, רחל און חנה אויפגעריכט געווארען; לפיכך מיחיב אינש לפקד את אשתו בראש השנה בבגדים נאים ותכשיטים, דעריבער דארף א מענש אויפריכטען זיין ווייב מיט שעהנע קליידער און דזשולערי אויף ראש השנה, כדי שיתקנאו בה אחרות, כדי אנדערע ווייבער זאָלען איהר מקנא זיין אין שול און ביי תשליך.

אמר רבי געטצעל, רבי געטצעל האָט געזאגט: אשריכם ישראל, וואויל איז אייך, אידען, וואָס איהר האָט א ראש השנה, ווען איהר קענט זיך אויספיינען אין שול מיט קויפען עליות און אייערע ווייבער מיט טייערע דרעסעס און דיימאָנדס.

# דער גרויסער ויכוח.

פאר ראש השנה, אין א שאפע ביי אן אנגעזעהענעם בעל־הבית, וועל־כער איז אליין א תוקע, איז געלעגען א שופר. אונטער'ן באלקען איז געווען פארשטעקט א פאר־א־יאהריגער לולב. אויפ'ן שאפע זיינען גע־לעגען א פאר אפגעקלאפטע הושענות פון פאר־א־יאהרען, און אין קאר־טוך איז געווען איינגעשפארט א ווייסער האהן, וועלכען מען האט גע־קארמעט פאר א כפרה. דיזע פיער זאכען וואס שפילען וויכטיגע ראלען אין אידישען גלויבען, האבען צווישען זיך געהאט פאלגענדען געשפרעך:

ש ו פ ר (מיט גאוה): דער בעל־הבית האט שוין מיט מיר פראבע געמאכט און מיך אין עסיג אויסגעווייקט, כדי מיין קול זאל זיין העלער און שטארקער, א פנים אז עס איז שוין באלד ראש השנה און איך וועל אין גיכען עולה לגדולה ווערען. עס טוט מיר זעהר הנאה, וואס מען מאכט פון מיר אזא וועזען. ווי מען דערהערט נור מיין קול, ווערט עפעס א גאנצע איבערקעהרעניש. די לופט ווערט פול מיט שרעק און א פחד און אן אימה פאלט אויף יעדען איינעם. עפעס א שפאס מיט וואס פאר א כונה מען זאגט דעם „למנצח" פאר תקיעות! מיט וואס פאר א יראה, מיט וואס פאר אן עהרע־פורכט דער תוקע מאכט די ברכה איבער מיר! מיט וואס פאר א שרעק דער מסדר התקיעות לייענט פאר די ווערטער: תקיעה, שברים, תרועה! וואס פאר אן אימה עס פאלט אויפ'ן עולם ווען עס טרעפט אמאל אז איך בין הייזעריג און גיב ניט ארויס קיין ריכטיגע קולות! הייגט, ווער נאך האט אזא עהרע ווי איך? אבי ווען מען לאזט מען אום ראש השנה צו מיר ניט צו. דארף מען, ראכט זיך, א הייליגערע זאך ווי די תורה? פונדעסטוועגען רופט מען צו איהר אויך אויף אן אפיקורוס, א מחלל שבת, אבי נור ער באצאהלט געלד; אבער פון מיין כבוד וועגען קלייבט מען אויס גוטע און פרומע אידען און אבי ווער וואגט מיך ניט צו באריהרען. און אפילו א גאנץ חודש אלול, ווען מען שענקט מיר ניט אזא כבוד און יעדער איינגעל מעג מיט מיר בלאזען, שפיל איך אויך א וויכטיגע ראלע. איך ווירק מיט מיין

קול אויף די מענטשן זיי זאָלן בעסער ווערן, זיי זאָלן זיך דער־מאָנען אָן דוד המלך'ס תהלים און איהם א ביסעל דורכלופטערן, — ווען ניט איך, וואָלט אפשר דער תהלים פארשימעלט געוואָרען.

ל ו ל ב: הער נאָר דו, נארישער באראָן־האָרען, בלאָז נור ניט אזוי פון זיך. דו מיינסט אין אמת'ן, אז אַלע האָבען פאר דיר מורא? פאראַן, אויף נאמנות, א גאנצע סך וואָס הערען דיך ווי דעם קאָטער. דו מיינסט הפנים, אז ווייל דו האָסט א געמבע ביזטו שוין א גאנצער קנאקער! פרעג מיך, וועל איך דיר זאָגען וואָס דו טוסט אויף מיט דיין רייסען זיך. עט! אפשר דאמאָלסט ווען דו בייזערסט זיך, דאמאָלסט ווען דו ליארעמסט, געפינט זיך איינער פון הונדערט וואָס דערשרעקט זיך פאר דיר; קוים אָבער ווערסטו אנטשווינען, לאכט מען זיך אויס פון דיר.

ש ו פ ר: אזוי זאָגסטו, סוכאָטניק דו? גאָה אדרבה ארויס אין גאס, ועסטו זעהן וואָס פאר אָן אויפצוג מען מאכט פאר מיר. באלד ווי מען האָט דערהערט מיין קול, האָט מען אָנגעהויבען קוי־פען טליתים, יארמולקעס, ציצית, מחזורים, סליחות, תחינות און אנדערע הייליגע מכשירים; קומסטו און זאָגסט, אז מען האָט פאר מיר קיין מורא ניט!

ל ו ל ב: ע־טיע־טיע! א געפעהרליכע מעשה! גאָה דו ארויס אין גאס מיט א פאָר וואָכען שפעטער, וועסטו זעהן וואָס פאר אָן אויפצוג מען מאכט פאר מיר. אין די קליינע שטעדט־לעך פיליכט ניט אזוי פיל; אָבער אין די גרויסע שטעדט קעהרט זיך דאָך וועלטען! איך וועל וועטען, אז מען רעדט ארום מיר מעהר ווי ארום דיר.

ש ו פ ר: כא־כא־כא, אויך מיר א לייט! זעהסטו, דיין חבר דער אתרוג שפילט יאָ א שטיקעל ראָלע, אָבער ניט דו! א וואזשנע ווערדע האָסטו, אָט לאָזט מען דיך שטעקען אונטער'ן באלקען א גאנץ יאָהר.

ל ו ל ב (בייזלאך): און דו וואלגערסט זיך צעהנדליגע יאָה־רען, באָטש דו ביזט אזא קנאקער.

ש ו פ ר: אָבער נאָך אַלעמען פארבלייב איך פריש און געזונד און עס איז אויף מיר קיין שנוי ניטאָ, וועהרענד דו ווערסט אויסגעדארט, אויסגעקוואָרט, געהסט אראָפּ פון פנים און האָסט א צורה ווי א פארדארטער בעזים.

ה ו ש ע נ א (אויפגערעגט): באלײדיג נור קײנעם ניט, מאך נור ניט אזא אָנשטעל, האָב נור ניט אזא גרויסען פּיסק! שוין באלד אויסגעגאנגען די יאָהרען מען זאָל פאר דיר מורא האָבען, דאָס איז אַלעס אַמאָל געווען; אָבער הײנט ביזטו גאָר אַ קלײנער יחסן.

ש ו פ ר (בײז): װער איז עס דאָרט? דו ארצע מחוצף פּנים אײנער, דו מײנסט, אז דו האָסט פאר־א־יאָהרען אָפּגעשמי־סען אַ סטענדער אין שוהל, װעסטו מיך אויך אָפּשמײסען? אויך מיר אַ לײט!

ה ו ש ע נ א: אזא לײט װי דו! מיט װאָס ביזטו עס מעהר יחסן פון מיר? פון דיר, זאָגסטו, מאַכט מען אַ גאנצען װע־זען, און איך בין אויך ניט קײן צוריסענע לאַפּטשע! מיך נעהמט מען אויך אויף גאנץ פײן! פון מײן כבוד װעגען זיצט מען אַ גאנצע נאַכט אין שוהל, מען זאָגט תיקון און תהלים, פונדעסט־װעגען נעהם איך מיך גאָר ניט איבער.

ה א ה ן (אויפ'ן קול): קוקוריקו! קוקוריקו! װאָס שפּאַרט איהר זיך דאָרט? װער עס איז מעהר יחסן? צוליב װעמען מען מאַכט אַ גרויסען אויפצוג? איך קען אײך זאָגען בנאמנות, אז אין דיזען הינזיכט בין איך מעהר יחסן פון אײך אַלע. אזא גערודער װי עס טוט זיך צו כפּרות, אזא טומעל װי מיר פאראור־זאַכען זײנט איהר קײנער ניט אימשטאַנדע צו באװײזען.

ש ו פ ר: דו האַלסט זיך אויך פאר אַ כלי קודש'ניק? אויך מיר אַ מאַכער! מען לאַכט דאָך פון דיר אין די הויפענס.

ה אָ ה ן: מען לאַכט פון דיר אויך.

ש ו פ ר: פון מיר? ניט אמת! איך מאַך צום װײנען, ניט צום לאַכען.

ה אָ ה ן: באשר דײן פּנים איז באהאַלטען אונטער'ן טלית פון תוקע זעהסטו ניט; אָבער איך פארזיכער דיר, אז אַ סך לאַכען הינטער דײנע פּלײצעס און מאַכען פון די חוזק.

ש ו פ ר (אויפגערעגט): פּאַסקודניאַקעס װאָס איהר זײנט! איהר האָט אַלע געמעגט דרך ארץ האָבען פאר מיר! װען איך זאָל ניט ערװעקען דעם עולם צו תשובה, װאָלט אויף אײך קײנער ניט אַ קוק געטאָן. נור מיר האָט איהר צו פאַרדאַנקען װאָס איהר שפּילט נאָך אַ שטיקעל ראָלע.

ה אָ ה ן (שפּאָטיש): קוקט איהם נור אָן, דעם פלאַקען שיסער! ער מאַכט דעם עולם פאַר חוזרים בתשובה, ער פאַרטרייבט דעם שטן און נאָך אַלעמען פאַרבלייבט דער עולם זינדיג און איך דאַרף פאַר אַלעמען זיין אַ כפּרה!

ש ו פ ר: רעדט אייך וואָס איהר ווילט, צו מיר קומט איהר קיינער ניט. מיך האַלטען נור חשוב'ע מענשען, לומדים, פרומע אידען; און ווער זייט איהר אַלע? ליאַד אַ פּראָסטאַק, ליאַד אַ קינד, ליאַד אַ יענטע טרייסעלט אייך, קלאַפּט אייך און דרעהט אייך אַרום די קעפּ.

ל ו ל ב: מען דאַרף אָהן זייטען בלייבען פון געלעכטער, נור שעהנע מענשען האַלטען איהם! אַז אָך און וועה צו דיר, גולם'עוואַטער באַראַן! פון וואַנען ביזטו עס אַזוי זיכער, אַז דער, וואָס בלאָזט מיט דיר איז אַ שעהנער, פרומער און חשוב'ער איד? אַזאַ פּסיכאָלאָג ביזטו עס און דו דערקענסט אָן פּנים וואָס ביי אימיצען אונטערען ארבע כנפות טוט זיך?

ה ו ש ע נ א: אַזאַ יאָהר מיר, ווי מיין פריינד לולב האָט רעכט.

ל ו ל ב: וואָס ווייס ער, דער באַראַן האָרן? ער הערט, אַז דער תוקע פּיעשצעט זיך, ווײנט כלומרשט, מיינט ער, אַז דאָס איז אַ צדיק גמור. איך ווייס אָבער פון פאַקטען, אַז דאָס איז ניט קיין כלל. אָט האָט מיך פאַר־אַ־יאָהרען אַ איד אַ תוקע, און מיר דאַכט זיך אַז אַ בעל תפלה אויך, פאַרקויפט צוזאַמען מיט אַן אתרוג און ער האָט טאַקע דעם בעל הבית אונזערען גוט אָפּגענאַרט. ער האָט איהם פאַרזיכערט, אַז דער אתרוג קומט פון ארץ ישראל און אין אמת'ן איז ער געוועזען אַ קאָרפו'ער.

ה ו ש ע נ א: אַ נייעס איז עס? איך האָב פאַר־אַ־יאָהרען געהערט אַ סך אַזעלכע מעשיות.

ש ו פ ר: איך גלויב עס ניט, דאָס איז אַ פאַרדאַמטער ליי־נען! איך בין זיכער, אַז איך בין דעם עולם מחזיר למוטב, און איך פאַרטרייב דעם שטן, און איך בין שטאָלץ אויף מיין אויפ־נאַבע.

ה אָ ה ן: דו פאַרטרייבסט אַזוי דעם שטן, אַקוראַט ווי איך בין אַ כפּרה פאַר די זינד.

ל ו ל ב: העי, העי, רייד נור ניט קיין אפּיקורסות!

ה אַ ה ן: אפיקורסות, זאָגסטו? הלואי וואָלט קיין גרע־סערע אפיקורסות ניט געווען. מען וועט מיך דרעהען ארום קאָפּ, מען וועט זאָגען „זה כפרתי"; אָבער איך גלויב ניט אויב איך וועל ווירקליך זיין א כפרה פאר אימיצענס זינד.

ל ו ל ב: פאר וואָס גלויבסטו עס ניט?

ה א ה ן (שטיל): פארוואָס גלויב איך ניט? ווייל א סך זיינען גאָרניט אויסען צו מאכען אונז פאר כפרות. דו ווייסט וואָס איך וועל דיר פארטרויען א סוד, צווישען אונז זאָל עס בלייבען, אז יום כפור, ווען פילע זיינען אין די שוהלען, מאכען אנדערע פון אונז כפרות סעודות אין דער היים און מען שפילט דערביי אין קאָרטען. נור שא, דער שופר וועט נאָך דערהערען, וועט ער האָבען מיט וואָס צו שטאָלצירען נעגען מיר.

ש ו פ ר: איך הער, איך הער, אהא! זעהסט שוין, דו בעל־גאוה'ניק וואָס פאר א ווערדע דו האָסט?

ה ו ש ע נ א: וואָס האָסטו זיך אזוי אָנגעכאפּט, שטיק חכם? דו קריכסט דאָך זיך אליין אויפ'ן קאָפּ! דו באריהמסט זיך דאָך, אז דו ערוועקסט צו תשובה און צוליב דיר עקזיסטירען מיר אלע אויף דער וועלט, נו, ערשט קענסטו זעהן, וואָס פאר א ווערט דו האָסט, ווי דו ווירקסט מיט דיין בלאָזען! דו ארבייטסט אויף די כלים א גאנץ חודש; דו בלאָזסט און דער עולם פייפט דיר אָן.

ש ו פ ר: זאָג מיר נאָר, דו פארדארטע, אפּגעקלאַפּטע הושענא, וואָס טוסטו דאָרט אויפ'ן שאפע? ווער האָט דיך דאָרט אוועקגעלייגט און צוליב וואָס פאר א צוועק?

ה ו ש ע נ א: וואָס איך טו דאָ? העי, העי! דו מיט דיין גאנצען יחוס טויגסט נאָר אויפ'ן חודש אלול; אָבער איך קום צוניץ א גאנץ יאָהר! מען האלט מיך פאר א שמירה נעגען א שרפה, פאר א סגולה צו קרחת און אנדערע חלאת'ן.

ש ו פ ר: עס קיצעלט מיך צום לאכען. היינט, אין צוואנציגסטען יאָהרהונדערט זאָל מען גלויבען אין אזעלכע נאריש־קייטען!

ה ו ש ע נ אָ: נאָך ווי? אפילו אזעלכע אפיקורסים וואָס לאכען פון דיר און דיין בלאָזען; אפילו אזעלכע וואָס מאכען חוזק פון אלע אידישע דינים און מנהגים, און לאָבען אין די חויפּענס

פון יערען נגלויבינען, ווערען מאָדנע אבערגלויבער, ווען עס דריקט זיי עפּעס צו, ווען עס איז זיי עפּעס אויסען. דאן איז רעכט לייגען א הושענא צוקאָפּענס, קאָכען צודאַרטע הושענא־בלעטלעך און טרינקען די וואסער, ווייל זיי מיינען, די דאָזיגע כלומרשטע חכמים, אז דאָס קען עפּעס העלפען.

ל ו ל ב : אמת טאקע, ווייבלעך, וואָס האלטען זיך פאר פאָרטגעשריטענע, פאר ראדיקאלע בייסען אָפּ די פּיטום׳ס פון מיינע ברידער אתרוגים ווייל זיי גלויבען אז דאָס איז א סגולה צו א גרינגערען שוואנגערען און צו א לייכטע ענטבינדונג.

ש ו פ ר : מיך פרעהט עס זעהר צו הערען. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת אז לויט אייערע פריהערדיגע טענות האָב איך געמיינט אז מיר נעהען חלילה אלע מכולה און איך בין טאקע שטארק אָפּהענדיג געווארען; אצינד אָבער אז עס האלט אזוי אז פארדארטע הושענא־בלעטלעך איז א רפואה און א פּיטום פון אן אתרוג א סגולה, איז צו האָפען, אז מיר וועלען איה״ש מאריך ימים ושנים זיין.

א ל ע צ ו ז א כ ע ן : געוויס, געוויס האלט נאָך ניט דער־ביי אז מען זאָל אונז ח״ו אין גאנצען אוועקווארפען.

ש ו פ ר : טו, טו, טו; אויב אזוי, טו לאָמיר ברידער שליסען שלום. לאָמיר געהן האנד אין האנד, כל זמן מיר זיינען ביי מענשען אנערקענט. איך וועל געבען סיגנאלען, מיט דיר האָהן זאָל מען שלאָגען כפרות, דיך לולב זאָל מען טרייסלען און מיט דיר הושענא זאָל מען קלאפּען.

ה אָ ה ן : קוקוריקו! הורראה פאר די פיער איינינקייט!

# אמעריקאנישער מחזור.

(רעפאָרמירט און פארקירצט לויט דעם גייסט פון דער לעצטער צייט).

## א תפלה פאר'ן חזן.

דער חזן נעהמט דעם טלית איבער'ן קאָפּ, צושפּרייט די הענד אזוי ווי איינער וואָס פארמעסט זיך צו שווימען, די משוררים מאַכען זיך רעדי און דער חזן פאַנגט אָן:

הנני העני ממעש — איך בין אָרעם פון גוטע מעשים, אָרעם אויף דער עברי און נאָך מעהר ארעם אויף די טייטש־ווערטער...

כ אָ ר : יא—אַ—אַ—אַ...

ח ז ן : נרעש ונפחד — איך בין דערציטערט און צושראָקען פאר דעם פּחד פון דעם וואָס זיצט אין הימעל...

כ אָ ר : ע—ע—ע—ע—ע—ט.

ח ז ן : באתי לעמוד ולהתחנן — איך בין געקומען און זיך אוועקגעשטעלט בעטען פאר דאָס פאָלק ישראל, וועלכע האָבען מיך געשיקט...

כ אָ ר : גו—ו—ו—ו.

ח ז ן : אף על פּי — כאָטש איך בין ניט ווערט און באַרעכטיגט דערצו...

כ אָ ר : יא—א—אַ—אַ, טאַ—א—אַ—קע.

ח ז ן : לכן אבקש ממך — דעריבער בעט איך דיר, גאָטעניו, היה נא מצליח דרכי — גיב מיר א שאַו, אז איך זאָל די קאָמעדיע גוט דורכפיהרען, אז איך זאָל קיין מיסטייק ניט מאכען, אז איך זאָל הייזעריג ניט ווערען, כדי מען זאָל פון מיר צופרידען זיין, ווייל זיי מיינען דאָך נאָר בזינעס און דאָס מיין איך אויך. אמן, כן יהי רצון, אמן ואמן.

דער חזן מיט'ן כאָר זינגען חצי קדיש מיט'ן סקאַרבאָווען ניגון. דער עולם זאָגט די שטילע שמונה־עשרה. דער חזן האָט דערווייל א „ליטל רעסט” און כאַפּט פון אונטער'ן טלית אַ שמועס מיט די משוררים און ווען דער שמש טוט אַ פּאַטש אין בימה, זאָגט מען ווייטער:

## ובכן לך הכל יכתירו.

אז מען האָט שכל און מען ווייסט ווי אָנצוגעהן מיט לייטען,

ווערט מען באקרוינט און באשוינט, כאטש מען איז אין אמת'ען א גארנישט שבגארנישטען.

## ובכן מאני טאקס.

פ ו ת ח י ן ה א ר ו ן — מען עפענט די קאסע און מען לאזט זיך סודי טודי געפינען; מען קויפט אן עלית, מען שנדר'ט, מען ספענדט אזוי א דאלאר און מען ווערט א שעהנער מענש.

## הדאלאר מלך, הדאלאר מלך, הדאלאר ימלך לעולם ועד.

דער וואס האט די מאה, דער האט די דעה —
הדאלאר מלך.

צו קריגען א שעהנעם טיטול, איז געלטעניו א מיטעל —
הדאלאר מלך.

כבוד מיט'ן פולען הויפען, קען מען דערפאר קויפען —
הדאלאר מלך.

געלד פארדעקט חטאים, מאכט צדיקים פון רשעים —
הדאלאר מלך.

מען קען באקומען יחוס, דורכ'ן דאלאר'ס שליחות —
הדאלאר מלך.

א נאר קען דערפאר קריגען, א נאמען פאר קלוגען —
הדאלאר מלך.

ביים לעבען א מורנו, נאכ'ן טויט א לויה א שעהנע —
הדאלאר מלך.

## ובכן ויהי בישורון מלך.

אט אזוי ווערט מען ביי אידען א קנאקער:

א היימישער בעל עגלה איז דא א פרעזידענט אין א קהילת, ווייל ער שפילט א געלטיגע ראלע, לעדי עד ימלך מלך הדאלאר.

א לאטוטניק, א פראסטאק, לעבט דא מיט'ן קנאק, ווייל ער איז געווארען א געלד־זאק, לעדי עד ימלך מלך הדאלאר.

א גראבער יונג, א חם, איז אריבערגעפאהרען דעם ים, און דא געוואו'ען א יא טעבע דאם, לעדי עד ימלך מלך הדאלאר.

פון דער היים א מוסר, שטענדיג מעהר „מלא" ווי חסר, דא איז ער כשר ויושר, לעדי עד ימלך מלך הלאראר.

## ובכן גדולים מעשי קאלומבוס.

די אונטערשטע שורה: אמעריקא האט א טרפה'נע גבורה,

קאָלומבוס איז אַלל־רייט, ער מאכט פון מענשען לייט, פון קרום גלייך, פון פינסטער ליכטיג, פון אונריין ציכטיג, פון אַ קאַרליק אַ ריעז, פון אַ נאָדעל אַ שפיז, פון אַ פליג אַ טיגער, פון אַ שוואַכען אַ זיגער, פון אַן עם הארץ אַ וואַזשנעם פריץ.

## אבל מלך אביון.

אָבער מען ליירעט דאָ אויך נויט, אַ סך האָבען נעבאַך קיין ברויט, אַזוי ווי אין דער תורה שטעהט: לעדי ער ימלך מלך אביון.

פאראַן אַ סך שלים־מזלות, וואָס שפּילען כלומר׳שט רייכע ראָליעס, כאָטש עס פייפט ביי זיי דער דלות, לעדי ער ימלך מלך אביון.

## האוחז ביד — די בעסטע תפלת.

וכל מאמינים — אפילו אזעלכען וואָס אלע גלויבען, אז ער איז גוט אָפּ, דאַרף מען היינטיגע צייטען זיך אויך נים איילען צו באָרגען אַ גמילת חסד, ווייל עס קען זיין, אז ער איז אַ פאַר־מאַסקירטער קבצן. און ווער עס האנדלעט מיט איהם, איז גלייכער, אז ער זאָל פון איהם פאָדערען קעש, ווייל משכון בבית שלו׳ בקעשענע.

וכל מאמינים — אזעלכען וואָס אלע גלויבען אז ער איז אַן איש אמת און זיין וואָרט איז הייליג, דאַרף מען היינטיגע צייטען אויך נים גלויבען אויפ׳ן וואָרט, ווייל צוליב דרך שלום זאָגט מען אָפּט אַ ליגען.

## ובכן אמרו לפּאָליטישען: מה נורא מעשיך.

אמרו לפאָליטישענס: פאַר עלעקשאָן איז יעדער פון אייך ווייך ווי פּוטער, אַזאַ רך לב, אַזאַ גוטער, אַזוי ווי אַ קינד צו אַ מוטער, נאָכדעם ווערט איהר האַרט ווי שטיינער, איהר נעהמט פאַר זיך די פלייש און פאַר׳ן פאָלק די ביינער.

אמרו לפאָליטישענס: ווען איהר דאַרפט האָבען די וואָוטס, זאָגט איהר צו אַל־דאָס־גוטס, איהר פאַרשפּרעכט אַלע־מען הילף און שוץ, נאָכדעם פאַרגעסט איהר אייערע הבטחות, איהר האָט אַלעס און דאָס פאָלק — קרחות.

מנוית וגמורת, בסוד חכמי תורת, אז יעדער איינער איז אויסען זיין אייגענע טובת.

# טענות פון א כפרה האָהן.

א ווייסער האָהן, וואָס איז געווען צוגעגרייט ביי א אידען פאר א כפרה, איז געקומען פאר'ן בית דין של מעלה מיט פאָלגענדע טענות:

איך, אייער אונטערטעניגער האָהן, בין געקומען אהער פאר'ן הימלישען בית דין אין שליחות פון מיינע טויזענדע ברידער און שוועסטער, העהנער און היהנער, וועלכע, ווי עס איז אייך באַקאנט, זיינען איצט גרייט צו דער שחיטה, און איך בעט אז איהר זאָלט מיך אויסהערען.

איך ווייס אז דער גזר דין וואָס איז אויף אונז נגזר געוואָרען נאָך מיט טויזענדע יאָהרען צוריק, אז מענשען זאָלען אונז קוילענען און עסען אונזער פלייש, וועט שוין ניט בטל ווערען. מען וועט אונז עסען כל זמן עופות און מענשען וועלען עקזיסטיר'ען אויף דער וועלט, כי לכך נוצרנו, ווייל פאר דיזען צוועק האָט דער בורא עולם אונז באשאפען.

וואָס איך וויל אָבער פרעגען איז: ווארום האָבען אונז גאָט'ס געליבטע, די אידעלאך, געמאכט פאר כפרות? ווארום זאָלען מיר אומשולדיגע ברואים זיין א כפרה אויף זייערע זינד? זיינען אויף דער וועלט פאראן ווייניג שלעכטע מענשען וואָס מעגען זיין כפרות פאר'ן כלל? וואָס האָבען זיי זיך אָנגעזעצט אויף אונז בידנע העהנער און היהנער?

יאָ, אנטקעגען מענשען בין איך טאַקי א קליינע, שוואכע באַשעפעניש, אָבער שכל האָב איך אין א פרט אפשר מעהר פון דעם מענשען. די אידעלאך גופא, וואָס זיינען באַטיטולט מיט'ן נאָמען עם חכם ונבון, גיבען דאָס צו. זיי זאָגען אין זייערע תפלות: „הנותן לשכוי בינה להבחין בין יום ובין לילה". זיי דאנקען גאָט וואָס ער האָט דעם האָהן געגעבען פארשטאַנד אונטערצושיידען פון טאָג צו נאַכט. דאָס איז א גרויסע זאַך, א וואזשנע אייגענשאפט, וואָס א גרויסער טייל פון די מענשהייט באַזיצט ניט. פרעגט

זיי בחרם וואָס עס איז טאָג און וואָס עס איז נאַכט, וואָס עס איז ליכטיג און וואָס עס איז פינסטער...

ווען אידעלאָך וואָלטען געוואוסט דעם ריכטיגען חילוק צווי־שען ליכטיגקייט און פינסטערניש, וואָלטען זיי אפשר אויס־עקאַ־סירט דעם פינסטערען מנהג פון שלאָגען מיט אונז כפרות.

יאָ, ווען זיי וואָלטען געהאַט אָפענע אויגען, וואָלטען זיי ניט געזינדיגט און פאַרשפּאָרט זוכען כפרות אויף זייערע זינד. אויף כפרות וואָלטען זיי דאַן געדאַרפט די כפרות.

די צרה איז וואָס זיי ווייסען ניט אָדער ווילען ניט וויסען וואָס עס איז נאַכט און וואָס עס איז טאָג, וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט, וואָס עס איז ליכטיג און וואָס עס איז פינ־סטער. זיי פאַרקריכען דעריבער אָפטמאָל אין זומפען און אַז עס קומט ערב יום כפור ווילען זיי אַרויסקריכען און אַלס סגולה דרע־הען זיי אונז, עופות, אַרום די קעפּ, זאָגען „זה חליפתנו" און זיי מיינען אַז זיי זיינען שוין פּטור.

די מענשעלאָך מיינען, אַז גאָט האָט אונז נור געשענקט דעם געפיהל צו שפּירען ווען דער מאָרגענשטערען געהט אויף און מעהר, דענקען זיי, באַגרייפען מיר ניט. זיי האַלטען אונז פאַר אונוויסענדע, פאַר איגנאָראַמוסען און אַז זיי ווילען באַצייכענען איינעם וואָס ווייס ניט, וואָס באַגרייפט ניט עפּעס אַ זאַך, דריקען זיי זיך אויס: „ער קוקט ווי אַ האָהן אין בני אָדם". יאָ, עס איז אמת, אַז אין די שוואַרצע פינטלאָך האָבען מיר, העהנער, טאַקי קיין ידיעה ניט; אָבער זיינען דען ניטאָ בני אָדם, מענשען, וואָס פאַרשטעהען דעם „בני אדם" פון סידור ניט מעהר ווי מיר, העה־נער?...

און צווישען דיזע וואָס ווייסען אין „בני אדם" ניט מעהר פון אונז זיינען פאַראַן אַ סך וואָס שלאָגען ערב יום כפור כפרות. קענען זיי דאָס אליין ניט, שלאָגט אימיצער מיט זיי כפרות, ווייל זיי האַלטען דאָס פאַר אַ גרויסע מצוה.

עס זיינען אפילו דאָ מענשען, שלעכטע, פאַרדאַרבענע מענ־שען, וואָס וואָלטען געמעגט זיין אַ כפרה פאַר אונז העהנער, דאָך שלאָגען זיי מיט אונז כפרות. יאָ, דאָס איז אפשר טאַקי דערפאַר וואָס מיר ווייסען דעם חילוק פון טאָג צו נאַכט און מיר קרעהען

און מיר וועקען, אַז מען זאָל עפענען די אויגען און זעהן די ליכ־טיגקייט...

וואָרים דאָס איז שוין ביי אַ טייל אידען אַן אַלטע מחלה, אַ קראַנקישע נאַרישע איינבילדונג, אַז די וואָס וועקען זיי, די וואָס לערנען זיי וואָס טאָג און וואס נאַכט איז, טויגען ביי זיי אויף כּפּרות...

מיך וואָלט שוין אפשר נים אזוי פיל געאַרט, ווען איך זאָל וויסען אויף ריכטיג, אַז מיר זיינען ווירקליך כּפּרות. וואָס האָט געזאָלט זיין אַ מענשען, איבערהויפּט אַ אידיש קינד, זאָל אוים־געהן צו אונז הענגער און הינער, שטאַרבען מוז מען דאָך פריהער אָדער שפּעטער, און אַז מען טוט מים׳ן טויט אַ טובה דעם בחיר כל היצורים, דעם אויסערוועהלטען פון אַלע באַשעפעניששען, איז מה טוב, איז אפשר אפילו כדאי צו שטאַרבען פאַר דער צייט; אָבער איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך בין אין דעם אַ שטיקעל אפּיקורוס און איך האָב קיין אמונה, אַז דורך דרעהען אונז ארום קאָפּ און עסען אונזער בייליק זאָל מען רייננגעוואַשען ווערען פון זינד.

און איך זאָג נאָך אַמאָל, אַז דאָס וואָס מען קוילעט אונז און מען עסט סתם אונזער פליישׁ, קימערט מיך נים פיל, ווייל דאָס מוז אַזוי זיין. דאָס איז אַ נאַטור געזעץ, אַז שטאַרקערע עסען די שוואַכערע, מיר עופות פּיקען ווערימלאַך און אינזעקטען און די מענשען ווידער פּיקען אונז. אפילו צווישען די מענשען גופא איז אויך איינגעפיהרט, אַז די שטאַרקע שלינגען איין די שוואַכערע. אָבער אַז מיר זאָלען נאָך זיין כּפּרות פאַר די מענשען — דאָס איז שוין צופיל. פאַרלאַנגען מיר אַז די ווערימלאַך וואָס מיר פרעסען אויף זאָלען זיין פאַר אונז כּפּרות?

דעריבער גלויבט זיך מיר טאַקי די מעשה נים. פאַר וואָס, פאַר ווען קומט עס זיי, אַז זיי זאָלען סמאָטשקען אונזערע ביינער און מיר זאָלען נאָך זיין אַ כּפּרה אויף זייערע זינד?

אָבער אפילו צוגעבענדיג, אַז דאָס איז אַזוי, אַז מיר זיינען טאַקי ווירקליך כּפּרות, איז דאָך דער פאַרדרוס נאָך אַ סך גרע־סער. אויב אַזוי, אויב מיר זיינען מכפּר אויף זייערע עבירות, אויב דאָס איז טאַקי, ווי די כּפּרות שלעגער זאָגען „נפש תחת נפש", וואָס עס האָט געזאָלט זיין זיי, געהט אויס צו אונזערע קעפּ,

טאָ פארוואס זשע האלטען זיי אונז פאַר אזוי נידעריג און ווערט־לאָז? ווארום זאָגען זיי אויף יעדע זאך וואס איז ניט ווירדיג אין זייערע אויגען, אז דאָס טויג אויף כפרות? דאָס וועל איך זיי ניט מוחל זיין אפילו ווען דעם שוחט׳ס חלף וועט שוין ליגען איף מיין האלדז.

איהר הערט א מעשה! מיר הענער און הינער זיינען זיי מאריך די יאָהרען, מיר נעהמען אויף זיך זייערע עבירות און באזאָרגען זיי מיט עולם הבא, און לסוף איז דאָס נאָך ביי זיי ניט אָנגעלעגט, און וואו עפעס א זאך וואָס טויג צו גאר ניט, וואָס האָט קיין ברעקעל ווערט, טויג עס אויף כפרות!

עס איז דאָך א סך, א סך זאכען אויף וועלכע אידען זאָגען, אז עס טויג אויף כפרות, טאָ ווארום שלאָגען זיי כפרות דוקא מיט הענער און מיט הינער? וואָס איז עפעס דער גורל געפאלען נאָר אויף אונז בידנע עופות? זאָלען זיי שלאָגען כפרות מיט מגיד׳ישע דרשות, חזנ׳ישע זינגאכץ, מיט צייטונגס־ארטיקלען, מיט שלעכטע ווייבער, מיט שווערס, מיט שווינערס, מיט טאַטעס, מיט מאמעס און מאַלע מיט וואָס נאָך, וואָס זיי זאָגען אז עס טויג אויף כפרות, אָדער זיי דארפען אויף כפרות!

א טאַראַראַם זיי מאכען דאָס ערב יום כפור מיט די כפרות! עס איז אונז הענער און הינער א שאנדע און א חרפה. זיינען מיר דען טאַקי די ערגסטע אויף דער וועלט, וואָס מיר זיינען פאראור־טיילט צו אזא מיאוס׳ען טויט און צו אזעלכע חרפות וביושים פאר׳ן טויט?

בכן, וואָס זאָגען די אידען? היות אזוי ווי אמאָל פלעגט מען ערב יום כפור אוועקשיקען א שעיר לעזאזל, וואס האָט מכפר געוועזען אויף זיי, מאכען זיי דאָס היינט אונז פאר׳ן שעיר לעזאזל! אָבער וואָס פאר א שכל איז דאָס? מילא דער שעיר לעזאזל האָט גאָט געהייסען; אבער ווער האָט זיי געהייסען שלאָגען כפרות? און נאָך א זאך: א שעיר לעזאזל איז געוועזען איין ציגעלע וואס איז געוועזען א כפרה פאר אלעמען, פאר דאָס גאנצע פאָלק ישראל, און ווארום שלאכטען זיי אונז היינט אוים אין די טויזענדער, אין די צעהנדליגע טויזענדער, אלע אלם כפרות?

ניין, איך פראָטעסטיר אין נאָמען פון מיינע אלע ברידער און שוועסטער און איך פאָדער אויף אייך, הימעלשע ריכטער, אז

איהר זאָלט פאַר אונז זוכען גערעכטיגקייט. מיר ווילען ניט און מיר דאַרפען ניט זיין קיין כפרות און קיינער דאַרף גאר ניט דענ־קען אז מיר זיינען פאַר אימיצען א כפרה. אַן אפּקלער אביסעל, זיי זינדיגען און מיט אונזער בלוט ווילען זיי אָפּווישען זייערע זינד! ...

אָבער, וואָס רייד איך? עס איז דאָך ערב יום כפור און מען טאָר אויף אידען קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגען. זיי האָבען שוין דאָ אין הימעל און אויך אויף דער ערד גענוג מקטרגים אָהן מיר און צו וואָס זאָל איך נאָך זיין א מקטרג? זיי זיינען דאָך גאָט׳ס באַליבטע קינדער און מען דאַרף זיי בעסער פאַרטיידיגען איידער פאַרלוימדען.

און איך און אַלע וואָס באַלאַנגען צו די הענער און הינער משפחה זיינען דעריבער אויף אונז מצדיק את הדין און מיר גיבען אַוועק אונזערע קעפּ פאַר׳ן כלל ישראל. זאָלען אידעלאַך שלאָגען מיט אונז כפרות און זאָלען מיר טאַקי זיין זייער כפרה.

אָבער איין זאַך ווי איך בעטען. אז עס איז אונז שוין יאָ אזוי באַשערט, זאָלען מיר כאָטש אריינפאַלען אין די הענט פון ריכטיגע, כשר׳ע שוחטים. בעהיט אונז און באַשירמט אונז פון געבלאָפטע שוחטים, פון סקעב שוחטים און פון אַלע שוחטים וואָס זיינען ניט ראוי צו זיין שוחטים.

חתמ׳עט אָן די אידעלאַך א גוט יאָהר. א שנת חיים ושלום, ברכה והצלחה און זאָלען זיי דערלעבען איבער־אַ־יאָהר אַלע אין גאַנצען און ווידער שלאָגען כפרות.

# די פתיחה דנעילה.

(א מעשה שהיה)

ר׳ בעריש דער סוחר האָט געהאַט א חזקה אויף דער פתיחה דנעילה.

אלע יום כפור פלעגט ער קויפען דעם דאָזיגען כיבוד און פלעגט דערפאר באצאָהלען גוטעס געלד.

ר׳ בעריש איז געווען איינער פון די שעהנסטע און אָנגעזעהענסטע בעלי הבתים אין זיין שטעדטעל. ער איז געווען דאָס וואָס מען רופט „אַן עכט אידישער נגיד". א למדן, א ירא שמים, א בעל טובה, א בעל צדקה, א מכנים אורח און סתם אזוי א גוטער און סימפאטישער מענש. ער איז אפילו געווען שטאָלץ ביי זיך, אָבער ניט שטרענג אדער גאוה'דיג אזוי ווי אנדערע נגידים. ער איז מיט יעדען איינעם געווען א גוטער ברודער און ער האָט יעדען איינעם א טובה געטאָן, ווען נאָר ער האָט געקענט.

א הויז האָט ר׳ בעריש געפיהרט אויפ'ן רייכען שטייגער, אלעס פון דער פולער האנד. ער האָט אויך ניט געקארגט אין צדקה זאכען און זיינע טירען און זיין האנד זיינען שטענדיג געווען אפען פאר ארימע און נויטליידענדע.

ער איז דעריבער געווען א גרויסער חשוב אין שטעדטעל און ער האָט ביי אלעמען חן געהאַט. מען פלעגט איהם צוטיילען כבוד ניט דערפאר ווייל ער איז געווען א נגיד און מען האָט געדארפט אָנקומען צו זיינע טובות, זאָנדערן ווייל מען האָט איהם פשוט ליב געהאַט. ר׳ בעריש'עס א ווארט איז ביי אלעמען געווען הייליג און קיינער האָט ניט געוואגט מעיז פנים זיין געגען איהם אָדער פארשאפען איהם דעם מינדעסטען אום־כבוד.

אויף דער פתיחה דנעילה איז ר׳ בעריש געווארען א מוחזק באלד ווי ער איז אריין אין די פעדערען, באלד ווי עס האָט איהם אָנגעהויבען געהן גוט און ער איז געווארען א שטיקעל בעל

חבית. אנפאנגס איז דאָס ביי איהם געווען א מין עקשנות, א מין קאפריז, אדער גאר א שטיפעריי. עס האָט זיך איהם געוואָלט אויסכאפּען די דאָזיגע מצוה, צו וועלכע אנדערע בעלי־הבתים, עלטערע פון איהם, האָבען חשק געהאט און ער פלעגט עס דעריבער אויסדינגען. שפּעטער אָבער איז די פתיחה דנעילה ביי איהם געוואָרען א מין חוב, א מין נויטווענדיגקייט און עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען אז ער מוז עפענען דעם ארון הקודש פאר נעילה און ער טאָר דאָס פאר קיין פאַל ניט דורכלאָזען.

און יאָהר איין, יאָהר אויס איז ר׳ בערים געווען דער סוחר פון דער דאָזיגער מצוה אין דעם גרויסען בית המדרש, וואו ער האָט געדאווענט און קיין פרייז איז פאר איהם ניט צופיל געווען צו באצאָהלען דערפאר.

בעלי הבתים פון בית המדרש האָבען איהם געוואָלט אוועק־געבען די חזקה אויף דער פתיחה דנעילה אויף שטענדיג פאר א באשטימטען מקח און מען זאָל גאר דערויף קיינע „טאָרגעס" ניט מאכען; אָבער ר׳ בעריש האָט דאָס ניט געוואלט. איך בין טאקי א מוחזק — האָט ער געזאָגט — אָבער בע׳גזל׳נען דעם בית המדרש וויל איך ניט. אויב עס וועט זיך געפינען א איד וואָס וועט געבען מעהר פון מיר, איז יענער בילכער.

אָבער ווער האָט זיך דאס געקענט אונטערשטעלען אויסצו־דינגען די פתיחה פון ר׳ בעריש׳ן? ראשית, האָט מען פאר איהם גרויס דרך ארץ געהאט און מען האָט ניט געוואָלט אויסכאַפּען פון איהם די מצוה; והשנית, האָט מען געדארפט האָבען ברייטע קעשענעס איבערצושטייגען איהם.

פון דעסטוועגען פלעגט עס ר׳ בעריש׳ן ניט אבגעהן אזוי גלאַט און ווען עס פלעגט פארקומען דער „טאָרג" אויף דער פתיחה דנעילה, פלעגען בעלי הבתים שטייגען די פרייזען, ניט ווייל זיי האָבען דאָס טאַקי געוואָלט קויפען, זאנדערן כדי ארויסצוציהען פון ר׳ בעריש׳ן נאָך א פּאָר רובעל. נישט־קשה — פלעגען זיי זאגען — ער קען געבען, ער פארמאָגט, א איד א נגיד, אָהן עין הרע, זאָל דער בית המדרש לייזען.

ער, ר׳ בעריש, האָט געוואוסט, אז דאס שטייגט מען נאָר לפנים, אבער קיינער מיינט עס ניט ערנסט. ער איז זיכער געווען, אז ווען אפילו ער זאל זיך אבשטעלען ביי א געוויסען פרייז און

ניט געבען מעהר, וועט די פּתיחה אלץ בלייבען ביי איהם, ווייל קיי־נער וועט ניט אויסכאפּען זיין חזקה, פון דעסטוועגען פלעגט ער אזוי לאנג שטייגען ביז די אנדערע פלעגען פארשטעהן, אז עס איז שוין געגנוג און זיך „אונטערגעבען“.

— זיי ווילען מיר אויסברייגגען געלד, די יונגאטשעס — פלעגט ר׳ בעריש זאגען אין א שפּאס און מיט אן עכט ביסעל שטאָלץ — אבער איך האָב אויף זיי קיין פאריבעל ניט. מען זאָל דערלעבען איבער א יאָהר און זיי זאלען ווידער אזוי טאָן. דאָס געלד געהט דאָך אויף א דבר מצוה, אויף אויסהאלטען דעם בית־המדרש און דער גאָט וואָס וועט העלפען אויף אזוי פיעל, וועט העלפען אויף נאָך א פּאָר רובעל.

עס פלעגט פּאסירען, אז מען פלעגט די פּתיחה דנעילה ארייג־שטייגען אין פינף און צוואנציג רובעל און מעהר און דער קויפער איז שטענדיג געוועזן ר׳ בעריש.

און באצאָהלען פאר דער פּתיחה פלעגט ר׳ בעריש באלד מוצאי יום כפור, אפילו א טאָג ניט שפּעטער. אזוי האָט ער זיך נוקג געוועזן א יאָהר דרייסיג כסדר.

ויהי היום, ר׳ בעריש איז שוין דאמאָלט געוועזן א זקן ארייבער זעכציג, איז ער געוואָרען א יורד. זיינע געשעפטען זיינען אוועק שלעכט און ער איז געפאלען פון טאָג צו טאָג אלץ ניעדערי־גער און ניעדעריגער. אבער קיינער האָט דערפון ניט געוואוסט. דער געוועזענער שטאָלצער נגיד האָט געשטיקט דעם דלות און זיך און ער האָט אנגעווענדעט אלעם מעגליכעס, אז קיינער זאָל ניט ערפאהרען וואו ער האלט אין דער וועלט.

ער איז געקומען צו אזא מדרגה, אז ער האָט געמוזט משכנות פארזעצען, אום צו האָבען אויף חיונה. ער האָט די משכנות פארזעצט ביי באקאנטע פּריצים, אום די אידען אין שטעדטעל זאָלען זיך ניט דערוויסען פון זיין דלות.

עס איז געקומען אזוי ווייט, אז ער האָט געמוזט פאר׳משכון׳ען דעם זילבערנעם „שבת׳ניק“ און זיין ווייב שרה דבורה די נגידה האָט געמוזט בענשען ליכט אין אלטע מעשענע לייכטער.

ווען א שכנה האָט דאָס באמערקט און געפרעגט שרה דבורה׳ן, וואו איהר זעלבערנער „שבת׳ניק“ איז? האָט זי געזאגט א תירוץ,

אז א רעהר האָט זיך אפגעבראָכען און זי האָט איהם אוועקגעשיקט צו א גאָלד־שמיד פאררינכטען.

עס איז שפּעטער געווארען נאָך ערגער און שרה דבורה האָט נעבאָך געמוזט פארזעצען איהרע פּערל. פאר שכנות און באקאנטע האָט זי געזאָגט א תירוץ, אז איהרע א שוועסטער איז געשטאָרבען און זי וויל ניט טראָגען קיין צירונג אין צייט ווען זי איז אין טרויער.

די געוועזענע עשירים האָבען זיך, ווי מען זאגט, געקנייפּט די באקען, אום צו מאכען א פארב, און זיי האָבען געשפּיעלט די זעלבע ראָלע, אזוי ווי אין די גוטע צייטען.

געקומען פאר יום־כפור איז ר׳ בעריש׳ן און זיין ווייב זעהר טרויעריג געווארען אויף די הערצער. זיי פלעגען זיך שטענדיג נוהג זיין צו שלאָגען כפרות מיט אינדיקעס. אויסערדעם פלעגען זיי לאָזען שעכטען היהנער און העהנער און עס אוועקגעבען אָרימע לייט און דאמאָלט האָבען זיי ניט געהאט קיין מראה מקום אפילו אויף א פּאָר בילינגע כפּרות פאר זיי אליין! היינט פאר נאכט די „קערות" אין בית המדרש? ר׳ בעריש פלעגט אלע ערב יום כפּור אויסטיילען עטליכע רובעל אין זילבער און דאמאָלס האָט ער אפילו קיין קופּער געלד אויף ניט געהאט!

ארויסגעהן אין די עפענטליכקייט: איך בין א קבצן און איך דארף אליין אנקומען צו צדקה, דאס האָט ר׳ בעריש ניט געוואָלט. דער טויט וואָלט איהם ליבער געווען, איידער אזא זאך. ער האָט געוואוסט, אז ר׳ משה דער שוחט, וועלכער קומט אלע יאהר ערב יום־כפּור בעלות הבקר צו איהם אין הויז קוילענען די כפּרות, אום צו מזכה זיין איהם, מיט דער מצוה פון „כסוי הדם", וועט דיזען ערב יום־כפּור אויך קומען, היינט ווי אזוי קען מען איהם זאגען: „ר׳ משה, מיר האָבען היינט קיין כפּרות!" דיזער געדאנק האָט ר׳ בעריש׳ן און זיין ווייב קיין רוה ניט געגעבען און זיי זיינען אומגעגאנגען אזוי ווי אָהן קעפּ.

ענדליך האָט ר׳ בעריש אויפגעזוכט די לעצטע ביסעל זילבער, וואָס איז נאָך געווען אין הויז, האָט עס פאר׳משכון׳ט און איינגעקויפט כפּרות אזוי ווי אלע יאהר, און עס איז נאָך אויך פארבליבען אביסעל געלד אויף טיילען אין די „קערות".

דער ערב יום כפור איז ביי ר׳ בעריש׳ן אוועק אזוי ווי אין די גוטע יאהרען און קיין זייטיגער מענש האָט ניט באמערקט איר־גענד וועלכע ענדערונג.

וואָס איז אבער מכּת דער פּתיחה דנעילה? קען ער זיך אפּ־זאָגען פון דיזער מצוה, אויף וועלכע ער האָט שוין דרייסיג יאהר חזקה? קען ער פּלוצלונג ארויסגעהן און זאגען: פארקויפט עס ווע‏מען איהר ווילט, ווייל איך בין ניט פארמעגליך צו קויפען דאס? ער האָט זיך פארגעשטעלט, אז אויסרעדען די עטליכע ווערטער איז ביי איהם אזוי ווי איינגעמען סם המות און ער וועט באלד פאלען און שטארבען פון עגמת נפש.

אבער ער האָט קיין מיטעל און קיין האָפענונג געהאט אויס־צודרעהען זיך פון דער שרעקליכער פארלעגענהייט און ער האָט גאנץ יום כפור געוויינט און פארגאסען טייכען טרערען.

געקומען פאר נעילה, ווען מען האָט אנגעהויבען פארקויפען די פּתיחה, איז ר׳ בעריש געשטאַנען אויף זיין „שטאָדט“ נעבען ארון הקודש מיט׳ן טלית איבער׳ן קאָפּ און מיט׳ן פּנים צום וואנד און האָט געוויינט אין דער שטיל. ער האָט געשלונגען די טרעהרען און קיינער האָט זיין געוויין ניט געהערט.

דער שמש האָט זיך געטאָן זיינס און אויסגערופען מיט א געצויגענעם טאָן:

— דריי רובעל פאר דער פּתיחה דנעילה!

— פינף רובעל פאר דער פּתיחה דנעילה!

— זעקס רובעל פאר דער פּתיחה דנעילה!

געהויבענע בעלי הבתים האָבען אזוי ווי אלע יום כפור גע־שטייגט, כדי ארויסצוציהען פון ר׳ בעריש׳ן נאָך א פאָר רובעל. דער שמש האָט נאָר געוואָרפען בליקען אויף ר׳ בעריש׳ן, און אלעמענס אויגען זיינען אויך געווען געווענדעט אהין צום מזרח וואנד, וואו דער נעמיינטער עושר איז געשטאַנען. אבער ר׳ בע־ריש האָט זיך ניט גערוהרט פון אָרט און איז געשטאַנען אונבאַ־וועגט אזוי ווי א סטאַטוע.

— ער וועט מסתמא באלד ארויספאהרען מיט א גאנצען צעהנערעל — האָבען מאנכע בעלי הבתים נביאות געזאגט.

— און פאר וואס ניט מיט א פינף און צוואנציגער? — האָבען אנדערע באמערקט.

— ער רייצט זיך מיט זיי — האָבען נאָך אנדערע געזאגט — אבער ער וועט מיט אמאָל אויסשיסען אזא באָמבע, אז זיי וועלען אלע צולויפען, וואו פעפער וואקסט. וואס דען, ר' בעריש וועט דורכלאזען די פתיחה?

די פתיחה האָלט שוין צעהן רובעל, צוועלף רובעל, פופצעהן רובעל און ר' בעריש שווייגט אלץ. דער שמש קוקט, דער גאנצער עולם קוקט, אבער מען זעהט ניט און מען הערט ניט קיין ר' בעריש. ער שטעהט אלץ מיט'ן טלית איבער'ן קאָפּ און מיט'ן פנים צום וואנד און איין קול ואין עונה.

ר' לייזער דער דין, וואָס איז געזעסען נעבען ר' בעריש'ן, האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען און ער האָט איהם א פרעג געטאָן:

— וואָס שווייגט איהר, ר' בעריש?

— זאָל זיין היינטיגס מאָל — האָט ר' בעריש געענטפערט מיט א האלב פארשטיקטען קול — זאל נאָך א איד פארזוכען דעם טעם.

— ער פראוועט קאטאָוועס, דער אלטער — האָט ר' לייזער א זאָג געטאָן צו א בעל הבית.

— וואס דען? — האָט זיך יענער אבגערופען — ער וועט ארויספאהרען מיט אמאָל מיט א פינף און צוואנציגער און זיי וועלען זיך אלע אפטראגען.

— און אז עס זאל אפילו האָלטען ביי פופציג, ביי הונדערט — האָט דער דין צוגעגעבען — וועט ער דען אבלאזען? וואס פאר א פראגע? מענשען מאכען זיך נאריש און שטייגען, ווייסען זיי דען ניט אז זיי וועלען ר' בעריש'ן ניט אויסדרינגען?

דער שמש שרייט ווייטער: פופצעהן רובעל פאר דער פתיחה דנעילה! זעכצעהן רובעל! זיעבצעהן רובעל! אבער ר' בעריש שטעהט אלץ מיט'ן פנים צום וואנד און וואס ער טוט דאָרט ווייס קיינער ניט.

פלוצלונג האָט זיך דער אלטער אויפגעכאפּט אזוי ווי פון שלאָף. עפּעס א גליקליכער געדאנק איז איהם אריינגעפאלען אין

מת. ער האָט ארונטערגערוקט דעם טלית פון קאָפּ, האָט זיך אומ־געקערט מיט׳ן פּנים צום עולם, האָט געוואָרפן א פרעהליכען בליק אויפ׳ן שמש און א זאג געטאָן בקול רם:

— א ווילנער ש״ס, ראָגאל, מכורך עור!

דער שמש האָט אויסגערופען מיט א געצויגענעם טאָן:

— א ווילנער ש״ס, ראָגאל, מכורך עור פאר דער פתיחה דנעילה!

— איהר הערט, א ווילנער ש״ס, א ווילנער ש״ס! — האָט זיך דער עולם אנגעהויבען שושקען צווישען זיך.

דער שמש האָט דאס זעלבע אויסגערופען נאָך א פּאָר מאָל. קיינער האָט שוין אבער מעהר ניט געבאָטען און די פתיחה איז פארבליבען ביי ר׳ בעריש׳ן.

אויף מאָרגען, מוצאי יום כפור האָט מען דעם ש״ם אריינגע־טראָגען אין בית־המדרש מיט גרויס פּאראד. ר׳ בעריש און זיין ווייב זיינען געגאנגען א קאזאצקע און זיך משמח געווען אויפ׳ן העכסטען שטייגער.

קיינער האָט ניט געוואוסט, אז דער ש״ס איז געווען דאס לעצטע, וואס איז ר׳ בעריש׳ן פארבליבען פון זיין אמאָליגען רייכטום.

# קהל אָהן אַן אתרוג.

איין יאָהר איז געווען אַ יקרות אויף אתרוגים. ניט נאָר אַ יקרות, נאָר טאַקע אַ דוחק, אַ געוואַלדיגער דוחק, ממש פאַר געלד ניט צו קריגען.

אין ארץ ישראל און אין אנדערע מדינות, וואו אתרוגים וואַקסען, איז יענעם יאָהר געווען זעהר אַ קליינע גערעטעניס אויף די דאָזיגע פירות, און די ביסעל וואָס זיינען יאָ אויסגעוואַקסען, זיינען געווען פארפלעקטע, פאַרדאַרבנע און צוגעפוילטע.

פון מהודרים איז יענעם יאָהר געווען אָפּגערעדט.

עפּעס אַזוי ווי דער ימח שמו'ניק דער שטן, זאָל עס האָבען אונטערגעשטעלט אַ פּיסעל, אַז אידען זאָלען ניט קענען מקיים זיין די גרויסע מצוה פון אתרוג ווי געהעריג איז.

אין לאַפּינישאָק, אַ קליין שטעדטעל אין דער ליטא, האָט דער דוחק אויף אתרוגים געמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם — אַ רושם וואָס קען עד היום ניט פארגעסען ווערען.

ווי די אידישע געמיינדע פון לאַפּינישאָק איז קליין און אָרעם, דאָך האָט זי אַלע יאָהר געהאַט עטליכע אתרוגים. אין גוטע יאָה־רען, ווען דיזער מין איז געווען ביליג, האָט די שטעדטעל אויף סכות געהאַט מינדסטענס אַ צעהנדליג אתרוגים. כסדר: דער רב, אפילו אַ גרויסער קבצן געווען, פון דעסטוועגען האָט ער שטענדיג געקויפט אַן אתרוג פאַר זיך. דער דין מיט זיינע איידעמס האָבען ווידער געהאַט אַן אייגענעם אתרוג. ר' יאָסיע דער שענקער, איי־נער פון די שעהנסטע בעלי הבתים און זעהר אַן אָנגענומענער מענש אין שטאָדט, פלעגט זיך אויך נוהג זיין צו קויפען אליין אַן אתרוג. שמחה פּיפּאַטש, אַ רייכער, געוועזענער בעל עגלה, האָט אויך אַלע יאָהר אויסגעגעבען אַ רובעל אָדער צוויי אויף אַן אתרוג, פּילייכט ניט אַזוי צוליב דער מצוה, ווי כדי צו צייגען אין בית המדרש זיין זילבערנע אתרוג־פּושקע און דערצעהלען אַלעמען, אַז ער האָט זי געקויפט אין סאַמע וואַרשא און פאַר איהר באַצאָהלט אַזוי פּיל און אַזוי פּיל. היינט פלעגען אָרימערע בעלי הבתים

קויפען אתרוגים בשותפות, און חוץ דעם האָט דער בית המדרש, וועלכער איז געווען דער איינציגער אין שטעטעל, שטענדיג גע־האַט אַ קהל׳שען אתרוג.

אין יענעם יקרות־יאָהר אָבער האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז לאַ־פינישאַק׳ער קהל איז אין גאַנצען פאַרבליבען אָהן אַן אתרוג.

ברוך דער סופר, וועלכער פלעגט אַלע יאָהר צושטעלען אתרוגים פאַר׳ן שטעדטעל און פאַר די ישוב׳ניקעס פון די אַרומיגע דער־פער, האָט נאָך פאַר ראש השנה געוואוסט פון דעם גוואַלדיגען יקרות. ער האָט געשריבען צו זיין סוחר קיין ווילנא, אַז ער זאָל פאַר איהם אָפּלעגען אַ געוויסע צאָהל אתרוגים מהודרים, און יענער האָט איהם געענטפערט, אַז אויב ער וויל האָבען סחורה פון ער־שטען זאָרט, וועט עס איהם אַליין קאָסטען ניט ווייניגער ווי פופ־צעהן רובעל אַ שטיק. וויפיל אתרוגים אַזוי פיל פופצעהנער רו־בעלס, און דאָס אויך, מוז ער דאָס געלד ארויסשיקען פאָראויס, טאַקע באַלד; ווען ניט וועט ער גאָר קיין סחורה ניט קריגען.

פופצעהן רובעל אַ שטיק! ניט פאַר ברוך דעם סופר גע־דאַכט און ניט פאַר גאַנץ לאַפּינישאַק געדאַכט.

ברוך דער סופר איז געווען פון די, וואָס האָבען אַ סך מלאכות און ווייניג ברכות. ער איז געווען אי אַ סופר, אי אַ שדכן, אי אַ שטיקעל מגיד; האָט פאַרקויפט ציצית, „בענטשערלאַך״, הבדלות, „שיר המעלות׳ן״ און האָט אויך צוגעהאַנדעלט מיט לאָטערי צעט־לאַך. אָבער פון די אַלע פּרנסות איז ער געווען אַן עני ואביון. וויפיל פּרנסות ער האָט געהאַט, אַזוי פיל מאָל אין טאָג איז ער פון הונגער געשטאָרבען. די בעסטע שטיקעל צייט האָט ער געהאַט סכות פון די אתרוגים. פון דיזען מסחר פלעגט איהם אַראָפּפאַלען אויף יום טוב הוצאות, אויף אַ שטיקעל ווינטערדיגען בגד פאַר איהם, פאַר זיין ווייב אָדער פאַר אַ קינד און אָפּטמאָל אויף אַ ווע־געלע האָלץ אויך. די תשובה פון דעם ווילנע׳ר סוחר האָט איהם דאַרום שטאַרק וועה געטאָן און ער איז זעהר פאַרצווייפעלט געווען.

ברוך האָט דעם בריף פון ווילנא געבראַכט אין בית המדרש און עס געצייגט דעם רב און בעלי הבתים. געוועהנליך, האָבען מאַנכע געענטפערט דעם סקאַרבאָווען תירוץ: „אַז עס איז ניטאָ קיין אתרוג, בענשט מען ניט״. אַנדערע האָבען אַ מאַך געטאָן מיט׳ן האַנד: „וואָס עס וועט זיין מיט כל ישראל, וועט זיין מיט ר׳

ישראל". א פּאָר בעלי הבתים ווידער, וואָס האָבן געהאַט א ידיעה אין מסחר, האָבן ערקלערט, אַז די גאַנצע מעשה מיט דעם יקרות אויף אתרוגים איז א ליגען, אַז דאָס סטראַשען נאָר די גרויסע סוחרים, כדי צו ציהען א הויכען פּרייז און זיי ווילען זיך נאָך שפּעטער בעטען מען זאָל ביי זיי די סחורה צונעהמען.

די זאַך איז פאַרבליבען ביים אַלטען און קיינער האָט זיך ווענען דעם ניט געקימערט.

ברוך דעם סופר איז עס אָבער גוט געלעגען אין קאָפּ. ער האָט געוואוסט, אַז אַן דעם פאַרקויף פון אתרוגים הענגט אָפּ א טייל פון זיין חיונה און ער האָט ניט געקענט רוהען. ער האָט פּרובירט שרייבען צו אַן אַנדער אתרוג־הענדלער און יענער האָט איהם געענטפערט, אַז קיין מובחרים וועט ער ניט קריגען, אפילו ווען ער צאָהלט צו הונדערט רובעל א שטיק. אויב ער וויל סתם אתרוגים, וועט ער ביי איהם קריגען א קליינע צאָהל, ווען ער וועט באַצאָהלען מזומן צו צוועלף רובעל א שטיק.

האָט ער געשריבען צו נאָך א פּאָר סוחרים אין אַנדערע שטעדט און יענע האָבען איהם אויך אַן עהנליכען אַנטוואָרט געגעבען, מיט א באַמערקונג אַז זיי האָבען זעהר ווייניג סחורה, וכל הקודם זכה — ווער עס וועט אַריינכאַפּען וועט האָבען.

דערווייל איז שוין ערב יום כפור און קיין אָנפאַנג פון אתרוגים איז נאָך ניטאָ.

דער אָרימער סופר איז געקומען צום רב און איהם דערצעהלט וואו עס האַלט.

דער רב האָט פאַררופען אַן אספה און ערקלערט פאַר די בעלי הבתים, אַז מען טאָר אין דעם ניט שלאָפען אַז מען טאָר ניט אוועק־מאַכען מיט דער האַנד אַזאַ מצוה, אָן וועלכע אַלע תרי"ג מצוות זיינען אָנגעהאַנגען, און מען דאַרף זעהן, אַז קהל זאָל חלילה ניט פאַרבלייבען אָהן אַן אתרוג.

איינינע פון די בעלי הבתים גבוהים האָבען געשלאָסען שותפות אויף איין אתרוג מען האָט אויך באַשטימט צו קויפען נאָך אַן אתרוג פאַר'ן גאַנצען קהל און ברוך דער סופר האָט געקראָגען אַן אָרדער, אַז תיכף מוצאי יום כפור זאָל ער פאָהרען אין דער נעהנט־סטער גרויסער שטאָדט און איינקויפען די צוויי אתרוגים, אויב ניט קיין מהודרים, זאָלען זיי כאָטש זיין אַזוי כשר'ע.

ברוך איז געפאָהרען, אָבער ביז ער איז אהין געקומען, האָט ער שוין קיין אתרוג ניט געקענט קריגען אפילו אויף א רפואה, און ער איז צוריקגעקומען מיט לעדיגען.

דערווייל איז שוין א טאָג פאר ערב סכות און דער חלף ליגט שוין ממש אויפ'ן האלז.

האָט מען זיך אין לאַפּינישאַק דערוואוסט, אז אין טאַרבאַנאָווקע, א פּיצינקע שטעדטעלע און א נאָהענטע שכנה פון לאַפּינישאַק, זיינען פאראַן צוויי אתרוגים. איינעם האָט קהל געקויפט און דעם צווייטען האָט מען א בעל הבית צוגעשיקט פון סאַמע מקום, פון ארץ ישראל גופא. זיינען זיך מיישב דער רב מיט בעלי הבתים און מען שיקט אוועק א שליח מיוחד קיין טאַרבאַנאָווקע צום דאָרטיגען רב, אז ער זאָל דאָרט זעהן פּועל'ן ביי'ם בעל הבית, אז ער זאָל זיין אתרוג אָפּלאָזען פאר'ן לאַפּינישאַקער קהל און זיי וועלען דאָרט אויסקומען מיט איין אתרוג. אידען דאַרפען ניט פארלאָזען איינע די אנדערע און בשעת הדחק דארף מען זיך מיטלען ווי מען קען.

איז אָבער יענער טאַרבאַנאָווקער בעל הבית מיט'ן אתרוג געווען א מלוה, א פּראָצענטניק און א גרויסער ליבהאָבער אויף געלד. האָט ער זיך ניט געפּוילט צו זינגען פאר זיין אתרוג פּופציג רובעל. ער האָט געוואוסט, דער איד, אז מען מוז צו איהם אָנקומען, אז מען האָט קיין אנדער ברירה ניט און ער האָט געוואָלט „רייסען א פּאַס". ער האָט אריינגעלעגט די טומאה אין דער יראה. ער האָט ערקלערט, אז די ערשטע ברכה אויפ'ן אתרוג, די נענועים און די הקפות, זיינען ביי איהם פארשאצט אין הונדערטער, אָבער אזוי ווי עס איז אן עת צרה און אן ערה אידען קען, חס ושלום, פארבלייבען גאָר אָהן אן אתרוג, וועט ער א טובה טאָן דער שטאָדט און וועט זיין אתרוג אוועקגעבען פאר א פּופּציגער.

דער שליח האָט געבראכט די דאָזיגע תשובה און אין שטאָדט איז געוואָרען חושך. פּופציג רובעל פאר לאַפּינישאַק, איז אן עולם ומלואו! וואו וועט עס לאַפּינישאַק נעהמען אזא גרובע געלד?

דערווייל איז שוין ערב סכות און מען קען שוין דעם ענין מעהר ניט אָפּלעגען. דער רב האָט ווידער פאררופען אן אספה

און מען האָט זיך אָנגעהויבען באראַטען וואו צו נעהמען געלד אויפ'ן אתרוג.

און עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אז מען זאָל פאַרקויפען כיבודים. דער רב אליין האָט זיך מתחיב געווען צו געבען גאַנצע דריי רובעל פאַר דער ערשטער ברכה אויפ'ן אתרוג. יאָסיע דער שענקער האָט געגעבען אַ דרייערעל פאַר די נענועים פון ערשטען טאָג סכות. שמחה פּיפּאַטש האָט אָפּגעקויפט די ערשטע הקפה. ווייטער האָט מען פאַרקויפט די נענועים מיט די הקפות פון די איבעריגע טעג, וועלכע האָבען אויך אריינגעבראַכט עטליכע רובעל, און ועל כולם האָט מען פאַר'ן פּיטום אפגעלייזט אַ גאַנצען צעהנעריל.

חנה דבורה די שניט קרעמערקע האָט דעם פּיטום אפּגעקויפט פאַר איהר בת יחידה צירעלע, וועלכע איז געווען „אויף דער צייט" מיט איהר ערשטען קינד. צוויי טעכטער זיינען ביי חנה דבורה'ן, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געשטאַרבען פון „שווערע האָבענס" און צירעלע איז ביי איהר פאַרבליבען איין אויג אין קאָפּ. זי האָט שטאַרק מורא געהאַט אז מיט דער „ערשטלינג" זאָל חלילה אויך אַן אונגליק ניט טרעפען און זי האָט זיך באַווארענט מיט קמעות און סגולות, און ווער ווייס עס ניט, אז אפּבייסען דעם פּיטום פון אַן אתרוג איז אַ סגולה בדוקה ומנוסה צו אַ „גרינג האָבען"? חנה דבורה האָט דאַרום דעם פּיטום פאָראויס אָפּגעקויפט, ווייל ער וועט דאָך זיין דער איינציגער אין שטאָדט אַן זי האָט מורא געהאַט, אז אימיצער זאָל איהם ניט אויסכאַפּען.

ביז די אלע מסחרים זיינען אָפּגעמאַכט געוואָרען איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבען טאָג. מען האָט די עטליכע רובעל צוזאַמענגענומען און די איבעריגע וואָס האָט נאָך געפעהלט האָט דערוויל אַ בעל הבית אויסגעליינט און מען האָט עס צוזאַמען מיט אַ בריוועלע אוועקגעשיקט דורך אַ גוי צום טאַרבאַנאָווקער מלוה, ער זאָל מיט'ן שליח שיקען דעם אתרוג. קיין אידען האָט מען ניט געקענט שיקען, ווייל עס וואָלט איהם שוין אויסגעקומען צו מחלל יום טוב זיין צוריקוועגס.

נאָך מעריב האָט זיך אַן עולם פאַרזאַמעלט צום רב און מען האָט געוואַרט ביז דער גוי וועט ברייננגען דעם אתרוג. אבער דער שליח האָט זיך פאַרשפּעטיגט און דער עולם איז שטאַרק אומרוהיג

גנוואָרען. א גוי א חזיר, איז אפשר ערגיץ אריין אין א קרעטש־מע שכור'ן, און ער האָט דעם אתרוג פאַרלאָרען ! אָדער אפשר האָט עס אימיצער ביי איהם גע'גנבע'ט ! ווער ווייס, וואס עס קען פאַסירען ?

ענדליך איז דער שליח געקומען. דער רב האָט מיט ציטערנ־דע הענד גענומען פאַנאַנדער בינדען דאס פעקעלע וואס דער שליח האָט געבראַכט און אַלע האָבען אונגערולדיג אויסגעקוקט צו זעהן וואס פאַר א מין הדר דער פערציג רובעלדיגער אתרוג איז אָבער א קלאָג א יאָמער ! מען האָט דעם אתרוג געפונען א צו־דריקטען, ממש צושפּאָלטען אויף צווייען. מאַכט מען דאָך קולות : „מיכאַלקא, וואס איז דאָס ?" ענטפערט ער, אז ער איז געווען צי־קאָווע צו וויסען וואס דער איד פון טאַרבאַנאָווקע האָט מיט איהם געשיקט, האָט ער אויפגעבונדען דאס פעקעלע און די „זאַך" א טאַפּ געטאָן — א שעהנער טאַפּ איז עס געווען !

טענה'ט מען מיט איהם : „סטייטש, גזלן, רוצח, דו האָסט דאָך אפגעקוילעט א שטאָדט מיט מענשען !" ליינט ער א צלם אויף א צלם, אז ער האָט די „זאַך" ניט פאַרזוכט, אפילו א לעק ניט געטאָן און אויף זיינע הענד איז קיין חזיר ניט געווען און עס איז „קאָשיר" (כשר). היינט גאָה טענה זיך אוים מיט א גוי'אישען קאָפּ ! גאָה גיב צו פאַרשטעהן א בורילא וואס אידישקייט איז !

שריי היינט, שריי מאָרגען, פאַרפאַלען !

און קהל איז געבליבען אָהן אן אתרוג, ברוך דער סופר אָהן א פאַרדינסטעל, דער רב אָהן דער ערשטער ברכה, יאָסיע דער שענקער אָהן נענועים, שמחה פיפאַטש אָהן הקפות און צירעלע חנה דבורה'ס אָהן א פיטום...

# געקידנעפּט אין סוכה.

— דאָס איז געווען דעם ערשטען טאָג סכות פאַרטאָג, ווען שמואל דער מלמד איז פאַרשוואונדען געוואָרען פון סוכה, וואו ער איז גע־שלאָפען, און דאָס האָט פאַראורזאַכט א גרויסע מהומה אין לאַ־פּינישאַק.

שמואל דער מלמד איז געווען באַקאַנט אין שטעדטעל אונ־טער די נעמען „שמואל הקטן" אדער „שמואל טל ומטר". מען האָט איהם אזוי גערופען, ווייל ער איז געווען זעהר א קליין גע־וואַקסיגער, א מין קאַרליק.

אויסערדעם וואָס ער איז געווען נידעריג אין וואוקס, איז ער אויך געווען מאָגער, אויסגעדאַרט אזוי ווי א שפּאָן, ממש הויט און ביינער. ער איז געווען ניט נאָר דער קלענסטער איד אין לאַ־פּישינאַק, זאָנדערן פאַר צעהנדליגע מיילען ארום האָט מען אזא קליין אידעלע ניט געזעהן. פרעמדע מענשען, וואָס פלעגען קו־מען אין לאַפּישינאַק, פלעגען אויף חידושים געהן אָנקוקען דעם טשיקאַווען מלמד'ל, וועלכער איז כמעט ניט געווען גרעסער פון זיינע דרדקי תלמידים.

ער איז שוין געווען א מאַן אין יאָהרען, אבער דאָס האָט מען נאָר געקענט דערקענען, ווען מען האָט געזעהן זיין האַלב גראָהע פּיצינקע און שמאָלע בערדיל. האָט מען אָבער אויף איהם געקוקט פון הינטען, האָט ער אויסגעזעהן ווי א קינד, ווי א אינ־געלע וואָס לערענט ביי זיין ערשטען מלמד. עס האָט דאַריבער מעהרערע מאָל פּאַסירט, אז א בעל הבית האָט איהם אין בית המדרש הינטען ארום אָנגעדרעהט פאַר'ן אויער פאַר ניט ענטפערען „ברוך הוא וברוך שמו" און „אמן" אויפ'ן קול, ווייל ער האָט איהם אָנגענומען פאַר א חדר אינגעל, פאַר א ווייסען חברה'ניק, וואָס וויל ניט ענטפערען „ברוך הוא וברוך שמו" און „אמן" ווי געהעריג איז.

„שמואל הקטן", פלעגט מען דערצעהלען, האָט דוקא ניט גע־שטאַמט פון קליין געוואַקסיגע עלטערען. זיין מאַמע איז גראָדע גע־

ווען א הויכע אידענע און מען האָט זי גערופען „פּעסיע די לאַנגע".
דער פּאָטער זיינער איז אויך געווען א איד פון העכערען וואוקס.
ווי אזוי זשע איז דאָס געקומען וואס שמואל איז געווען אזא קליינ־טשיגם? האָט מען דערצעהלט אזא מעשה: אזוי ווי פריהער האָבען זיך ביי פּעסיע דער לאַנגער, ניט פאר קיינעם געראכט, ניט געהאָדעוועט קיין קינדער, איז בעת זי איז מעוברת געווארען מיט איהם, מיט שמואל'ן, איז זי געפאהרען צו א גרויסען בעל שם ער זאל איהר בענשען אז איהר קינד וואס דארף געבארען ווערען זאל זיך אויסהאָדעווען בשלום. האָט אָבער דער בעל שם מיט זיינע ליכטיגע אויגען געזעהן, אז דאָס קינד וואס ליגט ביי איהר אונטער'ן הארצען האָט א שייכות מיט'ן מזל מאדים און וועט זיין א גזלן. האָט ער דארויף מתפלל געווען און עס איז ארויס־געקומען א „שמואל הקטן" אדער „שמואל טל ומטר", און ווי האָט אזא קליינע און שוואכע בריאה'לע געקענט זיין א גזלן? איז ער טאקע געווען א דרדקי מלמד.

חוץ זיין קליין געוויקסיגקייט, מאָגערקייט און שוואכקייט האָט „שמואל הקטן" געהאט נאָך א מעלה: ער איז געווען א וועלטענער „פּעפּער" און ער פלעגט אפטמאָל אנטשלאָפען ווערען אין מיטען דאווענען, אין מיטען עסען און אין מיטען לערנען מיט די קינדער. און א הארטען שלאָף האָט ער געהאט, זאל ער שומר ומציל זיין. ווען ער איז געשלאָפען האָט מען איהם געקענט טרו־בען אין אויער, שיסען מיט הארמאטען האָט ער ניט געהערט, און ווען מען זאל איהם ניט אויפרייסען פון שלאָף, האָט ער געקענט אָפּשלאָפען דריי מעת לעת נאָכאנאַנד, אזא טבע האָט ער געהאט.

ביי זיין ווייב, צירעל די געלע, איז „שמואל הקטן" געווען זעהר טייער. אין די אויגען און אונטער די אויגען פלעגט זי איהם רופען „מיין שמואלקע" און זי פלעגט איהם אפּהיטען אזוי ווי אן אויג אין קאָפּ. ווען עס פלעגט קומען צו רייד, פלעגט צירעל זאָ־גען: „איך וואלט מיין קליינטשיקען ניט געביטען אויף צעהן גרויסע. א דימענט איז קליין אָבער ער איז טייער. וואס ווייסט איהר וואס פאר א טייערער מענש ער איז, אָט דער טל ומטר'ל, ווי איהר רופט איהם! מיר זאָלען זיך נאָר, רבונו של עולם, עלטערען אין א גוטען אופן."

„שמואל הקטן" איז געווען א פרומער איד, א גרויסער מדקדק

במצוות און פלעגט אָפּהיטען אַלע דינים און מנהגים מיט אַלע פּישצעווקעס. אַ שטיקעל כאַלופּקע האָט ער געהאַט, פלעגט ער ביים כאַלופּקע אַלע פּאָר סכות אויפשטעלען אַ סוכה פון אַלטע ברעטער. דאָס פלעגט איהם אפילו זעהר שווער אָנקומען, אבער ער האָט שטענדיג געוואָלט האָבען אן אייגענע סוכה, אום מקיים צו זיין די מצוה ווי געהעריג איז. אין אַ פרעמדע סוכה קען מען ניט אויספיהרען אַלעס וואס מען וויל, אָבער ביי זיך אין דער היים קען טאַקע די סוכה זיין אַ דירה קבע. מען קען דאָרט שלאָפען, אומשפּאַצירען און טאָן אַלעס ווי דער דין איז. און ער פלעגט טאַקע שטענדיג שלאָפען אין סוכה, סיידען ווען עס איז געווען אַ רעגען, וואס מען איז על פי דין פּטור פון סוכה.

יענע ערשטע נאכט פון סכות, ווען אונזער געשיכטע האָט פּאַסירט, איז געווען זעהר אַ קאַלטע. צירעל די געלע האָט פּאָר איהר „שמואל'קען" געמאַכט אַ גוטען געלעגער אין סוכה און איהם געגעבען אַ פערענע אויף צודעקען זיך. פּאַרטאָג האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, האָט גענומען אויף זיך אַ פּאַטשיילע און איז געגאַנגען אין סוכה זעהן ווי איהר מאַן שלאָפט. ער האָט דאָך אַ האַרטען שלאָף, קען אפשר זיין אַז ער האָט זיך אָפּגעדעקט און ער קען זיך נאָך חס ושלום פאַרקיהלען. ווען זי איז אריין אין סוכה האָט זי דערזעהן, אַז עס איז דאָרט ניטאָ, ניט „שמואל'קע", ניט זיין הלבשה און ניט די פערענע, מיט וועלכע ער האָט זיך צוגעדעקט, און ניט די קישען וואָס ער האָט געהאַט צוקאָפּענס. זי איז געוואָרען אַן אויפגעציטערטע און האָט געמאַכט אַ געוואַלד. שכנים זיינען צוזאַמענגעלאָפען און עס איז געוואָרען אַ גרויסע מהומה.

עס איז באַלד געוואָרען אַ גאַנצע טרעוואָגע אין שטעדטיל. מען איז געלאָפען מען האָט געזוכט, מען האָט זיך נאָכגעפרעגט, אבער מען האָט קיין שפּור געפונען צום פאַרשוואונדענעם און צו די בעטגעוואַנד וואָס זיינען מיט איהם צוזאַמען פאַרשוואונדען געוואָרען. צירעל האָט געיאָמערט: „מיין טייערער שמואל'קע", די קינדער האָבען געוויינט: „טייערער טאַטעלע" און זיי האָבען זיך געריסען די האָר און זיך געקלאַפּט קאָפּ אָן וואַנט און עס האָט זיך געטאָן חושך.

דאָס פאַרשווינדען פון „שמואל הקטן" אום יום טוב און צוזאַמען מיט די בעטגעוואַנד איז געווען אַ זאָנדערבאַרע, אונ־

ערקלעהרליכע רעטענים, און דאָס גאנצע שטערטיל איז געגאנגען כּאַדאָרם. פיעלע אידען זיינען גאר יענעם ערשטען סכות אין דער פריה ניט נעגאנגען אין בית המדרש דאווגען, ווייל זיי זיינען אומגעלאָפען אין שטאָדט און אויסער'ן שטאָדט זוכען דעם פאר־שוואונדענעם. די וואס זיינען געקומען אין בית המדרש האָבען געהאלטען אין איין רעדען, אין איין דעבאטירען, אין איין זאָגען השערות וועגען די זאָנדערבארע פאסירונג און וועגען דאווגען האָט מען גאָר ניט געטראכט ביז דער רב האָט אָנגעהויבען שרייען, אז מען מוז זיך שטעלען דאווגען, ווייל מען וועט עובר קריאת שמע זיין.

אצינד וועלען מיר לאזען „שמואל הקטן" וואו ער איז געווען און מיר וועלען אייך באקאנט מאכען מיט נאָך צוויי פארשוינען, וואס האָבען געשפילט א וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע, דיזע צוויי פארשוינען זיינען געווען, להבדיל אלף הבדלות, איוואנקא זלאָדעי (גנב) און מיכאלקא דער מילנער.

* * *

איוואנקא זלאָדעי איז געווען אן אויסגעדינטער ניקאָלאיעוו־סקי סאלדאט. ער איז געווען פונקט דער היפוך פון „שמואל הקטן" להבדיל. אקוראט אזוי ווי דער ערשטער איז געווען באַ־ריהמט מיט זיין קליינעם געוואוקס, איז דער צווייטער געווען באַ־ריהמט מיט זיין הויכען און גרויסען וואוקס. „שמואל הקטן" איז געווען דער קלענסטער אידעלע אין דער סביבה און איוואנקא, להבדיל איז געווען דער גרעסטער גוי אין לאפינישאק און אומ־געגענד.

איוואנקא זלאָדעי איז ניט געווען פון די ריכטיגע גרויסע גנבים. זיין הויפט עובדא איז געווען צו הייצען די באָד און דינען די אידען פון לאפינישאָק אלס שבת גוי. דערצו פלעגט ער אָפט־מאָל צוהאקען א וועגעלע האָלץ ביי א בעל הבית און פארדינען עטליכע כשר'ע קאָפיקעס, נאָר אז עס פלעגט זיך איהם מאכען צו דער האנד, פלעגט ער גנב'ענען. קיין איינברעכער איז ער ניט געווען. קיין פערד פון שטאָלען פלעגט ער אויך ניט גנב'ענען, ווייל ער איז ניט געווען קיין קינסטלער אין דיזען פאך, ניט קיין ריזי־קאנט און ער האָט זיך ניט געוואָלט איינשטעלען אין סכנה.

זיין „ספעציאליטעט" איז געווען אין ארונטערנעהמען שטיק־

לאָך וועש, וואס באַלעבאָסטעס פלעגען ארויסהענגען צום טרו־קענען; „צוציהען" עפּעס א כלי אדער אן אנדער זאַך וואס מען פלעגט פארגעסען דרויסען, אוועקלקח'ענען א לעפעל, א מעסער אין די הייזער וואו ער פלעגט קומען הייצען די רהובע און דאס גלייכען. מעהר ווי דאָס האָט ער ניט געקענט.

סכות פלעגט איוואנקא אלע נאכט מאכען א שפּאציר איבער די סכות, און האָט ער ערגעץ געפונען א טישטוך אויף א טיש אָדער אן אַנדער חפץ, האָט ער עס צוגענומען. קיין לייכטער פלעגט מען ניט איבערלאָזען אין סוכה, און האָט ווער פארגעסען א לייכטער אין סוכה, איז געווען איוואנקא'ס מזל און ער פלעגט עס שוין אויפראַמען.

פון זיינע גנבות פלעגט איוואנקא קיין קרן ניט מאַכען. ער פלעגט זיי פארקויפען פאר א קליינינקייט און דאָס געלד פאר־שכור'ען. אדער ער פלעגט זיי איבערלאָזען אין שענק גופא פאר א טרונק בראַנפען.

ער כאן איז מכח איוואנקא זלאָדעי. אצינד ווענען מיר אייך אָפּמעלדען מיכאַלקא דעם מילנער.

מיכאלקא דער מילנער האָט געהאלטען א ווינט־מיהל הינטערן שטעדטיל. ער איז געווען רייך און געפיהרט די ראָלע פון א שטי־קעל פּריץ, אבוואהל ער איז געווען א פראסטאק און האָט געשטאַמט פון איינפאַכע דארפישע פּויערים. מיכאלקא איז ניט געוואָרען קיין עושר פון די מיהל וואס ער האָט געהאלטען, נאָר דערפון וואס ער פלעגט האנדלען מיט גנבות. די מיהל איז ביי איהם גע־ווען א ביי־זאַך אדער ער האָט זי געהאלטען בלויז לפנים, אום זיי־נע גנבה'שע עסקים זאלען זיך ניט אזוי ווארפען אין די אויגען.

מען פלעגט דערצעהלען, אז אונטער זיין וואָהנונג און אונ־טערן מיהל זיינען פאַראַן הייהלען און סקליעפּעס, וואו ער באַהאַלט די גנבות וואס מען ברענגט איהם פון פיעלע מיילען ווייט. מען האָט איהם שוין אפילו אמאָל ארעסטירט און מען האָט געמאַכט אן אונטערזוכונג אין זיין הויז, אבער מען האָט קיין זאַך געפו־נען און מען האָט איהם פריי געלאָזען. געזאָגט האָט מען, אז דער אוריאדניק מיט'ן פּריסטאוו זיינען געווען „פארשטאָכען", דערי־בער האָבען זיי ניט גוט געזוכט; ווען אבער זיי וואלטען ריכ־טיג געזוכט, וואלטען זיי געפונען א סך גנבות און אויך די חפצים

וואס מען האָט טאַקע אין יענער צייט גע׳גנב׳עט פון לאַפּינישאַקער קלויסטער.

אצינד, אז איהר ווייסט שוין אויך ווער מיכאלקא איז געווען, קעהרען מיר זיך צוריק אום צו אונזער געשיכטע.

* * *

ווען מען האָט אין בית המדרש געהאַלטען הלל פּונקט ביי די נענועים, איז יואל דער שניידער, „שמואל הקטן׳ס״ א נאָהענטער קרוב, וועלכער איז ניט געגאַנגען ראַוונען, ווייל ער איז ארומגעלאַפען זוכען דעם פארשוואונדענעם, אריינגעלאָפען אין בית המדרש א פארסאַפּעטער, קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם, און האָט דערצעהלט אזא מעשה:

„מיין שמואל איז שוין דאָ, אָבער ניט קיין לעבעדיגער, נאָר א טויטער. איוואַנקא זלאָדעי האָט איהם גע׳הרג׳עט און אונטערגעוואָרפען דעם בר־מנן הינטער מיכאלקא דעם מילנער׳ס הויז. מיכאַלקא האָט עס געמעלדעט צום פּריסטאַוו און מען האָט שוין איוואַנקא זלאָדעי געכאַפּט און מען פיהרט איהם אהין געשמידט אין קייטען.״

דערהערענדיג אזא מעשה, איז אין בית המדרש געוואָרען א געוואַלדיגער גערודער. וואו הלל? וואָס הלל? וואו נענועים? וואָס נענועים? דער עולם האָט פון זיך ארונטערגעוואָרפען די טליתים, מען האָט אוועקגעלייגט די אתרוגים מיט די לולבים און מען האָט זיך אלע ווי איין מענש געלאָזט לויפען הינטער׳ן שטאָדט צו מיכאלקא׳ס מיהל. אלע ווייבער פון עזרת נשים האָבען אויך אוועקגעלייגט זייערע מחזורים, סדורים און תחינות און האָבען זיך געלאָזט לויפען נאָך די מענער. בלויז די אלטע און שוואַכע וואס האָבען קיין כח ניט געהאַט צו לויפען זיינען ניט מיטגעלאָפען, אָבער זיי זיינען אויך ניט פארבליבען אין בית המדרש און זיי זיינען ארויס אין גאַס, פיליכט וועלען זיי כאָטש זעהען ווי מען פיהרט דעם גזלן.

צירעל די נעלע מיט די קינדער האָבען אלעמען איבערגעיאָגט און זיינען געלאָפען פאראויס. זיי האָבען געוויינט, געשריען, און זייערע קולות האָבען דערגרייכט עד לב השמים.

נישטאָ שוין מיין שמואל׳קע! — האָט די פרוי פארצווייפעלט געשריען — מיין קרוין פון מיין קאָפּ האָב איך פארלאָרען!

א קלאָג איז מיר, א בראָך איז מיר, וואס וועל איך איצט, אָן עלענ־דע, וויסטע אַלמנה טאָן ?

— טאַטעלע, טאַטעלע ! — האָבען די קינדער געיאָמערט — מען האָט דיך געהרג׳עט, ניכאַי וואלט מען בעסער אונז געהרג׳עט איידער דיר !

און זייטיגע מענשען האָבען, קוקענדיג אויף זיי, געבראָכען די הענד און מיטגעווײנט און שטארק באדויערט די נייע אַלמנה און יתומים.

— ער, זאָל ער מוחל זיין — האָט איינער לויפענדיג געזאָגט צו אַן אַנדערען — האָט עפּעס פיל געדאַרפט האָבען ? מיט איין קלאַפּ האָט דאָך איהם דער גזלן דער׳הרג׳עט. א שפּאַס איז עס, אזא געזונטעניש, אזעלכע לאַפּעס ווי קלעצער וואס ער האָט ? מיט איין פינגער קען ער דאָך צוקוועטשען אזעלכע צעהן שמואל הקטן׳ס.

— שמואל, עליו השלום, איז דאָך אנטקעגען דעם גזלן געוועזן אזוי ווי א פליג אנטקעגען א העלפאַנד — האָט אַן אַנדערער באַ־מערקט — איך גלויב, אַז ער האָט נעהאַט א לייכטען טויט.

— מילא, איהם איז שוין איצט געוויס לייכטער. א סוף, גע׳פּטור׳ט די נארישע וועלט ; אבער וואס וועלען נעבאָך די אַלמנה און די יתומים טאָן ? — האָט זיך א פּרוי אָפּגערופען.

— אזוי גוט איז איהם, אזוי וואויל איז איהם — האָט אַן אַנדער אידענע באמערקט — ער האָט נעהאַט די זכיה צו שטאַר־בען אין סוכּה.

— מען האָט דעם מערדער, דעם איוואַנקאַ זלאָדעי, געדאַרפט צורייסען אויף שטיקער ! — האָט א דריטע אויסגעשריען — וואָס האָט ער געהאַט צו דעם ארימען שוואַכען שמואל נעבאָך ?

— אָדערען האָט מען איהם געדאַרפט ציהען איינציגווייז — האָבען אייניגע מיט אמאָל אָפּגעענטפערט.

מיט אזעלכע און ענליכע שמועסען איז דער עולם געקומען צום פּלאַץ. דער אוריאַדניק, דער פּריסטאַוו און עטליכע דעסיאַט־ניקעס וואס האָבען געפיהרט איוואַנקאַ זלאָדעי די הענד געבונ־דען אויף הינטען, זיינען אויך אהין אָנגעקומען. אַלע האָבען זיך נעלאָזט לויפען צום פּלאַץ וואו מיכאַלקאַ האָט אָנגעצייגט אַז דער הרוג ליגט דאָרט. צירעל איז די ערשטע צוגעלאָפען און געפונען

איהר מאן ליגענדיג איינגעדרעהט אין די בעטגעוואנד, אין וועלכע ער איז נעשלאָפען. זי איז צו איהם צוגעלאָפען מיט שרעקליכע קולות און דער „הרוג" האָט זיך אויפגעכאפּט, האָט אויסגעווישט די אויגען און זיך אוועקגעזעצט.

— צירעלע קרוין, וואו בין איך? וואס איז מיט מיר, און וואס לויפען עפּעס אזוי פיל מענשען? — איז געווען שמואל הקטן'ס ערשטע פראגע.

— דו לעבסט, שמואל'קע? דו לעבסט, טאטעלע? — האָבען צירעל און די קינדער אויסגעשריען און זיי האָבען ניט גע־וואוסט וואס צו טאָן פון גרויס שמחה און איבערראשונג.

באלד זיינען צוגעקומען דער פּריסטאוו, דער אוריאדניק, און דער גאנצער עולם און אלע זיינען העכסט איבערראשט געווארען ווען זיי האָבען געזעהן אז דער „הרוג" לעבט.

נאָך א קורצע חקירה ודרישה האָט זי ארויסגעוויזען, אז אי־וואנקא זלאָדעי האָט אפילו ניט אָנגעריהרט דעם קליין אידעלע. ער האָט פּארקוקט ביי „שמואל הקטן" אין סוכה און ער האָט דארט דערזעהן בעטגעוואנד, האָט ער עס צוגענומען צוזאמען מיט די בגדים וואס ער האָט געפונען אין סוכה און אוועקגעטראגען צו מיכאלקא דעם מילנער צו פארשאכערען די גנבה. אבער ער האָט נאר ניט געוואוסט, אז אין די בעטגעוואנד געפינט זיך א לעבע־דיגער נפש. ער האָט דעם פּעקעל אוועקגעלייגט ביי מיכאלקא'ן אונטער'ן פענסטער און איהם אָנגעזאָגט אז ער האָט געבראכט „סחורה". ווען מיכאלקא איז שפּעטער געגאנגען אריינצונעהמען די „סחורה" האָט ער אָנגעטאפּט דעם קליין מלמד'ל און מיינענדיג אז ער איז א טויטער, האָט ער וועגען דעם געמעלדעט די פּאָליציי.

ווען „שמואל הקטן" האָט ערפאהרען וואס מיט איהם איז גע־שעהן, איז ער בייז געווארען אויף זיך אליין וואס ער האָט אזוי הארטען שלאָף.

# לייבעלע דעם יתום׳ס סוכה.

לייבעלע איז געווען א יתום. זיין פאטער, רב׳ איצעלע דער סופר, איז מיט עטליכע חדשים צוריק אפגעשטארבען, איבערלאזענדיג איהם, זיין מוטער און נאך דריי קינדער אין עלענד און נויט.

א כאלופקע האט ער געהאט אן איינענע, אפילו אן אלטע חורבה געווען, אבער פארט איינענע פיער ווינקעלאך און מען האט פארשפארט צאהלען דירה געלד. דאס איז דער ארימער פאמיליע געווען א שטיקעל הילף, ווייל ווען זיי וואלטען נאך גע־דארפט צאהלען דירה געלד, וואלטען זיי אפילו קיין חיונה בצמצום אויך ניט געהאט.

ווען ר׳ איצעלע איז אפגעשטארבען איז דער יאך פון חיונה געפאלען אויף זיין אלמנה, ציפע די לאנגע האט זי געהייסען. איז זי געווארען אן איינגעהערין אין רייכערע הייזער, וואו זי פלעגט אמאל פארקנעטען א דייזשע ברויט, אמאל וואשען וועש אדער טאן אנדערע שטוב ארבייט און האט קוים מיט צרות פארדינט אויף ברויט מיט קרופניק פאר איהר און איהרע יתומים׳לאך.

לייבעלע איז געווען דער עלטסטער פון אלע קינדער, האט גע־לערענט אין תלמוד תורה און איז געווען ציפע׳ס קידוש און הבדלה מאכער. שבת אדער יום טוב איז ער געווען ביים טיש מעשה בעל הבית, פלעגט אויסטיילען המוציא׳ס צו די קלענערע קינ־דער און האט אויפגעפאסט אויף זייער דרך ארץ. ער האט שוין אפילו א פסח אליין געפראוועט די סדרים און א קלענערער ברור־דערעל האט איהם געפרעגט די פיער קשיות.

צווישען ראש השנה און יום כפור מאכט לייבעלע צו זיין מוטער:

„דו ווייסט, מאמע, אויף סכות וועל איך מאכען א סוכה, אזא סוכה ווי דער טאטע, עליו השלום, פלעגט מאכען".

ציפע האט א שווערען זיפץ געטאן און אנגעהויבען איבער־טראכטען ביי זיך וועגען דעם ענין א סוכה.

זי האט זעהר געוואלט האבען אן איינענע סוכה. זי האט אפילו

געוואוסט אז ווייבער זיינען פּטור פון סוכה און די קליינע קינדער איז אויך קיין אחריות אז זיי וועלן סכות עסען אין שטוב, אבער לייבעלע איז דאָך שוין בר מצוה און ער דארף זיצען אין סוכה. אמת, ער איז נאָך קיין דרייצעהן יאָהר ניט אַלט, נאָר ווייל ער איז א יתום האָט ער אָנגעהויבען לעגען תפילין מיט א יאהר פריהער, אָבער וויבאלד ער לעגט שוין תפילין און פאסט תעניתים איז ער שוין א פאָלנער איד, און ווי עסט עס א איד חוץ לסוכה?

געהן בעטען ביי א שכן לאסקעם מען זאָל איהר לייבעלען לאָזען עסען אין סוכה האָט זי ניט געוואָלט. ביי זיך אַליין, האָט זי געטראַכט, קומט מען אוים ווי עס מאכט זיך, ווי גאָט גיט. איז ניטאָ קיין פליש, קומט מען איבער א יום טוב מיט א שטיקעל לונג און לעבער, מיט דראָביאזקעס אדער מיט וואס עס איז — אין דער פרעמד אבער מוז מען שוין א קינד געבען א שענערען חלק און וואס טוט מען אז עס איז ניטאָ? אגב האָט זי ניט קיין לייטישע געפעס און געהן מבזה זיין א פרעמדע סוכה מיט ניט שעהנע כלים פאסט ניט און עס איז טאקי ניט רעכט אויך.

אויסערדעם, אז לייבעלע וועט עסען ערגיץ אין א סוכה וועלען דאָך די אַנדערע קינדער אויך וועלען, און ווי קען מען דאָס דאָקוטשען לייטע' אויף אזוי פיל? דעריבער איז זי זעהר גערן געווען צו האָבען אן אייגענע סוכה אזוי ווי אמאָל, ווען איהר מאן האָט געלעבט. אבער וואו נעמט מען עס? געהן דינגען אימיצען מען זאָל איהר אויפשטעלען א סוכה פארמאָגט זי ניט, אליין האָט זי קיין צייט דארויף און אגב איז זי דאָך ניט מעהר ווי א אידענע און זי טויג ניט צו אזא מלאכה, פארבלייבט טאקי, אז לייבעלע זאָל מאכען די סוכה. אָבער וועט ער דאָס קענען אויספיהרען? ער איז אפילו ניט קיין שלים־מזל'ניק א אינגעל, אבער פארט א קינד, טאָ ווי קען מען זיך אויף איהם פארלאזען, אז ער זאָל אויפבויען א גאנצען בנין?

„קינד מיינס" — זאָגט זי צו איהם — „ווי קומסטו צו מאכען א סוכה? דו וועסט דאָך ניט קענען".

„וואס ארט דיך, מאמע" — ענטפערט לייבעלע — „איך וועל קענען. דו וועסט זעהן אז איך וועל קענען. איך האָב פאַר־א־יאָהרען געהאָלפען דעם טאטען, עליו השלום, מאכען די סוכה און איך ווייס ווי מען מאכט עס."

און ציפע האָט איינגעשטימט טראַכטענדיג ביי זיך, אז זי וועט זעהן אַפּרייסען עטוואס צייט צו העלפען איהם ווי ווייט מעג־ליך און עס וועט אפשר טאקי ארויסקומען א סוכה.

לייבעלע האָט גוט געוואוסט, אז ער וועט ניט קענען אויפ־שטעלען א סוכה אזוי שנעל ווי די „גרויסע אידען" טוען דאָס. ער האָט פאַרשטאַנען אז ביי איהם דאַרף עס נעהמען צייט און ער האָט דאריבער באלד אָנגעהויבען צוגרייטען מאטעריאלען, ברעטער, פלעקער, שטאַנגען, וועלכע זיין טאטע פלעגט באהאלטען פון יאהר צו יאהר פאר דער סוכה און ער האָט דעם ערשטען פלעקעל ארייגגעשלאָגען נאָך פאר מוצאי יום כפור. „בין הזמנים", איז דער שטיינער, געהט מען ניט אויף א גאנצען טאג אין חדר, האָט דער יתום׳על אין זיינע פרייע שטונדען זיך בים־לעכווייז געפּאַרקעט ארום דער סוכה.

איין פאר נאכט איז לייבעלע געווען שטארק פארטאָן מיט דער סוכה און ער האָט זיך דערמאָנט אז מען דאַרף געהן אין בית המדרש דאווגען מנחה און קדיש זאגען, ווען עס איז שוין געווען שפּעטלאך. אן אָנגעמאַטערטער, א פאַרהאָרעוועטער איז ער געבאַך געלאָפען אין בית המדרש און ווען ער איז אהין געקומען א פאר־שוויצטער און פאררויטיגטער, האָט מען שוין געהאלטען ביי „עלינו". געהט איהם אנטקעגען בערקע דער קרעמער, וועלכער איז פון מצוה וועגען געווען דער גבאי אדער דער משג׳ח פון דער תלמוד תורה.

„שעהנער מענש" — נעהמט איהם בערקע דרעהען פאר׳ן אויער — „פארשטיפט זיך, הא? געבושעוועט ערגיץ מיט שקצים און פארשפעטיגט מנחה."

„איך האָב ניט געשטיפט און ניט געבושעוועט" — פאר־ענטפערט זיך דער יתום׳ל — „איך מאך א סוכה."

„קוקט איהם נאָר אן דעם נפש" — רופט זיך אפ דער משגיח — „א סוכה מאכט ער! א קלאָג צו די יאהרען ווער עס מאכט שוין א סוכה!" און רעדענדיג אזוי דרעהט ער נאָך שטאר־קער פאר׳ן אויער.

קומט אָן ר׳ שמואל דער פרוש, א בית המדרש איד, וואס האָט געהאט א טבע צו דרעהען איינגלאך פאר די אויערען, כדי זיי זאָ־לען גוט און פרום זיין און ענטפערען „אמן יהא שמיה רבא" און

זאָגען קדושה מיט כונה, און זעהענדיג אז בערקע דרעהט לייבעלען פאר'ן רעכטען אויער, פרעגט ער ניט קיין שאלות און דרעהט פאר'ן לינקען. א יתום, האָט דער פרוש געהאלטען, שאדט געווים ניט אז מען דרעהט אָן פאר'ן אויער. אז קיין טאטען, וואס זאל איהם דרעהען פאר די אויערען האָט ער ניט, דארפען דאס אלע גוטע און פרומע לייט טאָן.

לייבעלע צאפעלט זיך נעבאך פון וועהטאג און זאגט קדיש וויינענדיג.

אָבער דאָס האָט ניט אפגעשוואכט זיין חשק צו בויען א סוכה און ער איז ווייטער אָנגעגאנגען מיט זיין ארבייט.

מאכט זיך ווידער אויף מאָרגען, אז פאָרקענדיג זיך מיט דער סוכה טוט ער זיך א רייב אָן א ניט גלאטע שטיק האָלץ און צודראפעט זיך דעם פנים. איז ער אזוי געקומען אין בית המדרש שוין דוקא פאר מנחה און ר'מענדעל דער דין האָט איהם געגעבען אזא מין קבלת פנים:

„שיינאַז, איינער, שוין גֿעשלאָגען זיך מיט אימיצען, הא? זעהט נאָר ס'ארא צורה דאָס האָט! יונגאטש דו, דער טאטע ליגט אין דר'ערד און דו הוליעסט!" און רעדענדיג אזוי נעהמט ער איהם אָן פארביידע אויערען און טרייסעלט איהם ווי א לולב.

„אויף מיינע נאמנות, איך האָב זיך מיט קיינעם ניט גע־שלאָגען" — שווערט זיך לייבעלע און טוט זיך א קלאפ מיט'ן קר־לאק אין הארצען — „איך מאך א סוכה, האָב איך צודראפעט דעם פנים אָן א שטיק האָלץ."

„ווי דאָס האָט שכל אויף שמד־שטיק" — מאכט דער דין — „א נייער תירוץ גאר, ער מאכט א סוכה!"

„מען דארף איהם מאכען א סוכה" — מישט זיך אריין אזוי א בעל הבית — „מען דארף איהם אריבערנעהמען די קאפאטקעלע איבער'ן קאפ און גוט אריינפיצקען, וועט ער שוין ווייטער וויסען ווי צו מאכען מלחמות מיט ווייסע חברה'ניקעס!"

און בערקע דער קרעמער און ר' שמואל דער פרוש קומען אָן אויף די רייד און זיי זיינען מסכים אז עס איז א מצוה צו טאָן דאָס, אבער אזוי ווי עס פאסט ניט צו מאכען אין בית המדרש אנטקעגען ארון הקודש אזא מין „סוכה", דרעהט מען דעם יתום'ל אָן פאר די אויערען, מען שענקט איהם דערצו א פאר פעטשלאך

און מען ניט איהם אן התראה, אז אויב ער וועט ווייטער ניט זיין קיין סטאטעק, וועט ער שוין קריגען דעם ריכטיגען פסק.

דאס קינד וויינט און כליפעט און שווערט זיך מיט כל־ערליי־שבועות אז ער מאכט א סוכה, אבער מען גלויבט איהם ניט.

און לייבעלע וויינט זיך איבער, פארגעסט שנעל וואס עס איז געווען און טוט ווייטער זיינס און בויט אלץ די סוכה.

מאכט זיך איהם נאכהער אן אנדער סבה. ער פארטשעפעט זיך אן א טשוואק און מאכט א געוואלד־ריס אין די הויזקעס וואס די חברה מלביש ערומים האט איהם געשענקט אויף שבועות.

קומט ער אין בית המדרש מיט'ן געוואלד־ריס און ער קריגט אזא מין ברוך הבא:

„באר־יונג, שייגעץ, אויסוואורף, נעקראכען מסתמא ערגיץ איבער א פארקאן אדער געקלעטערט ערגיץ אויף א בוים און צו־ריסען די הויזקעס! מען געהט טרייסלען פושקעס פון דיינטוועג־נען און מען באקליידט דיך און דו צופליקסט די בגדים!

און מען דרעהט ווידער פאר די אויערען און מען פאטשט און מען שטורכעט, און לייבעלע'ס תחנונים און שבועות, אז ער האט די הויזקעס צוריסען מאכענדיג א סוכה, העלפען ניט.

און דער יתום'ל מראגט איבער אלעס און דערצעהלט אפילו ניט זיין מוטער אוים מורא טאמער וועט זי איהם הייסען אויפגע־בען די גאנצע ארבייט.

גאט האט געהאלפען און א ביסעל מיט דער הילף פון זיין מו־טער און די קלענערע קינדער, האט לייבעלע אויפגעשטעלט די גאנ־צע סוכה. אבער עס האט נאך געפעהלט סכך.

האט ער געזעהן ווי גוים פיהרען ווענגען סכך צו פארקויפען און ער האט זיך מישב געווען ארויסצוציהען פון הינטען צו עטלי־כע צווייגלאך פון א וואגען און ער וועט האבען מיט וואס צו צו־דעקען זיין סוכה.

לייבעלע האט גאנץ גוט געוואוסט אז גנב'ענען טאר מען ניט, אפילו ביי א גוי אויך ניט. אבער דאס האט ער ניט באטראכט פאר א גנבה. ווארום וואס פאר א שאדען וועט דער גוי האבען אז ער וועט פארקויפען מיט א פאר צווייגלאך ווייניגער? דעם זעל־בען מקח וועט ער נעהמען אהן די פאר צווייגלאך ווי מיט די פאר צווייגלאך.

אַט אזוי האָט ער זיך געפונען א היתר און האָט טאקע גע־גומען ציהען סכך פון א וואגען. האָט אָבער דער גוי דערזעהן און איהם מכבד געווען מיט׳ן בייטש און איהם שיעור די אויגען ארויסגענומען.

און אידען און אידענעס וואס האָבען דאס געזעהן האָבען מיט באדויערונג גערעדט צווישען זיך: „אַט אזוי איז דאָס אז א קינד האָדעוועט זיך אָהן א טאטען. איצט גנב׳עט ער צווייגלאך סכך און שפעטער וועט ער גנב׳ענען פערד פון די שטאלען.״ און לשם מצוה, אום צו פארהיטען אז דער יתום זאל ניט אויסוואקסען א גנב, כאפט מען איהם און מען גיט איהם נאָך צו פארבייסען קלעפּ און בוכטשעס גאָר אָהן רחמנות. אבער לייבעלע ווייגט זיך גאנץ גוט אום און טראכט ווייטער פלענער וואו צו קריגען סכך פאר זיין סוכה.

ענדליך האָט ער זיך ארויסגעלאָזט צו נאָהענטע און אויך ווייטערע שכנים וועלכע האָבען געדעקט זייערע סכות, האָט ביי יעדען אויסגעבעטעלט צו פּאָר צווייגעלאך סכך און ער האָט גע־האט גענוג צו באדעקען זיין סוכה.

און דער יתום׳ל האָט זיינס אויסגעפיהרט און ער, זיין מו־מער און די קלענערע סיגרער זיינען סכות געזעסען אין אן איי־גענע סוכה.

# דער לולב און די ערבה

**אין אַ ווינקעל פון פראָנט רום אין אַ אידישע הויז, איז ערב סוכות געשטאַנען אַ פארטיגער, צוזאַמענגעבונדענער לולב און אויפ׳ן מענטעלפיס איז געשטאַנען אַ זילבענרע פושקע, אין וועלכער עס איז געלעגען אַן אתרוג. דער ווירט פון הויז, אַ שעהנער בעל הבית, האָט עס געקויפט און צוגעגרייט אויף סכות.**

**צווישען לולב און די ערבה ריטלאך איז פאָרגעקומען פאָלגענדער געשפרעך:**

ל ו ל ב (בייז): וואָס וויל פון מיר די צוטשעפעניש, די ערבה? אזא קליינע בריאה, אזא שוואכע זאך, אזא נידעריגע זאך, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט ערגיץ אין אַ זומפ, אין אַ בלאָטע, טשעפעט זיך צו מיר צו און איז מיט מיר אַ גאנצע מחותנת׳טע! די הדסים זיינען אויך נים קיין קליינע צוטשעפענישען אויף מיר. זיי זיינען אויך נים מיין גלייכען, וואָרים ווי קומט אַ הדס־ריטעל צו מיר? דאָך פארדריסט מיר נים אויף זיי אזוי פיל. ווי די מעשה אז, איז עפעס אַ הדס אַ חשוב׳ע זאך. הדסים־בוימלאך פלאנצט מען אין בלומען־טעפ און מען האלט עס אין באָטאַנישע גערטנער און אין הייזער פון שעהנקייט וועגען, אָבער די ערבה, ווער איז זי און ווער בין איך!

ע ר ב ה (שפּאָטיש): ענטשולדיגט, גרויסער הערר, אז איהר ווילט זיך מיט מיר פארהערען אין יחוס, וועל איך אייך אויך פרע־גען: טאקע, ווער זיינט איהר און ווער בין איך? שטאמט איהר פון רבנים און איך, חלילה, פון משומדים?

ל ו ל ב (אויפגערעגט): דו אונפארשעהמטע! דו ווילסט זיך מיט מיר אין יחוס פארהערען? דו פארגעסט נאָר, אז איך שטאם פון אזא שטאָלצען אדעל? דו ווייסט דען נים, אז איך בין אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אויף די בערג פון יהודה? אויפ׳ן הר הכרמל און אויפ׳ן הר הזיתים? און וואו ביזט דו געבאָרען און ערצויגען געוואָרען? אין זומפען, צווישען זשאַבעס! אַ חוצפה דאָס

איז! אזא גארנישט טשעפעט זיך צו מיר צו אזוי ווי א סמאלע און איז מיט מיר א גאנצע חבר־לאפ׳ניצע!

ע ר ב ה (מיט א געלעכטער): דאס אלעס? גרויסער גולם וואס דו ביזט! וואס מאכט עס אויס וואו מיר זיינען געבארען געוואָרען? אבער איין טאטען האבען מירביידע? זיי נען מיר די זעלבע יחסנים!

ל ו ל ב (מיט כעס): דו קליינער קאקרוטש דו! דו דער־גרייכסט דאך קוים ביז מיינע קניע, געהסט דו מיר דערצעהלען, אז מיר זיינען די זעלבע יחסנים! א בריאה וואס האט מורא פאר דער זון, וואס ציטערט פאר א ווינטעלע, וואס זייענדיג א פאר טעג נים אין דער היים, ווערט זי שוואך און פגר׳ט אוועק — אט אזא בריאה וויל זיך גלייכען צו מיר! זוך זיך דיין גלייכען און טשעפע זיך פון מיר אפ!

ע ר ב ה (מיט א מילדען טאן): שוטה, וואס שרייסט דו, וואס? עס וועט דיר עפעס העלפען דיין שרייען? גאט, אונזער פאטער האט געהייסען מיר זאלען זיין צוזאמענגעבונדען און דו מוזט זיין הייליגען רצון ממלא זיין.

ל ו ל ב (מיט פאראכטונג): וואס הייסט, גאט האט געהיי־סען? בע, מע, פע! האט איהר געהערט א מעשה? גאט האט געהייסען אז מיר, די שעהנע בלעטער פון א טייטעל בוים, זאלען זיין גלייך מיט פארדארטע ערבה ריטלאך! ניטא ווער עס זאל לאכען, איך זאל אזוי געזונד זיין! בע, מע, פע! איך גלויב ניט אין אזעלכע זאכען.

ע ר ב ה (שפאטיש): דו גלויבסט ניט אין אזעלכע זאכען? וואס הייסט דו גלויבסט ניט? זעהסט דאך אבער, אז עס איז אזוי! דו קענסט זיך עפעס העלפען הא? רוף מיך צוטשעפעניש, רוף מיך ווי דו ווילסט, אבער צוזאמענגעבונדען מוזען מיר זיין.

ל ו ל ב (בייז): קליינער קאקרוטש!

ע ר ב ה (שמייכלענד): לאנגער דראנג!

ל ו ל ב: מיר פאסט ניט, מיר שטעהט ניט אן צו האבען מיט דיר עסקים, אבער איך וועל דיך פרעגען מיט גוטען: ביזט דו גלייך צו מיר?

ע ר ב ה: אויב אזוי, וועל איך מיט דיר אויך ריידען ערנסט.

זאָג מיר נאָר, צו וואָס טויג דיר די נארישע גאוה? צו רען, אז איך בין באשאפען געוואָרען קלענער און שוואכער פון דיר, דארפסט דו זיך מיט מיר שעהמען? בין איך דען ניט א קינד פון דער נאטור אזוי ווי דו? און בין איך דען ניט בארעכטיגט צו לעבען און געניסען פון דער וועלט גלייך מיט אנדערע?

ל ו ל ב (מיט א געלעכטער): כא, כא, כא! א גאנצע סאָציאליסטקע! וואָס זאָגט מען פאָרט ניט צו איהר קאָפ? אלע דארפען זיין גלייך! זעהסט דאָך טאקע ווי דו ביזט גלייך צו מיר! אויף וועמען וועט אונזער בעל הבית מאכען א ברכה? אויף מיר צי אויף דיר? ווי וועט ער זאָגען: על נטילת ערבה, אָדער על נטילת לולב? וואָס טויג מיר די קונצען? איבער מיר וועט מען טאקע מאכען א ברכה אלע טאָג א גאנץ סכות און דיינע ברידער און שוועסטער וועט מען הושענא רבה קלאפען און ברעכען די ביינער, אז עס וועט אזש געהן א רויך! כא, כא, כא!

ע ר ב ה (בייז): לאָך נאָר ניט פון נעשלאָגענע און מיין נים, אז דו ביזט שוין אלעס. זיי וויסען, אז כאָטש מען דערמאָנט נאָר דיך ביי דער ברכה, פון דעסטוועגען מיינט מען עס מיך אויך. אָהן מיר ביזט דו א קנאפער קנאקער. אָהן מיר קען מען אויף דיר קיין ברכה ניט מאכען. דו, איך, די הדסים און דער אתרוג שטעלען צוזאמען א גאנצע זאך, אָבער דו אליין ביזט קיין יחסן נים. פארשטאנדען, הערר לולב?

ל ו ל ב (אויפגערעגט): שווייג שטיל! א חוצפה דאָס איז! דיין גליק וואָס איך בין געבונדען, זאָנסט וואָלט איך באלד דיינע אלע פארדארטע בלעטלאך אראָפגעקלאפט.

ע ר ב ה (מיט א טאָן פון טריאומף): עהע! דאָס איז דאָך די מעשה וואָס דו ביזט געבונדען! שוטה, וואָס דארפסט דו זיך פלאקערען? לאָמיר זיך בעסער דורכריידען מיט גוטען. ווייסט דו פון דעם סוד, אז דער יבער האָט גאָט געהייסען מיר זאָלען זיין צוזאמענגעפאָרט, כדי צו צייגען זיינע קינדער, די אידען, א בייר שפיל, אז גרעסערע און קלענערע, שטארקערע און שוואכערע, זאָלען לעבען בשלום און אחדות זאָל צווישען זיי עקזיסטירען? — ווייסט דו דערפון? דאָס פאָלק ישראל איז אויך צוזאמענגעשטעלט פון לולבים און ערבות — פון שטארקע און שוואכע, פון גרויסע און

קליינע, און גאָט ווייל אַז זיי זאָלען אַלע זיין פאַראייניגט, אַז זיי זאָלען אַלע לעבען ברידערליך, אַז זיי זאָלען זיין צוזאַמענגעקניפּט, צוזאַמענגעבונדען. גאָט האָט פיינד גאוה, גאָט קען ניט ליידען קיין קאַפּריזען. ער פאַרלאַנגט, אַז זיינע קינדער זאָלען צווישען זיך לעבען גוט און ניט זיין קידער־ווידער איינע מיט די אַנדערע. מיר אַלע, די פיר מינים וואָס די אידישע געזעץ־געבער האָבען צו־זאַמענגעפּאָרט, זיינען דער סימבאָל פון דעם יסוד פון דער אידי־שער אמונה — ואהבת לרעך כמוך, זאָלסט ליב האָבען דיין חבר אַזוי ווי זיך אַליין, ווען אפילו דו ביזט מעכטיגער, שטאַרקער און מעהר מיוחס פאַר איהם. טו אַ קוק אויפ'ן שעהנעם אתרוג וואָס שטעהט דאָרט. באַטראַכט נאָר דעם קראַסאַוועץ, ווי ער שיינט אַרויס פון פּושקע, איהם האָט מען אויך צוזאַמענגעפּאָרט מיט אונז, טרוקענע בלעטער! ווייסט דו וואָרום דאָס איז אַזוי? כדי צו צייגען, אַז מיט שעהנקייט דאַרף מען אויך ניט שטאָלצירען און אַלע דאַרפען זיין גלייך.

לולב (גוטמוטיג): זעהסט דו? דאָס איז שוין אַ שטיקעל חקירה. אָבער זאָג מיר נאָר, ווייסען עס די אידעלאַך, פאַרשטעהען זיי עס? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! זיי שאָקלען אונז אַלע צו־זאַמען און שרייען: „אנא ד' הושיעה נא“ — ביטע, גאָטעניו, העלף! הייסט עס, אַז זיי גיבען אפילו צו, אַז זיי דאַרפען אַלע אָנקומען צו גאָט'ס הילף, און אַז עס קומט צו עפּעס פאַרגעסען זיי גאָר, אַז זיי זיינען אַלע גאָט'ס קינדער און יעדער איינער ווייל כבוד. יעדער איינער ווייל זיין גרעסער פון דעם אַנדערען, יעדער איינער איז ביי זיך שטאָלץ און קנאה, שנאה קומט ביי זיי אַרויס אויף יעדען שריט און טריט. ביי די מענשען האַלט זיך אויך דער לולב גרעסער פון דער ערבה. אָט נעהם, למשל, אונזער בעל הבית, וועט ער געוויס וועלען געהן מיט דער הקפה דער ערשטער נאָכ'ן חזן, ווייל ער איז אַ נגיד און אַ שעהנער איד; טאָמער וועט זיך אימיצער אַרויסכאַפּען אויף פריהער, וועט ער יענעם ווערען אַ דם שונא און עס איז רעכט מען זאָל זיך דערפאַר צופּאַטשען אויך. שוועסטעריל ערבה, וואָס קענען מיר, שטומע בלעטער, לערנען דאָס פאָלק? זיי האָבען שוין געהאַט בעסערע לעהרער און מען האָט זיי ניט אויסגעלערענט...

ע ר ב ה (זיפצענד): יא, יא, דאָס ביזט דו גערעכט, ברודער לולב. קיין גרויסע אחדות איז ביי אידען נימאָ, אפילו סכות אין שול, ווען זיי זעהען אונז פאר די אויגען, ווען זיי שאָקלען אונז מיט כונה. אָבער וואָס קענען מיר העלפען?

אין די רייד איז אריינגעקומען דער ווירט פון הויז מיט נאָך אַ אידען און ער האָט יענעם געציינט דעם אתרוג מיט'ן לולב וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט.

— איזאָ פיינע סחורה? — האָט דער ווירט געזאָגט צום אַנדערען — אַן אתרוג'ל, אַן אמת'ער הדר, אַ לולב — פרימא שבפרימא. אַ חלאת וועט מיין שכן שמעלקע האָבען אזא אתרוג! אַ שניידער יונג קען! באשר ער איז געוואָרען אַן אַלרייטניק אין אמעריקא, שטעכט ער מיר אַלע סכות די אויגען מיט זיין שעהנעם אתרוג! און מאָרגען חמישי וועט ער האָבען? ניט דערלעבען וועלען מיינע שונאים! בלוט וועט פארגאָסען ווערען און ער וועט חמישי ניט קריגען.

ל ו ל ב: אָט האָסט דו דיר דיין סימבאָל, אָט האָסטו דיר דיינע אחדות!

די ערבה ריטלאך, די הדסים און אויך דער אתרוג פון מענטעלפים לאָזען ארוים אַ שווערען זיפץ.

# בילדער פון ערב סכות און סכות.

## א.

## א צו קליינער פיטום.

נעבען א טישעל ביי א סטופּ אין לודלאָוו סטריט איז ערב סכות געשטאַנען א איד מיט אתרוגים, לולבים, הדסים און ערבות. א פּאר קאָסטאָמער זיינען געשטאַנעןביים טישעל, אבער געקויפט האָבען זיי ניט, ווייל זיי האָבען ניט געוואלט געבען דעם פּרייז וואס דער פארקויפער האָט געפאדערט. א הויכער, דיקער מאן מיט א רויטע צורה, קענטיג א דייטשער יהודי, איז צוגעגאַנגען.

— האבען זיי איינען גוטען אתרוג? — האָט דער מאן געפרעגט.

— שור — האָט דער איד געענטפערט — מובחרים שבמובחרים, פּרימא שבפּרימא, ארץ ישראל אתרוגים פּערווי סארט, ווי איהר זעהט מיך א אידען.

דער איד האָט אַרויסגענומען אן אתרוג, איהם געהאלטען פאַרזיכטיג צווישען די ערשטע צוויי פינגער און געדרעהט אין אלע זייטען.

— זעהט איהר — האָט ער געזאָגט — איהר זאָלט אפילו זיפּען און זוכען אין גאַנץ ניו יארק, וועט איהר אזא אתרוג׳ל ניט געפינען . קיין שפּרינקעלע איז דאָך אויף איהם ניטאָ. א צאצקע, איך זאָל אזוי געזונד זיין.

— וויפיל קאָסט עס? — האָט דער יאהודי געפרעגט.

— איהר וועט זיך ניט דינגען? צוויי דאָלער.

— דאָס איזט, מיין ליבער יודע, צו טייער.

— טייער, זאָגט איהר? זאל איך אזוי, רבונו של עולם, האָבען א גמר חתימה טובה, ווי אפשר צעהן סענט מאך איך אן איהם. עס איז מעהר ניט עס ווילט זיך לייזען.

— אבער איזט עס זיכער די ריכטיגע, וועלכע מאן גע־ברויכט?

— קשיות פרעגט איהר נאך! איהר זעהט דאך, אז דאס איז אן אמת'ער הדר.

דער יאהודי האט ארויסגענומען א צוויי דאלער ביל און בא־צאהלט. דער פארקויפער האט אויף דער אסיגנאציע אנגעשפיגען און ארייגגעלייגט אין טייסטעריל.

— נו, א לולב? — האט דער איד געפרעגט, אנציינענדיג אויף א לולב — איהר זעהט א לולב'ל, א ירוק, נאר וואס פון בוים.

— וואצו נאך דיזע בלעטער? — האט דער סוחר צוריק געפרעגט — וויר געברויכען עס ניט. — ער האט צוגענומען דעם אתרוג און איז אוועקגעגאנגען.

מיט א שטונדע שפעטער איז דער דייטשער יאהודי געקומען צולויפען א פארסאפעטער.

— זי זינד א שופט, א באטריגער! — האט ער געליארעמט, אוועקלייגענדיג דעם אתרוג אויפ'ן טישעל — דאס איז ניכטס ווערטה! מיין געלד צוריק אדער איך ווערדע איהנען פערהאפ־טען לאסען!

— וואס איז, א מיאוס'ער אתרוג? — האט דער איד פאר־וואונדערט געפרעגט.

— געמיינער קערל! — האט דער דייטש געדונערט — מיין פרוי איזט אוים ליטא, זי וויסט וואס אן אתרוג איזט. זי זאגט, דאס אן אתרוג מוזט איינען גרויסען פיטום האבען. זי נעברויכט עס עטוואס צו שוואנגערשאפט אונד דיזער האבט עס ניכט! ניכטס ווערטה.

— נאט איז מיט אייך — האט זיך דער איד געבעטען — ארץ ישראל אתרוגים האבען ניט קיין גרויסע פיטום'ס.

— איך וויל ניכטס וויסען! — האט דער סוחר געשריען — מיין געלד צוריק, שנעל.

דער איד האט זיך דערשראקען, ארויסגענומען פון טייסטעריל די צוויי דאלער און איהם דערלאנגט.

ווען דער מאן איז אוועקגעגאנגען, האט דער איד באמערקט: קרענקען זאל איך, אויב איך האב פארשטאנען אלעם ווס ער האט

דאַ אַנגערעדט. אַלע צרות אויף זיין קאָפּ. ס'אַרא רציחה ער האָט באַוויזען! עס ווייזט אויס, אז דאָס איז גאָר א גוי. בעסער צו האַנדלען מיט צעהן אידען, איידער מיט איין גוי.

## ב.

## טו סענטס איי פּיעס.

אַן איטאַליענער האָט ערב יום טוב אין דער פריה געפּעדעלט מיט לעמאָנס אין קאַנעל סטריט. אויפ'ן פּלייצע האָט ער געטראָגען א פולען זעקעל מיט די דאַזיגע פרוכט און אין האַנד האָט ער גע־האַלטען א צוויי דריי לעמאָנס און געשריען: „נייסי לימאָני טשיפּ, וואָן סענט ע פּיס". אבער קיין קונים זיינען ניט געווען.

דער איטאַליענער איז צוגעגאַנגען צו א טישעל ביי וועלכען מען האָט פאַרקויפט אתרוגים. אייניגע אידען זיינען גראָדע גע־שטאַנען און געקליבען אתרוגים און דער פּעדלער האָט געמיינט, אז דאָס זיינען לעמאָנס. „פרעש לימאָני, טשיפּ" — האָט דער איטאַליענער זיך געווענדעט צו א אידען, מיינענדיג דערמיט אויס־צוכאַפּען א קאַסטאַמער פון אתרוג הענדלער; אבער דער איד האָט זיך צום מאָל ניט אומגעקוקט און געהאַלטען אין איין דינגען זיך מיט'ן אתרוג פאַרקויפער.

„לוק דזשאַני" — האָט דער איטאַליענער ווידער געזאָגט צום אידען — „נייסי לימאָני, וואָן סענט ע פּיס"; אבער דער איד האָט זיך אַליין ניט אומגעקוקט.

דער איטאַליענער איז געבליבען שטעהן און געקוקט מיט באַ־ניידענדע בליקען אויפ'ן אתרוג פאַרקויפער, וואס ער האָט קאַסטאַ־מער ארום זיך.

א איד האָט געקויפט אַן אתרוג און באַצאָהלט א דאָלער. דער פּעדלער האָט א שמייכעל געטאָן, ווי איינער רעדט: נאַרישער מענש, צו וואס דאַרפסטו געבען א דאָלער, אז דו קענסט עס ביי מיר קריגען פאַר א פּעני?

„ביג לימאָני, אָנלי וואָן פּעני ע פּיס" — האָט דער איטאַ־ליענער ווידער געפּרובט צו ציהען קאַסטאָמער; אָבער קיינער האָט איהם ניט געוואָלט הערען און זעהן. א היבשע צייט איז ער געשטאַנען נעבען טישעל און געזעהן ווי אידען צאָהלען צו דאָלער

און צו דאָלער א האלב פאר „לעמאָנס״ און ער האָט פשוט גע־שלונגען די שפייעכץ.

ער איז אוועק צו אן אנדער טישעל און אויך דארט האָט ער דאָס זעלבע געזעהן. ער האָט צוגעשמייכעלט, זיך געוואונדערט און אין דער זעלבער צייט אויף שטארק מקנא געווען דעם גליק־ליכען „שיני״, וואס לייזט אזוי פיל געלד און איז געווען בייז אויף די קונים, וואס זיי קויפען ביי איהם נים.

דער איטאליענער האָט זיך געפרובט ווענדען צום אידען וואס פארקויפט די „לעמאָנס״ און געוואלט מאכען מיט איהם א האָל־סייל ביזנעס.

„יו וואָנט ביי לימאָני באָס?״ — האָט ער איהם א שושקע געטאָן אין אויער — „נייס לימאָני, טשיפ״. דער איד האָט א דרעה געטאָן מיט׳ן קאָפּ „ניין״ און דער איטאליענער איז אוועק־געגאנגען.

ער האָט זיך אפגעשטעלט ביי נאָך א פּאָר טישלאך מיט אתרוגים און זיך גוט צוגעקוקט צו די סחורה און ווי אזוי דער מסחר געהט אָן. צולעצט האָט ער געמאכט א צופרידענע מינע. א פרעהליכער שמייכעל האָט זיך געצייגט אויף זיין געזיכט, אזוי ווי א מענש וואס קומט פּלוצלונג ארויף אויף א גליקליכען גע־דאנק, און ער איז אוועק מיט שנעלע טריט.

אין א שטונדע ארום איז דער איטאליענער געקומען מיט א פול פארפאקטען באסקעט און זיך אוועקגעשטעלט אויף א קארנער.

„טשיפ״ — האָט ער געשריען רייסענדיג פארביינעהער ביי די פּאָלעם — „„העף דאָלער ע פיס, גוד סטאָף.״

א רעדעל מענשען האָבען זיך ארומגעקליבען און דער איטאַ־ליענער האָט גענומען אויספאקען זיין סחורה. דאָס איז געווען לעמאָנס פארפאקט אין וואטע און איינגעוויקעלט אין טישע פּיי־פּער.

„סי, נייסי לימאָני, פרעש לימאָני, פיעפטי סענט ע פיס״ — האָט ער איינגערעדט די פארביישטעהענדע. דער עולם האָט פאר־שטאנען, אז דער איטאליענער וויל עס קאָנקורירען מיט די אתרוגים פארקויפער און מען האָט געקייכט פון געלעכטער.

„קוואָדער ע פיס״ — האָט זיך דער איטאליענער ארונטער־געלאָזט, און דער עולם האָט געלאכט.

— טווענטי סענט.
— פּיפּעטין.
— טען.
— פּייוו.
— טו — האָט ער ענדליך געצייגט מיט די פינגער; אבער קיינער האָט זיך ניט געריהרט פון ארט.

א לאנגע צייט איז דער איטאַליענער געשטאַנען אויפ'ן קאָר־נער און האָט א סענט ניט געלייזט און ער איז אוועק מיט א צו־בראכען הארץ — ער איז דאָך ניט דערגאַנגען דעם סוד, ווי אזוי מען לייזט פאר „לעמאָנס" הויכע פּרייזעס.

ג.

## פּייוו סענט איי בענש.

דורך נאַרפאלק סטריט איז געלאָפען א באָיטשיק מיט אן אתרוג און לולב אין האנד. ער האָט פּארקוקט אין דער הויך און וואו ער האָט געזעהן א קאָפּ ארויסגעשטעקט פון א פענסטער, האָט ער אויפגעהויבען זיין הענטעל און אויסגעשריען: „יו וואָנט בענש? פּייוו סענטס איי בענש". א פרוי פון א דריטען פלאָר האָט צו איהם א וואונק געטאָן. דער באָיטשיק האָט זיך אפּגע־שטעלט.

„פּייוו סענטס!" — האָט ער אויסגעשריען. די פרוי האָט איהם געצייגט צוויי פינגער.

„פאָור!" — האָט דער באָיטשיק אויסגעשריען, צייגענדיג פיער פינגער. די פרוי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, „ניין".

דער אתרוג טרעגער האָט א ווײַלע געוואַרט און ארונטער־געלאָזט איין פינגער. די פרוי האָט איהם אלץ געצייגט די זעלבע צוויי.

ענדליך איז דער באָיטשיק אריין אין הויז. א ביסעל שפּע־טער איז ער ארונטערגעגאַנגען און ווידער געלאָפען אין סטריט קוקענדיג אין דער הויך און אויסשרייענדיג דעם זעלבען פּזמון: „יו וואָנט איי בענש? פּייוו סענטס." אין איין בלאָק האָט ער גע־קעטשט א זיבען־אכט קאַסטאָמער.

# מסכת סוכה למדינת קאָלומבוס.

## פרק א'.

סוכה שהיא גבוהה, א סוכה וואָס מען מאכט אין דער הויך, אויפ'ן רוף, איז אויב דער לענדלאָרד ערלויבט עס און די טאָפּ־פלאָרינע קאָמפּליינען נים, אז מען קלאַפּט זיי אין קאָפּ, כשרה, איז זי כשר.

בראשונה היו נוהגין, פארצייטען האָט מען זיך נוהג געוועז, שהיו עושין סוכתן בחצרות, אז זיי פלעגען מאכען די סוכות דוקא אין די יארדס. משקלקלו הנשים, אז די מיסיסעז האָבען אָנגע־מאכט צרות דערמיט וואָס זיי ווארפען אלערליי שמוץ דורך די פענסטער; התחילו, האָבען אנדערע אָנגעהויבען צו מאכען סוכות אויף די רופס.

מעשה, עס איז געוועז א מעשה מיט א כּאָטשאָטנעם בעל הבית, שהיה יושב ואוכל, וואָס איז געזעסען און געגעסען אין סוכה, ושפכה אשה אחת, האָט א פרוי א פליוך געטאָן א טעפּיל נעכ־טיגע וועטשערע דורכ'ן פענסטער און איהם באגאָסען פון קאָפּ ביז די פיס.

אם אין דיורין בעליונות, אויב אפּסטעירז וואוינט קיינער נים, מותר, מעג מען מאכען א סוכה אין יארד לכל הדעות.

בית שדרים בה ערלים, א הויז וואו גוים וואוינען, אסור לעשות סוכה, טאָר מען דאָרט קיין סוכה ניט מאכען, מפני מעשה שהיה, צוליב א געשיכטע וואָס האָט פּאַסירט:

בחצר, אין יארד פון א טענעמענט הויז, וואו עס האָבען גע־וואוינט א פּאָר איירישע, האָבען די אידישע איינוואוינער געמאכט א סוכה. מה עשו? וואָס האָבען די איירישע געטאָן? זיי האָ־בען אריינגעווארפען א קאַץ דורכ'ן סכך פונקט ווען מען האָט גע־געבען וועטשערע און זי איז אריינגעפאלען אין שיסעל.

## פרק ב'.

אלו דברים כשרים לסוכה, די ראָזינגע זאכען זיינען כשר צו מאכען דערפון א סוכה: לאָנדזשעס ישנים, אלטע לאָנדזשעס,

לאָקשען ברעטער, ביגעל ברעטער און סתּם העלצער און פּלעקער, וואָס וואלגערען זיך אין די סעלערס און מען האָט דערפון קיין נוצען ניט.

זה הכלל, דאָס איז דער כלל, כל דבר, יעדע זאך, וואס קען נוצען פאר די לאופערס צו מאכען א פייער אין עלעקשאָן דעי, כשרים לסוכה, מעג מען דערפון מאכען אַ סוכה.

סוכה של שותפין יוצאין בה, מיט אַ שותפות׳דיגע סוכה איז מען אויך יוצא. לפיכך, דעריבער, שומרי הבתים, די הויז־קיפּערס מאספין חצי שקלים, קאָלעקטען האלבע דאָלארס פון די טענאַנטס און מאכען איין סוכה פאר אלעמען.

מי שאין לו סוכה כלל, דער וואָס האָט גאָר קיין סוכה ניט, מותר לקדש, מעג ער מאכען קידוש ביי א גוטען ברודער אין סוכה, אי דער הויזקיפּער פאררדעהט די נאָז און די איבריגע פּארטנערס סיקען, זאָלען זיי סיקען, ווענען ארט עס ?

אוכלין בסוכה חבורות, חבורות, אזוי ווי די סוכה איז מעהר ניט דלד על דלד און אלע פּארטנער קענען דאָרט מיט אמאָל ניט עסען, עסט מען פּאַ אטשערעדנע; פריהער עסט אָפּ איין פּארטי, נאָכדעם די צווייטע, די דריטע, וכו׳, און אזוי ווייטער.

ירדו גשמים, אז עס געהט אַ רעגען, מותר לפנות, מעג מען זיך ארויסקלייבען פון סוכה און עסען אין הויז, דברי ר׳ קלונימוס, אזוי זאָגט ר׳ קלונימוס. ר׳ שלומיאל אומר, ר׳ שלומיאל זאָגט, מי שאשתו ארורה, וועמעס ווייב עס איז אַ חנה פּעסיל און רעגענט מיט קללות, איז אלץ איינס, אויב ער זיצט אין סוכה און עס רינט איהם אונטער׳ן קאָלנער אָדער ער זיצט אין הויז און הערט איהרע קללות, כמה דכתיב, אזוי ווי אין פּסוק שטעהט: דלף טורד ביום סגריר ואשת מדנים נשתוה, זיך ווייקען אונטער׳ן רעגען און הערען דעם מענה לשון פון דער אידענע, איז איין שווארץ יאָהר.

## פּרק ג׳.

הכל חיבין בסוכה, אלע זיינען מחו״ב צו זיצען אין סוכה. חוץ מנשים ועבדים, חוץ ווייבער און קנעכט, דארפען אין סוכה ניט זיצען.

נשים מאי טעמא ? פאר וואָס דארפען ווייבער ניט זיצען אין סוכה ? אמר ר׳ ליץ, האָט ר׳ ליץ געזאָגט, דכתיב, עס שטעהט אין

פסוק ושמחת בחגך, דו זאָלסט זיך איַן דיזען יום טוב פרעהען, און אז די ארורה אָדער די שווינגער זיצט ביי דער זייט, איז די שמחה קיין שמחה נים. ויש אומרים, און אנדערע זאָגען, מפני דזשעליסי, ווייל אויב די ווייבער וואָלטען אויך זיצען אין סוכה, וואָלטען זיי געווען אייפערזיכטיג אויף זייערע מענער.

מעשה, עס איז געווען א מעשה מיט א מיסעס וואָס האָט שטענדיג געגעסען מיט איהר מאַן אין סוכה, אמרו לו חבריו, האָבען צו איהם חברה געזאָגט: לא קימת מצות סוכה מימיך, דו האָסט קיין מאָל די מצות סוכה ריכטיג ניט מקים געווען.

עניים פטורין מסוכה, אָרימע ארבייטער זיינען פטור פון סוכה. מה טעמא? וואס איז דער טעם? מפני שנקראים עבדים, ווייל זיי ווערען אָנגערופען שקלאַפען צו זייערע באָסעס און שקלאַפען זיינען פטור פון סוכה.

מי שמתה לו חמותו, ביי וועמען די שווינגער איז געשטאָרבען, פטור מסוכה, איז ער פטור פון סוכה. משום שאין מערבין שמחה בשמחה, ווייל מען טאָר ניט צוזאמענמישען איין שמחה מיט די אנדערע.

באָרדערס פטורין מסוכה, באָרדערס זיינען אויך פטור פון סוכה, ווייל וואו דער באָרדער זאָל ניט זיין, האָט ער אָלץ ניט די ארורה ביי דער זייט און ער איז שטענדיג יוצא מיטן ושמחת בחגך. ר' יקטן אומר, ר' יקטן זאגט: חיבין, באָרדערס דאַרפען דוקא יאָ זיצען אין סוכה, כדי שלא להטיל קנאה, ווייל אויב דער באָרדער פארבלייט אין הויז, ווערט דער מיסטער דזשעלים. ומניין, און פון וואנען ווייס איך, אז מען טאָר אויף זיך קיין חשד ניט אַרויפציהען? דכתיב, ווייל אין פסוק שטעהט: והיתם נקיים מה' ומישראל מען דאַרף זיין ריין אי פאר גאָט אי פאר לייטען.

## פרק ד'.

מי שראשו ורבו בסוכה, ווער עס זיצט אין סוכה ושלחנו בתוך הבית, און די פלונית'טע זיינע פראוועט א טיש אין שטוב כיד המלך און איהם גיט זי קרחת מיט כשר'ע פאָדים, איז אף על פי, כאָטש ער איז מקים די מצוה פון ושמחת בחגך, דערמיט וואָס די ווייב איז נעבען איהם ניטאָ, פונדעסטוועגען, לא יצא, איז ער ניט

יוצא, ווייל מאָגען פרייד איז איבער אַלע פרייד און א טאַנץ נעהמט נים פאר קיין עסען.

האשה יורדת במעלות, די אידענע דארף קריכען די שטיגען אַראָפּ און ארויף און ברייננען דעם מאַן אין סוכה צו עסען פון דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע, כדי שלא לבישו, כדי נים צו שטעלען איהם אין ביוש, ומי שלבו נוקפו, און אויב ער האָט מורא אז זי בלאָפט איהם אונטער און לאָזט פאר זיך א בעסערען חלק, מוטב, איז בעסער, אז ער זאָל עסען אין הויז מיט איהר צוזאמען, כמו דכתיב, אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק: הירא ורך הלבב ילך וישוב לביתו, דער וואס האָט מורא זאָל געהן אין הויז.

חסידים ואנשי מעשה, חסידים און סתם מענער, וואָס האָבען ליב דעם ביטערען טראפען, עושים שמחת בית השאבה כל שבעה, כוסה'ן נוט אריין אַלע זיבען טעג פון סוכות, ווייל די ארורות זיינען ביים טיש ניטאָ און קיינער שטערט זיי נים.

אמרו עליו על ר' טבי, מען דערצעהלט אויף ר' טוביה'לע חסיד, שהיה זהיר בנסוך המים בחג, וואָס ער פלעגט אין סוכה מאכען א קבר אין פלעשיל און דערגיסען מיט וואסער כדי די חסידה זיינע זאָל נים דערקענען, ופעם אחת נכשל. און איין מאָל איז ער געשטרויכעלט געוואָרען. ומעשה שהיה כך היה, די גע־שיכטע איז אזוי געווען:

ר' טוביה'לע האָט אמאָל ארונטערגענומען אין סוכה א פולע באָטעלקע און זי ביסלעכווייז אויסגעזופט. אום נים צו מעורר זיין דער אידינעס צאָרן, האָט ער זי שטילערהייד אָנגעגאָסען מיט וואַ־סער און אוועקגעשטעלט אויף איהר פּלאַץ. ווען ר' טוביה'לע איז אין הויז נים געווען, זיינען צו איהם געקומען אורחים הגונים, טוביה'כע האָט זיי מכבד געווען מיט איהר מאַנ'ס פלעשעלע און איז געבליבען בחרפה. דער חסיד שוטה האָט נאָכדעם געכאפּט א פּאַרציע אז עס איז איהם געווען פינסטער און ביטער.

באותה שעה, אין יענער צייט האָט מען גוזר געווען, אז מיט נסוך המים זאָלען נור האָבען צו טאָן סאַלון־קיפּערס און מילך־לייט, וועלכע קענען זיך איינהיטען אז זיי זאָלען חס ושלום נים נכשל ווערען.

# אויסגעכאפּט די „חתן תורה".

ר' יאָשע שלמה'לעס, דער תבואה־הענדלער און יאָסיל שלמה'קעס, דער שניידער זיינען אין זייער שטעדט־ל אין דער אַלטער היים אין דער ליטא, געווען צוויי וויכטיגע פּערזאָנען וועמען אַלע האָבען געקענט.

ר' יאָשע איז געווען אַ איד אַ נגיד, כמעט דער רייכסטער אין שטעדטיל, איז געווען אַ איד אַן אָסאָבע, מיט אַ שעהנער באָרד און אַ קיילעכדיגען בייכעל; דערצו אויך אַ בר אורין, וואָס האָט געקענט לערנען אַ פּרק משניות און אַמאָל אויך אַ בלעטעלע גמרא. ער האָט געהאַט אַ ברייטע דעה אין שטאָדט און אַלע האָבען איהם צוגעטיילט כבוד. זיין ארט אין בית המדרש איז געווען אין מזרח וואנד נעבען רב און די שעהנסטע עליות און כבודים פלעגט ער קריגען.

יאָסעל דער שניידער איז געווען פּונקט דער היפוך פון ר' אָשע'ן. ער איז געווען אַ גרויסער קבצן, אַ מאָגערער אידעל מיט אַ צינענע בערדיל, מען האָט איהם געהאלטען פאר אַ פּראָסטאַק וואָס קען קוים דאַוונען. קיין דעה האָט ער אין שטעדטיל ניט גע־האַט אויף אַ האָר, קיין כבוד האָט איהם קיינער ניט צוגעטיילט, זיין אָרט אין בית המדרש איז געווען ווייט הינטער'ן באַלעמער און אויפרופען צו דער תורה פלעגט מען איהם איינס פאר אחרון, צו אַ לייטישער עליה האָט ער זיך ניט געקענט צושלאָגען.

ר' יאָשע שלמה'לעס איז מטבעו געוועזען אַ שטאָלצער און אַ קאפּריזנער איד. פאר די מינדעסטע זאַך פלעגט ער ברוגז ווערען און זעהר אָפּט אָנזידלען דעם יעניגען וואָס האָט פוגע בכבודו גע־ווען. ער איז פון שטענדיג אָן געווען אַ שטיקעל רודף אחר הכבוד און קוים האָט אימיצער געטאָן אָדער געזאָגט אַ זאַך וואָס איז איהם ניט געווען לרצון, איז ער געווען מלא חימה.

אויף יאָסיל שלמה'קעס האָט ר' יאָשע צייטענווייז געטראָגען אַ פאַרבאָרגענע שנאה. ער פלעגט אָפּט אויף איהם קוקען אַזוי

ווי אויף א שפין און ווען ער זאָל געווען קענען, וואָלט ער איהם אפשר דערשטאכען.

יאָסיל איז בעצם געווען א שטילער מענש. ער האָט קיינעם ניט אָנגעטראָטען; בפרט מיט דעם נגיד ר' יאָשע האָט ער געוויס קיינע עסקים געהאט, קיין מאָל א וואָרט ניט גערעדט און דאָך האָט איהם אָפּט יענער פיינט געהאט שנאת מות.

און ר' יאָשע'ס שנאה צו יאָסיל דעם שניידער איז געווען אזעלכע וואָס ער האָט געמוזט שטיקען אין זיך. זיד'לען איהם אָדער אויסריידען איהם האָט ר' יאָשע'ן ניט געפּאסט. ער פלעגט דארום אָפט קראנק ווערען פון פארדרוס און ער האָט געמוזט ליי־דען און שווייגען.

ר' יאָשע דער נגיד פלעגט אָפּט אום־כבוד האָבען דורך יאָסיל ־עם קבצן, אָבוואָהל ער, יאָסיל, האָט גאָר ניט אויסען געווען און גר האָט גאָר ניט געמיינט צו שטעלען איהם אין ביוש.

און שולדיג זיינען אין דעם געווען זייערע גלייכע נעמען.

צו דער תורה האָט מען זיי ביידען אויפגערופען מיט דעם זעל־בען נאָמען: ר' יוסף בר' שלמה. עס פלעגט דארום זעהר אפט ־רעפען, אז מען פלעגט אויפרופען ר' יאָשע'ן און יאָסיל פלעגט זיך ארויפקריכען אויפ'ן באַלעמער און זיי פלעגען ביידע וואַרטען ־יז דער שמש האָט אָנגעציינט מיט'ן פינגער וועלכען יוסף בר' שלמה מען מיינט.

יאָסעל דער שניידער איז אפילו געווען א מענש המכיר את ־קומו. ער האָט גוט געוואוסט, אז שישי אָדער שלישי באַלאַנגט ־יט צו איהם; אויסער דעם האָט מען ר' יאָשע'ן אויפגערופען א ביסעל מיט אַן אנדער נוסח: יעמוד מורנו ר' יוסף בר' שלמה", ־ועהרענד איהם, יאָסלען, האָט מען אויפגערופען אָהן א „מורנו"; אָבער א מענש איז מען, אמאָל פארטראַכט מען זיך ביי קריאת ־תורה, אמאָל פארשמועסט מען זיך, פלעגט זעהר אָפּט טרעפען אז ־אָסעל פלעגט פארהערען דעם „מורנו", אָדער ניט וויסען ביי וועלכע עליה מען האַלט און ער פלעגט זיך צוזאמענקומען מיט'ן נגיד ־ויפ'ן באַלעמער אָדער אויף די טרעפּלאך.

מאנכעס מאָל פלעגט טרעפען, אז לצים פלעגען אבזיכטליך ־ונטערשיקען יאָסעל דעם שניידער דאמאָלס ווען מען האָט אויפ־גערופען ר' יאָשע דעם תבואה־הענדלער, כדי צו האָבען א ביסעל

שפאס. נאָר יאָסלען האָט עס געאַרט ווי די וואנד. „איז ניט עפידעלט" — פלעגט ער זאָגען און זיך אומקעהרען צוריק אויף זיין פּלאַץ, און אז דער עולם האָט געלאכט, האָט ער אויך מיט־געלאכט. ר' יאָשע'ן אָבער האָט עס שרעקליך געקריינקט און איהם וואָלט ליבער געווען צו באַגעגענען זיך מיט א לייב איידער מיט'ן אָרימען שניידער אויפ'ן באלעמער.

ר' יאָשע פלעגט זיך צואיילען, שטעלען גרויסע טריט, ווען מען פלעגט איהם אויפרופען צו דער תורה, אָבוואָהל דאָס איז ניט מעשה שעהנער איד; אָבער ער האָט עס געטאָן אום ניט צו באַ־געגענען זיך מיט זיין „בן־זוג", מיט יאָסעל שלמה'סעס. מעשה שמן פלעגט זיך אָבער יאָסעל אויסקירעווען גלייך מיט איהם און ר' יאָשע פלעגט רויט ווערען פון שאנדע.

דער רייכער ר' יאָשע האָט יאָהרען לאנג געהאט א חזקה אויף „חתן תורה" און קיין פּרייז איז איהם ניט צופיל געווען צו באצאָהלען פאר דיזען כבוד. שמחת תורה נאָכ'ן דאווגען האָט ער זיך נוהג געווען צו פאררופען בעל הבתים צו זיך און מען פלעגט הוליען ביז סאמע נאכט.

איין מאָל שמחת תורה צום לייענען האָט יאָסעל דער שניי־דער אריינגעכאפּט א פּאָר טרונק בראנפען און איז געוואָרען פרעה־ליך. איהם האָט זיך פארגלוסט א ביסעל א שטיף טאָן „לכבוד התורה" און ווען דער שמש האָט אויסגעשריען אויפ'ן הויכען קול: „יעמוד מורנו ר' יוסף בר' שלמה חתן תורה, חזק" און ר' יאָשע איז מיט גאוה און שטאָלץ ארויף אויף באלעמער, איז יאָסעל ארויף פון צווייטען זייט און מאכט צו איהם אזוי:

ר' יאָשע, פון וואנען ווייסט איהר אז מען מיינט עס אייך? איך הייס אויך ר' יוסף בר' שלמה". דער עולם האָט אוסיגעשאָסען מיט א געלעכטער און ר' יאָשע האָט זיך אָנגעצונדען ווי א פייער. — דאָס מאָל האָט ער דאָך געזעהן, אז דער שניידער טוט עס איהם צו להכעיס.

„שניידערונס, שיינעז, יונגאטש!" — האָט זיך דער שטאָלצער נגיד צופלאַקערט — „איך בין עפּעס דיין גלייכען וואָס דו פּראַ־ווענסט מיט מיר קאטאָוועס? גראָבער יונג, קבצן'יוק, שלעפּער, איך וועל דיר די מאָרדע ריינע צופּראַסקען!" און טאַקי תוך כדי

דבור האָט ר׳ יאָשע מכבד געווען זיין „בן־זוג״ מיט א פּאָר שמחת־תורה׳דיגע פּעטש.

דער אָרימער שניידער האָט אָפּגעווישט די ליפּען און גע־שוויגען און פון דאמאָלס אָן האָט ער זיך געהיט ניט אריינצופאלען זעהר אין ר׳ יאָשע׳ס הענד.

* * *

מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָט דער שיקזאל זיי ביידען, אי ר׳ יאָשע׳ן, אי יאָסעל דעם שניידער, געבראכט קיין אמעריקא. ר׳ יאָשע איז דאָ אויך געווען ר׳ יאָשע, אפילו ניט רייך, אָבער ער האָט געפיהרט א שטאט פון א שעהנעם אידען און איז געווען אָן אָנגעזעהענער בעל הבית אין דער חברה פון זיינע לאַנדסלייט. דאָ, אזוי ווי אין דער היים, האָט ער אָנגעהאַלטען די חזקה אויף „חתן תורה״ און שמחת תורה׳דיגען טאָג פלעגען ביי איהם די חברה ברידער הוליען אויף וואָס די וועלט שטעהט.

יאָסעל דער שניידער איז דאָ אויך געווען יאָסעל דער שניי־דער; אָבער ער איז געשטאַנען אין א העכערע מדרגה ווי ער איז געשטאנען אין דער היים. ער איז ניט שלעכט אָפּ געווען און האָט זיך אויסגעמענשעלט.

איין שמחת תורה איז יאָסעל געקומען דאַווענען צו זיינע לאַנדסלייט. ער האָט א קוק געטאָן אויף ר׳ יאָשע׳ן, וועלכער איז געשטאַנען ביים אָרון הקדוש אין סטאָף פּייפ, מעשה נגיד און שעהנער איד און ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אמאָליגע פּעטש וואָס ער האָט פון איהם געלייזט. היינט דארף מען זיך מיט איהם אָפּרעכענען — האָט יאָסעל ביי זיך געטראכט — און טאקע אויס־קאפּען זיין „חתן תורה״ אויף אָן אמת און זאָל ער וויסען.

מען פארקויפט שוין עליות און עס האַלט שוין ביי פאר־קויפען חתן תורה.

— צוואַנציג שילינג פאר חתן תורה — שרייט אויס דער שמש.

— פינף און צוואַנציג.

— דרייסיג.

— פערציג — הערען זיך קולות פון אַלע זייטען און דער שמש חזר׳ט עס איבער בקול רם.

און פייגע חיה, ר׳ יאָשע׳ס ווייב, זיצט אין עזרת נשים און

קלייבט נחת. זי ווייס, אַז דאָס גנהט אימיצער אין „רייסעס" מיט איהר מאַן און געווינען וועט ער דאָך געוויס.

עס האַלט שוין ביי זיבעציג שילינג. „ער האָט זיך צוקאַכט, מיין אַלטער" — האָט פייגע חיה געזאָגט מיט שטאָלץ צו די ווייבער וואָס זיינען געשטאַנען נעבען איהר — „אָה, מיינער וועט עס ניט ארויסלאָזען. שוין אפשר דרייסיג יאָהר, אַז ער האָט חזקה אויף „חתן תורה".

— אכציג שילינג פאר חתן תורה! — שרייט ווייטער דער שמש.

— ניינציג.

— הונדערט.

עטליכע מאָל האָט דער שמש אויסגעשריען: „הונדערט שילינג פאר חתן תורה" און דערביי איז עס פארבליבען.

מען האָט שוין אָפגעלייענט און עס האַלט שוין ביי חתן תורה. דער בעל קורא זינגט „מרשות" מיט א פרעהליכען ניגון און פייגע חיה קוקט נאָך אין מחזור יעדעס וואָרט און שמעלצט זיך פון שמחה.

„לתת חיים וחסד ונזר ועטרה לרבי יוסף בר' שלמה הנבחר להשלים התורה" — זינגט דער בעל קורא און דרעהט אביסעל צו אויפ'ן אויבער.

„הערט איהר?" — זאָגט פייגע חיה צו די ווייבער — „פיל מען ניט דערפאר איז ווערט. דאָס באַזינגט דאָך אַלעס דעם חתן, מיין אַלטען, זאָל געזונד זיין!" און בשעת מעשה קוקט זי די ווייבער אין די אויגען צו זעהן וואָס פאר א מינע זיי מאַכען, אויב זיי זיינען איהר מקנא די גדולה וואָס זי האָט.

און פארשמועסענדיג זיך מיט ווייבער זעהט ניט פייגע חיה ועמען מען רופט אויף צו דער תורה, הערט ניט די ברכות און איז האַלב צומישט פון איבערראשונג. אַזוי זיצט זי און פרעגעלט זיך אין נחת און אין כבוד ביז ענדע דאַווענען.

נאָכ'ן דאַווענען מאַכט פייגע חיה צו עטליכע פאַטשאַטנע אי־דענעס: „אייערע ווערען דאָך געהן צו מיר אויף קידוש, אַט קומט אויך. ניט צו פאַרזינדיגען. איך האָב אָנגעגרייט געגוג און עס וועט זיין מיט וואָס איבערדרייבען די צייהן."

זי איז ארויס פון שוהל צוזאַמען מיט נאָך עטליכע ווייבער.

באלד נאך זיי איז ר׳ יאשע ארויסגעגאנגען. די ווייבער האבען איהם אפגעגעבען א ברייטען גוט יום טוב.

— וואס שטעהסטו דא? — מאכט ר׳ יאשע צו זיין אידענע א שלעפ טוענדיג איהר פאר׳ן ארבעל — קום אהיים.

— מען דארף ווארטען אויפ׳ן עולם — ענטפערט זי מיט גדלות.

— עולם, שמוילאם! — רופט זיך אפ ר׳ יאשע מיט רוגזא — א מדינה אמעריקא, שניידרוקעס זיינען דא בעלי הבתים, חתן תורה רופט מען זיי אויף! יאסעל שלמה׳קעס איז דא אויך א לייט, טפו! אהיים קום, זאג איך.

ר׳ יאשע מיט זיין ווייב זיינען אוועק אהיים מיט צובראכענע הערצער און דער עולם איז אוועק צו יאסעל דעם שניידער אויף כיבוד.

# פארשפּילט דעם רבי'ס חנוכה־געלט

## א.

דערצעהלט מיר א פריינד פאָלגענדע מעשה'לע:

דער טעם פון די שמיץ, וואָס איך האָב יענעם חנוכה אריינ־געכאפּט פון מיין טאַטען אין חדר פאר די אויגען פון מיינע חברים, ליגט מיר נאָך איצט אין מויל אֵון איך וועל עס קיינמאָל ניט פארגעסען.

געטאָן האָב איך גראדע א קלייניגקייט. איך האָב פאר־שפּילט די חנוכה־געלט וואָס מיין מאמע האָט מיט מיר געשיקט פאר מיין רבי'ן. אָבער עס איז דערפון ארויסגעקומען גרויסע צרות. איך וועל אייך דערצעהלען די מעשה כסדר. אָבער פריהער וועל איך אייך פארשטעלען מיין טאַטען, מיין מאַמען און מיין רבי'ן.

מיין טאַטע האָט געהייסען איטשע בער דער סוחר. ער איז ניט געווען קיין גרויסער נגיד, אָבער א פיינער בעל הבית און זעהר אן אָנגעזעהענער מענש אין שטעדטעל.

געהאַנדעלט האָט ער ניט אין גאַנצען מיט איינגענעם קאפּי־טאָל און איז שטענדיג געווען פארדרעהט מיט חובות. ער פלעגט באָרגען גמילות חסדים און האָט אויך געהאַלטען פרעמדע געלט אויף פּראָצענט און האָט געפיהרט פיינע געשעפטען.

א בטוח איז ער געווען א גרויסער, אפשר דער גרעסטער אין אונזער שטעדטעל, און מען פלעגט צו איהם טראָגען געלט גאָר ניט געבעטענערהייד. האָט אן אָרימער בעל מלאכה געוואָלט אָפּ־שפּאָרען געלט אויף א כאַלופּקע אָדער אויף קויפען א קוה, פלעגט ער זיינע אפּגעשפּאָרטע גילדענס אָדער רובעלס טראָגען צו מיין טאַטען. דינסטמיידלאך פלעגען קלייבען זייערע נדן ביי מיין טאַטען, און האָט איינער א שידוך געטאָן מיט א קינד און האָט געדאַרפט איינלעגען דעם נדן, האָט ער קיין בעסערען און זיכערען פּלאַץ ווי ביי מיין טאַטען ניט געפונען.

מען פלעגט פון איהם ניט פאָדערען קיין פארמאַלנעם וועקס־

סעל. א פשוט'ער אידישען שטר חוב'ל איז גענוג געווען. איטשע בער'ס א שטר חוב'ל אדער אפילו א ווארט איז געווען אזוי ווי א מזומנ'ע אסיגנאציע. יעדער איינער אין שטעדטעל האט גע־וואוסט אז איטשע בער דער סוחר איז אן עהרליכער מאן, א ווארטסמאן און מען האט איהם שטענדיג געטרויט.

די מאמע מיינע איז געווען אן אשה חשובה און האט אויך געהאט א נוטען נאמען אין שטעדטעל. מען פלעגט פון איהר קריגען א טובה, א נדבה, ווען מען האט געדארפט, און מען האט פון איהר זעהר שטארק געהאלטען.

א שניידער, א שוסטער אדער אירגענד וועלכער בעל מלאכה, וואס האט פאר איהר עפעס געטאן, פלעגט באלד אויפ'ן ארט קריגען באצאהלט אויפ'ן פיינסטען אופן. עס האט קיינמאל ניט פאסירט אז מען זאל ביי איהר דארפען מאנען א חוב. שכר לימוד פלעגט זי אפהיטען צו צאהלען פינקטליכער ווי די גרעסטע גביר'טע. היינט איז ביי איהר געווען א חק ולא יעבר צו שיקען דעם רבי'ן ראש חודש געלט, ל"ג בעומר געלט, חנוכה געלט און דאס גלייכען.

אין דער הינזיכט פון צאהלען, האט מען מיין מאמע געהאל־טען פאר דער בעסטער באלעבאסטע אין שטעדטעל. זי האט איהרע חובות שטענדיג געהאלטען אויפ'ן קאפ און מען האט עס איהר קיינ־מאל ניט געדארפט דערמאנען. אין די הוצאות פון שטוב און אפילו זייטיגע הוצאות האט זיך דער טאטע ניט געמישט. דאס איז אלץ געלעגען אויף דער מאמע'ס קאפ און מען האט זיך אויף איהר געקענט פארלאזען.

אט דאס איז מיין סדר היחוס. אצינד לאמיר געהן צו מיין רבי'ן.

דער רבי מיינער האט געהייסען חיים שמעיה ברוגז. „ברוגז" איז געווען זיין צונאמען. מען האט איהם אזוי גערופען, ווייל ער איז געווען עפעס אן אנגעבלאזענער איד, שטענדיג א ברוגז'ער און האט אויף אלעמען געקוקט קרום אזוי ווי ער זאל די גאנצע וועלט זיין א שונא, אפילו זיך אליין אויך.

ער איז געווען עפעס אן אומגעלומפערטער איד. א גרויסער, א לאנגער, מיט א רויטע בארד, רויטע אויגען און רויטע ברעמען. איך ווייס ניט אויב אימיצער האט ווען געזעהן דעם אידען שמייכ־לענדיג. עפעס א מאדנער מר נפש'ניק געווען, שטענדיג פארטרוי־

ערט, שטענדיג פארזארגט און שטענדיג אנגעבלאזען אזוי ווי אן אינדיק.

איך ווייס ניט אויב ער איז טאקי געוועזן אזא רשע, אבער עס האט אויסגעזעהן אז ער האט די גאנצע וועלט פיינט גע־האט. אפילו זיינע אייגענע קינדער, האט אויסזעהן, האט ער אויך פיינט געהאט. ער האט זיי געהאט עפעס זיבען אדער אכט שטיקלאך, איינס קלענער פון דאס אנדערע. פלעגען אומגעהן כמעט מיט די הוילע פופקעס, ווייל זיי האבען קיין גאנץ בגד'ל אויף זייער לייב ניט געהאט. פלעגט ער, דער רבי, הייסט עס, זיך אויף זיי בייזערען, פלעגט זיי שילטען און אויך ניט זשאלעווען א קלאפ. און מיינט איהר פארוואס? דערפאר וואס זיי פלעגען בעטען נאך א שטיקעל ברויט אדער נאך א ביסעל קרופניק.

„פרעסערס, זוויפערס!" — פלעגט ער אויף זיי שרייען — „דעם מלך'ס אוצרות קענען דאך ניט קלעקען אנצוקארמענען אייך. וואו וועט מען אייך נעהמען נאך? א דאנק גאט דערפאר. וואו שטעהט עס געשריבען אין דער תורה אז מען דארף פרעסען דריי מאל א טאג?"

דער רביצין, זיין ווייב, הייסט עס, האט אויך ווי עס האט אויסגעזעהן, חיים שמעיה ברוגז פיינט געהאט. זי איז געווען א דארע אידענע מיט איינגעפאלענע באקען, וואס פלעגט מעהר פאסטען ווי עסען. אויף איהר פלעגט ער זיך אפטמאל אויך בייזערען, ווען זי פלעגט זיך באקלאגען אז זי האט ניט אויף שבת הוצאות אדער אין מיטען וואך אויף גרויפען פאר וועטשערע.

„דרעה מיר ניט קיין קאפ" — פלעגט ער אויף איהר שרייען — „גיטא, דארף מען ניט! וואס טוט קהל אהן אן אתרוג? בענשט מען ניט!"

און ווי ער האט די גאנצע וועלט פיינט געהאט, האט ער אבער זעהר ליב געהאט געלד. א מאדנער אוהב ממון געווען. פלעגט ער דערזעהן א רובעל אדער א האלבען רובעל שכר לימוד, פלעגט ער גאר ווערען אן אנדער מענש. דאן פלעגט ער שוין ניט שרייען ניט אויף די קינדער, ניט אויף דער רביצין און אפילו צו אונז, תלמידים פלעגט ער אויך זיין גאר ניט דער ערך בעסער.

ווער שמועסט יענער אינגעל וואס פלעגט איהם ברענגען געלד, פלעגט שוין יענעם טאג זיין זיכער פון קלעפ, פעטש און בוכט־

שעס. אַז מען פלעגט איהם ברענגען אַ זייטיגע מטבע, ווי אַ שטייגער, ראש חודש געלד, ל"ג בעומר־געלד, אָדער חנוכה־געלד, פלעגט ער צו יענעם איינגעל זיין אַזוי גוט און קלעפּען זיך צו איהם פּשוט אַזוי ווי אַ האָניג טייגעל צו אַ געשוויר.

יעדער אינגעל האָט געוואוסט, אַז דעם טאָג וואָס ער ברייננגט דעם רבי געלד איז ער אַ תקיף און דעם רבין'ס האַנד וועט אויף איהם ניט קומען, אפילו אַז ער וועט ניט וויסען דעם ישיעור, אפילו ווען ער וועט זיך ניט איינקוקען איז חומש אָדער אין גמרא, אפילו ווען ער וועט זיך שפּילען אין מיטען לערנען, אפילו ווען ער וועט שטיפען און „איבערקעהרען די וועלט".

איך בין געוועזען דער רייכסטער אינגעל אין חדר און דער בעסטער צאָהלער. מיין מאַמע, האָב איך אייך שוין דערצעהלט, האָט געהאט אַ טבע אָפּצוהיטען צו צאָהלען שכר לימוד אין צייט, אַקוראַט אַזוי ווי זי פלעגט אָפּהיטען ליכט בענשען, ברכה זאָגען אָדער קריאת שמע לייענען. ראש חודש געלד פאַר אַ מלמד איז ביי איהר געוועזען אַ פּרייז אַ גאַנצער גילדען. חנוכה געלד פלעגט זי שיקען גאַנצע צוויי גילדען און פורים פלעגט זי זיך נוהג זיין צו שיקען אַ פיינע שלח־מנה.

די בעסטע טעג האָב איך געהאט אין חדר, ווען איך פלעג ברייננגען שכר לימוד אָדער ראש חודש און חנוכה־געלד. אַזוי פלעגט מיך דער רבי רופען „יאַשקע גוי" אָדער „יאַשקע שייגעץ" און פלעגט ניט מורא האָבען צו הויבען אויף מיר אַ האַנד און טאַסי אַרונטערלאָזען אויף, כאָטש איך בין געוועזען דער רייכסטער אינגעל אין חדר און דער בעסטער צאָהלער; דעם טאָג אָבער, ווען איך פלעג ברייננגען געלד אָדער אפילו ווען ער האָט זיך גע־ריכט, אַז איך וועל ברענגען, פלעג איך ביי איהם הייסען „יאַסעלע" און איך פלעג כמעט גאָר ניט פיהלען אַז איך האָב אויף זיך דעם יאָך פון אַ חדר מיט אַ רבי'ן.

אצינד, אַז איהר זייט שוין באַקאַנט מיט אַלעם, געהען מיר צום עיקר המעשה.

## ב.

דאָס איז געוועזען מיט אַ יאָהר פערציג צוריק, ווען איך בין געוועזען אַ אינגעל פון אַ יאָהר אַכט אָדער ניין. איך האָב דאַמאָלס

געלערנט התחלת גמרא ביי דעם חיים שמעיה ברוגז וואָס איך האָב אייך דערצעהלט. דאָס איז ניט געווען דער ערשטער זמן וואָס איך האָב ביי איהם געלערנט, נור דער פינפטער, און ער האָט שוין געוואוסט ווי מיין מאַמע היט אָפּ פּינקטליך צו שיקען איהם ראש חודש געלד און חנוכה געלד.

יענעם חנוכה, וואָס איך וויל אייך דערצעהלען, האָט מיר די מאַמע באַלד צו דער ערשטער ליכטעל געגעבען צוויי זילבערנע גילדענס פאַר׳ן רבי׳ן חנוכה געלד. אַ שטיקעל קונדס בין איך געווען און דער יצר הרע, ימח שמו זאָל ער ווערען, האָט מיך אַנגערעדט, אַז איך זאָל די צוויי גילדען ניט אַוועקגעבען דעם רבי׳ן. ער, דער ימח־שמו׳ניק, האָט מיר איינגעדויבעט אין מיין קינדערשען מח, אַז איך זאָל מיט׳ן געלד שפּילען „למד אלף״ און ער האָט מיר פאַרגעשטעלט גליקען אַז איך וועל געווינען אַ סך געלד. איהר ווייסט דאָך, אַז ווען דער יצר הרע טשעפּעט זיך צו צו אַן עלטערען מענשען, צו אַ בר דעת, פיהרט ער אויך אויס, בפרט צו אַ קליין אינגעל, צו אַ קינד וואָס האָט נאָך קיין שכל ניט. הכלל האָט דער יצר הרע אויסגעפיהרט און איך האָב די צוויי גילדען ארונטערגעלאָזט אין קעשענע.

האָב איך זיך נאָך מעריב פאַרקליבען מיט נאָך דריי אינגלאַך, דוקא עלטערע פון מיר, אין אַ ווינקעל פון ווייבער־שטיבעל אין גרויסען בית המדרש און מיר האָבען אָנגעהויבען שפּילען „למד אלף״. קיינער איז אין בית המדרש ניט געווען און מען האָט אונז ניט געשטערט און מיר האָבען „געגעמבעלט״ אויף וואָס די וועלט שטעהט.

מיר איז ניט געגאַנגען קיין קאַרט און איך האָב אַלס פאַרלאָרען. עס קען זיין, אַז דאָס האָט ניט מיין מזל גורם געווען, נאָר יענע אינגלאַך מיט וועלכע איך האָב געשפּילט, זיינען געווען מאַשעניקעס און האָבען עפּעס געמאַכט פאַלשקייטען. איך בין דאָך עפּעס געווען אַ נגיד׳ישער אינגעל און אַ נגיד, האָבען זיי אפשר געלערנט דעם פּשט, מעג מען אָנמעסטען אין עטליכע גראָשען. אָבער סאַי ווי סאַי, האָט עס אפשר געדויערט איין שטונדע צייט און פון די צוויי גילדען איז מיר פאַרבליבען בלויז איין און איינציגע קאָפּיקע, און חברה האָבען שוין מעהר ניט געוואָלט שפּילען.

מיר האָט די זאַך זעהר באַנומען ביים הארצען און פאר צרות האָב איך פאר דער לעצטער קאָפּיקע געקויפט באָקסער און עס אויפגענאַשט.

איך בין געקומען אהיים א פארטרויערטער, אָבער איך האָב זיך געהיט אַז קיינער זאָל דאָס ניט באמערקען.

יענע נאַכט האָט מיך קיין שלאָף ניט גענומען. עס האָט מיך ניט געארט וואָס איך האָב פארשפּילט פרעמדע געלד. איך האָב מיט מיין קינדערשען שכל ניט געקענט משיג זיין, אַז פאר די צוויי גילדען וואָלט מיין רביצין געהאט קרופּניקעס אפשר אויף צוויי וואָכען צייט. אָבער עפּעס איז מיר די מעשה גלאַט פארדראָסיג געווען. אגב האָב איך מורא געהאט טאָמער וועט זיך דער טאַטע אָדער די מאַמע דערפון דערוויסען און דאַן וועט זיין א מיאוס׳קייט.

אָבער איך האָב זיך נאכהער בארוהיגט. דער רבי, האָב איך געטראַכט, וועט דאָך ניט מאָנען קיין חנוכה געלד, וואָרום איך האָב געוואוסט אַז קיין ראש חודש געלד מאָנט ער אויך קיינמאָל ניט. טאָמער אפילו וועט ער יאָ מאָנען, וועל איך איהם זאָגען, אַז די מאַמע האָט ניט געגעבען. אויפ׳ן ערגסטען אופן אפילו, טאָמער וועט מען זיך דערוויסען אין דער היים, אַז איך האָב דעם רבי׳ן ניט אוועקגעגעבען די חנוכה געלד, וועל איך זאָגען, אַז איך האָב עס פארלאָרען פון קעשענע.

אָט אזוי האָט מיר מיין שכל דיקטירט און איך האָב אויפגעהערט ערגערען זיך אָדער מורא האָבען.

ג.

ווען איך בין אויף מאָרגען געקומען אין חדר, האָבען זיך צוויי פון מיינע חברים באריהמט פאר מיר, אַז זיי האָבען געבראַכט דעם רבי חנוכה געלד. איינער האָט געבראַכט א זעקסער — דריי קאָפּיקעס, און דער צווייטער א צעהנערעל — פינף קאָפּיקעס. דאָס האָט מיר א שטאָך געטאָן אין הארצען, אלץ ניט ווייל איך האָב באַ׳גנב׳עט אָדער באַ׳גזל׳ט דעם רבי, נור ווייל איך האָב ניט געהאט מיט וואָס צו באריהמען זיך. ווען איך זאָל דעם רבין׳ס חנוכה געלד ניט געווען פארשפּילען, וואָלט איך זיך דאָך געקענט

באַריהמען אז איך האָב געבראַכט גאַנצע צוויי גילדען! איך האָב גאַנץ שטאַרק חרטה געהאַט אויפ'ן עסק, אָבער פאַרפאַלען.

ווען מיר האָבען זיך געזעצט לערנען און די צוויי אײנגלאַך האָבען איבערגעגעבען דעם רבי'ן די חנוכה געלד, האָב איך באַמערקט ווי ער האָט עפּעס אַ קוק געטאָן מיט זיינע רויטע אויגען אויף מיר. ווי איינער רעדט: נו, און דו, יאָסעלע? דאָן האָט מיר ווידער די זאַך פאַרדראָסען. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט ווי שטאָלץ איך וואָלט עס געווען ביי זיך ווען איך זאָל די געלד ניט פאַרשפּילען און איהם דערלאַנגען די צוויי זילבערנע גילדענס! אָבער ווידער די איינגענע מעשה — פאַרפאַלען.

אַביסעל שפּעטער קומט צו די רביצין און פרעגט דעם רבי'ן:

— האָסט אפשר עפּעס געלד, חיים שמעיה? מען דאַרף געהן אין מאַרק אריין און איך האָב ניט אַ גראָשען ביי דער נשמה.

— זעכצעהן גראָשען, דאָס אַלעס וואָס איך האָב — ענטפערט דער רבי אַ ברוגז'ער און דערלאַנגט איהר דעם זעקסער מיט'ן צעהנעריל וואָס די צוויי תלמידים האָבען איהם געבראַכט.

— און דער באַהאַטי כלאַפּעץ (רייכער אינגעל) האָט נאָך ניט געבראַכט קיין חנוכה מעות? — פרעגט די רביצין.

— ניין, דערווייל נאָך ניט — ענטפערט דער רבי.

— וואָס איז די מעשה? — פרעגט ווייטער די רביצין — זאָג איהם, אפשר ער זאָל לאָמר'ן דער אמו?

— רייסען פאַר די פּאָלעס — ענטפערט דער רבי מיט אַ שטאַרק ברוגז'ן טאָן — פּאַסט ניט. מסתמא וועט זי שיקען.

איך האָב פאַרשטאַנען אז מען שמועסט וועגען מיר, וועגען מיין מאַמע'ס חנוכה געלד, אָבער איך האָב זיך געמאַכט ניט ווייסענדיג.

אויף מאָרגען איז ווידער פאָרגעקומען דער זעלבער געשפּרעך צווישען דעם רבי'ן און דער רביצין, אָבער דיזען מאָל האָט מיר שוין דער רבי אַ פרעג געטאָן: „יאָסעלע, וואו איז דיין חנוכה געלד?"

— די מאַמע האָט מיר ניט געגעבען — האָב איך געענטפערט מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

— עס איז עפּעס ניט גלאַט, האָט די רביצין אַ זאָג געטאָן צום רבי'ן.

— זי האָט זיך מסתמא פאַרגעסען — האָט דער רבי גע־זאָגט — דערמאָן איהר, יאָסעלע.

ווען איך בין אויף מאָרגען געקומען אין חדר, האָט דער רבי אויף מיר געקוקט און געקוקט, דאַן האָט ער מיר א פרעג געטאָן: „נו, געזאָגט דער מאַמע?"

— געזאָגט — ענטפער איך מיט א האַלבען מויל.

— וואָס זשע האָט זי געענטפערט?

— זי האָט געזאָגט, ניטאָ קיין געלד.

דיזען תירוץ האָב איך אויסגעטראַט ביי נאַכט אויפ'ן געלעגער און עס איז ארויס פון מיין מויל אזוי גלאַט אזוי ווי עס וואָלט טאַקי געווען אן אמת.

— זעהסטו שוין, חיים שמעיה, — האָט די רביצין באמערקט — איך האָב געטראָפען, אז עס איז עפּעס א מעשה, אזוי ווי אין ונתנה תוקף שטעהט „מי יעני ומי יעשר".

איך האָב יענעם טאָג געבראַכט מיט זיך אין חדר פּוטער מיט ברויט. איך האָב אָבער געהאַט א טבע אָפּצולעקען די פּוטער אָדער שמאַלץ וואָס מען פלעגט מיר אָנשמירען אויף ברויט און אויך דאַמאָלס האָב איך א היבשע ביסעל אָפּגעלעקט. זעה איך ווי די רביצין באַטראַכט מיין ברויט מיט פּוטער, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און מורמעלט צו זיך אליין: „וועה געשעהן, א שטיקעל חמאה פאַר'ן ילד זשאַלעוועט מען שוין אויך".

נאכהער איז אריינגעקומען עפּעס א שכנה. האָט די רביצין מיט איהר גע'טענה'ט און גע'טענה'ט און יענע האָט געקוקט אויף מיר און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. איך האָב נור געהערט די ווער־טער: „קופּעץ" (סוחר), „ילד", „מעות" און נאָך לשון קודש'דיגע און, להבדיל, גוי'אישע ווערטער. איך האָב פאַרשטאַנען אז מען רעדט עס וועגען מיר, וועגען מיין טאַטען; אָבער וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, האָב איך ניט געוואוסט.

נאָכדעם איז אריינגעקומען נאָך א שכנה און א שכן און די רביצין האָט מיט זיי אויך פאַרפיהרט א שמועס. דער רבי האָט זיך אָפּגעקעהרט פון טיש און האָט אויך אריינגעוואָרפען א פּאָר ווערטער. איך האָב געוואוסט, אז דאָס רעדט מען אַלץ וועגען מיר, אָבער וואָס ווען, האָב איך ניט געקענט באַגרייפען.

אויף מאָרגען האָב איך עפּעס געקלעטערט איבער א פּאַר־

קאָן און געמאַכט אַ „געוואַלד ריס" אין מיינע פּליודערלאַך. ווען איך בין געקומען אין חדר און די רביצין האָט דאָס דערזעהן, האָט זי פארבראָכען מיט די הענד און האָט אַ זאָג געטאָן צום רבי'ן: „אָט וואו עס האַלט שוין. מען פאַרמאַגט שוין ניט אַ פּאָר תחתונים'לאַך פאַר'ן ילד", און ווען עס זיינען אַריינגעקומען שכנות אָדער שכנים, האָט זי זיך ווידער מיט זיי געס'וד'עט און אַלץ ווענגען מיר.

פאַר איין זאַך האָב איך מורא געהאַט, טאָמער וועט דער רבי אויסלאָזען כל חמתו צו מיר און וועט מיך שלאָגען דערפאַר וואָס איך האָב איהם ניט געבראַכט קיין חנוכה געלד. אָבער ניין. ער האָט מיך ניט געטשעפּעט און איך בין צופרידען געוועזן.

ד.

איך געדענק ניט ווען דאַס איז געוועזן, צו דער זעקסטער אָדער צו דער זיבענטער ליכטעל, איז ביי אונז אין שטוב געווען אַ שטיקעל שמחה. מיין מאַמע האָט אויסגעבראָטען אַ גאַנצע גאַנז, האָט געמאַכט לאַטקעס און פאַרבעטען משפחה לכבוד חנוכה. זי פלעגט עס טאָן אַלע חנוכה און מען פלעגט זיך פיין משמח זיין.

ווען אַלע זיינען געזעסען ביים טיש און מען האָט געגעסען און געטרונקען, איז אַריינגעלאָפען מאָטיע דער שמיעד מיט'ן פאַרטוך און פאַרשמירטען פּנים און איז צוגעגאַנגען גלייך צום טיש אַ פאַרסאָפּעטער.

— וואָס גוטעס וועט איהר זאָגען, ר' מאָטיע? — האָט איהם דער טאַטע געפרעגט.

— איך וויל מיין געלד! — האָט מאָטיע האַסטיג אויסגע־שריען — זעצט אייך אָן ווען עמען איהר ווילט, אָבער ניט מיר. די עטליכע רובעל וואָס איך האָב ביי אייך, האָט מיר געקאָסט געזונט שוויים און בלוט. גיט מיר מיין געלד!

עוד זה מדבר, מאָטיע דער שמיעד האָט נאָך גערעדט, איז אַריינגעלאָפען בעריל דער שוסטער מיט קולות:

— ווען עמען ווי ווען עמען, אָבער מיר טאָרט איהר דאָס ניט טאָן. איהר ווייסט דאָך, אַז דאָס איז ניט מיינע געלד. דאָס איז מיין

מיידעל'ס געלד. האָט נעבאך געקליבען גראָשען צו גראָשען, און וואָס וועט זי איצט טאָן? מיט וואָס וועט זי חתונה האָבען?

דער האָט נאָך ניט געענדיגט, איז אריינגעלאָפען פעסיע די ביינעל־בעקערקע. די אידענע האָט געשריען, געקוויטשעט, גע־קלאַפּט אָן טיש, געשאָלטען מיט טויטע קללות, הכלל, גיב איהר אָפּ איהר געלד! נאכהער זיינען געקומען נאָך און נאָך און עס איז געוואָרען א „ראָן", ווי מען רופט עס דאָ.

דער טאטע מיט דער מאמע האָבען זיך ביי זיי געבעטען. זיי האָבען זיי געגעבען צו פארשטעהן, אז זייער געלד ליגט אין גע־שעפט און מען קען עס ניט כאַפּען מיט דער מינוט, אבער מען וועט אלעמען אויסצאָלען און עס וועט קיינעם אפילו א פּרוטה ניט פעהלען. די לייטע האָבען אבער ניט געוואָלט אָבטרעטען, און עס האָט זיך געטאָן חושך אפשר ביז האלבע נאכט.

אויף מארגען פריה זיינען געשטאַנען רעדלאך מענשען ארום אונזער שטוב. א פּאָר אידענעס האָבען געוואָלט אויסקלאַפּען די פענסטער און עס האָט זיך געקערט וועלטען. מיך האָט די מאמע אוועקגעשיקט אין חדר.

אפשר אין א פּאָר שטונדען ארום, ערשט מיין טאטע מיט מיין מאמע זיינען דאָ אין חדר. זיי זיינען ביידע געקומען פאר־סאָפּעטע און זיי האָבען קוים דעם אָטעם געצויגען.

— מיט אייך, רבי — האָט מיין טאטע געזאָגט — בין איך געקומען צוקריגען זיך. איהר ווייסט וואָס עס טוט זיך ביי אונז? מיט אַמאָל זיינען אונז באַפאַלען אַלע קרעדיטאָרען — גיב זיי געלד! בכן וואָס איז? עס איז ארויס א קלאַנג, אז מיר זעטצען אָן! האָבען מיר זיך גענומען אויספרעגען פון וואַנען דאָס שטאַמט, זיינען מיר דערגאַנגען, אז דאָס שטאַמט פון אייך, אז איהר האָט דאָס ארויסגעבראַכט דעם קלאַנג. גזלן, רוצח, וואָס האָט איהר געהאַט צו אונז?

דער רבי און די רביצין זיינען געשטאַנען און די הויט האָט אויף זיי געציטערט.

— מיר זיינען גאָר ניט אויסען געוועזן — האָט זיך די רביצין פאַרענטפערט — מיר ווייסען פון שטענדיג אָן, אז איהר שיקט אונז ראש חודש געלד און חנוכה געלד. זאָל אייך גאָט דערפאַר

העלפען. דעם מאָל האָט אייער יאָסעלע, זאָל געזונד זיין, דער־צעהלט, אז די מאמע האָט ניט געשיקט קיין חנוכה געלד. זי האָט געזאָגט אז זי האָט ניט, און דאס קינד איז עפּעס געווען אזוי אומע־טיג, אזוי פארטרויערט, האָבען מיר געמיינט אפשר חס ושלום אראָפּ פון מעמד און מיר האָבען דאָס צווישען זיך איבערגערעדט. ווער האָט געזאָלט וויסען, אז עס וועט דערפון ווערען אזא סומאַ־טאָכע?

דערהערט די דאזיגע ווערטער, כאַפּט זיך ארויס די מאמע:

— וואָס הייסט, ניט געשיקט קיין חנוכה געלד? ווי דען? יאָסעלע, וואו האָסטו היינגעטאָן דעם רבי'ס חנוכה געלד?

מיר איז זויער געוואָרען אויפ'ן הארצען. איך האָב זיך שטארק דערשראָקען און ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען.

דאָן האָט מיך דער טאטע ארויסגעשלעפּט פון מיין אָרט, האָט ארונטערגענומען דעם רעמענעם פּאַס פון די הויזען, האָט איהם צוזאמענגעלעגט אין צווייען און האָט זיך אָפּגערופען מיט כעס:

— דו זאָלסט שוין, שייגעץ איינער, זאָגען דעם אמת, וואו האָסטו היינגעטאָן די צוויי גילדען? דו וועסט בעסער מאכען, יאָסעל, אז דו וועסט זיך מודה זיין.

פאר'ן טאטענ'ס פּאַס האָב איך געציטערט אימות מות און איך האָב בחרפּתי מודה געווען.

— אז אזוי, לאָבוז איינער, — האָט דער טאטע געזאָגט, — טאָ געה זשע אויפ'ן בענקעל. און ער האָט מאקי ניט געוואָרט אויף דרך ארץ, און האָט מיך שוין א לעג געטאָן אויפ'ן בענקעל. די מאמע האָט געהאַלטען פאר די פיס, און ער האָט געשלאָגען מלקות.

אי, האָט ער געקאַטעוועט! עס איז אזש בעגאנגען א רויך, זאָג איך אייך.

# נס חנוכה אין באָקענוויל

מר. טשארלס טראסק, א האָלסייל רענס און דזשאַנק דילער און פרעזידענט פון דער קאָנגרעגיישאָן „שבת אחים אנשי באָקענוויל", האָט אָפּגעבענשט די ערשטע חנוכה ליכטעל, געמאכט א נוטען שנעפּסיל מיט איינגעלאדענע גוטע ברידער, פארביסען מיט רעטשענע לאטקעס, וואָס די פרעזידענטיכע האָט געמאכט און זיך אוועקגעזעצט מקיים זיין די מצות פאוקער לכבוד חנוכה.

באָקענוויל איז ניט קיין גרויסע שטאָדט. די אידישע קהלה דאָרט צעהלט בסך הכל עטליכע מנינים מענשען, וועלכע זיינען פאראייניגט אין איין קאָנגרעגיישאָן און האלטען אויס א שולכעל מיט א מקוה כשרה צוזאמען, א שטיקעל אייגענע קרקע, א חברה קדישא, א שוחט וועלכער דינט זיי אויך אלס חזן, און א שמש, וואָס איז אויך א מלמד און לערענט מיט זייערע קינדער.

די אידישע איינוואוינער פון באָקענוויל זיינען דאָס רוב דזשאַנק פעדלערס אָדער דזשאַנק דילערס. מר. טשארלס טראסק איז דער רייכסטער פון זיי אלע. דעריבער זיצט ער דאָרט אויפ'ן פרעזידענט שטוהל און האָט די ברייטע דעה.

האָט זיך דער פרעזידענט, מר. טראסק, געשמאק פארפאוקערט און האָט בעת מעשה אין זינען ניט געהאט די פרעזידענטסטוואָ און אנדערע קהל'שע ענינים.

און ווען חברה זיינען געווען פארטיפט אין דער „נעים", איז נעקומען א באָקענווילער בעל הבית, וואָס וואוינט אין שכנות מיט'ן שמש פון דער קהלה ווייטליך הינטער'ן שטעדטעל. ער איז אריינגעלאָפען הענדום־פעדרום אזוי ווי א צוטומעלטער און א זאָג געטאָן: „איהר ווייסט? דער שמש איז פארברענט געוואָרען".

— ווי אזוי? — האָבען מר. טראסק און די חבריא מפסיק געווען — א פייער געווען אין זיין הויז?

— וואָס איז די נפקא מינה ווי אזוי? — האָט יענער געענטפערט — אבי פארברענט.

— טאקי אויף טויט?

— וואָס דען? אויף לעבען? פארברענט אזוי ווי א שטיקעל האָלץ ווערט פארברענט.

— און די הויז איז גאַנץ?

— גאַנץ, אפילו א האָר ניט גערירט.

— וואָס־זשע פאר אַן אומגליק איז דאָרט געווען?

— איך ווייס? ער האָט אָנגעצונדען די חנוכה ליכטעל און אין א האַלבע שטונדע ארום איז ער שוין אין גאַנצען געווען פאר־ברענט.

— ברוך דיין אמת — האָבען אַלע א זאָג געטאָן — א שאָד, א וואוילער איד געווען.

וואָס־זשע איז צו טאָן? גאָר ניט. פון טויט לעבעדיג קען מען ניט מאַכען. פארברענט איז פארברענט. האָט מען גע־שיקט אָנזאָגען דעם גבאי פון חברה קדישא, אז ער זאָל זעהן מאָר־גען באַגינען טאָן דעם פארברענטען שמש זיין רעכט און מאַכען די לויה פאר פריה, און דער פרעזידענט מיט זיינע געסט האָבען ווייי־טער געפּאוקערט.

דערוויייל האָט זיך די נייעס פארשפרייט אין א היבשען טייל פון שטעדטעל און מען האָט שטאַרק באַדויערט דעם שמש'ס שרעק־ליכען טויט.

חדר איינגלאַך ווידער, וואָס האָבען געהערט די מעשה וואָס האָט פּאַסירט מיט זייער רבי'ן, זיינען צופרידען געווען. פאר־שפּאָרען לערנען, איז דאָך עפּעס אַן עולם ומלואו.

א רעפּאָרטער פון א לאָקאַלע ענגלישע מאָרגען־צייטונג האָט אויך געהערט די נייעס און ער איז תיכף אוועקגעלאָפען אין רע־דאַקציע מאַכען דערפון א „סטאָרי".

אויף מאָרגען גאַנץ בעגינען איז חברה קדישא געקומען מיט דער טהרה־ברעט מיט תכריכים און מיט אַלע מכשירים צו טאָן דעם שמש זיין רעכט. אָבער ווי איבערראשט און דערשראָקען זייי־נען זיי געוואָרען, ווען זיי האָבען דעם שמש און מלמד געפונען לעבעדיג, געזונד און פריש, נאָר וואָס אויפגעכאַפּט זיך פון שלאָף.

ער, דער שמש, און זיינע בני בית זיינען גאָר אויפגעציטערטע געוואָרען. וואָס עפּעס פּלוצלונג די חברה קדישא לייט? איז דעם שמש דורכגעלאָפען א געדאַנק אפשר איז ער געשטאָרבען, און ער

האט זיך אליין אנגעהויבען קנייפען, אום צו איבערצייגען זיך אויב על לעבט אדער ער איז טויט.

פרעגט מען איהם: „ר׳ שמש, וואס האט פאסירט?” איז איהם אזוי ווי דער לשון אפגענומען געווארען און ער קען ניט ענטפערען. אזוי ווייט ווי ער געדענקט האט קיין זאך ניט פאסירט. ער האט געבענשט חנוכה ליכט, געגעסען לאטקעס, געשפילט א דאמקע און איז געגאנגען שלאפען. אבער אז חברה קדישא איז געקומען, איז דאך עפעס א מעשה, און וואס — ווייס ער ניט.

עס האט געדויערט א שטיקעל צייט ביז דער שמש-מלמד איז צו זיך געקומען און דאן האט איהם דער חברה קדישא גבאי דערצעהלט וואס פאר א בלבול מען האט אויף איהם אויסגעטראכט.

זיינען די חברה קדישא לייט אוועק צוריק מיט גאר ניט און צו וויסען געגעבען דעם פרעזידענט און אנדערע בעלי בתים, אז לא היה ולא נברא, אז די גאנצע מעשה איז א בלאף און דער שמש איז גאר ניט פארברענט געווארען. אפשר די לאטקעס, וואס די שמש׳טע האט געמאכט, האבען זיך צוגעסמאליעט; אבער ער, דער שמש, איז גאנץ און אפילו א האר פון זיין קאפ איז ניט געמינערט געווארען.

האט מען זיך גענומען צו דעם בעל הבית וואס האט אנגעזאגט די בשורה: „סטייטש צו וואס האט עס אייך געפאסט אויסצוטראכטען אזא אומגעלומפערטען ליגען?” און ער האט לאכענדיג געענטפערט:

— עס איז נאך איצט אויך קיין ליגען. האב איך אייך דען געזאגט, אז דער שמש פון שוהל איז פארברענט געווארען? איך האב געזאגט סתם „דער שמש”, האב איך עס געמיינט א שמש פון די חנוכה ליכטלאך. וואס בין איך שולדיג אז איהר פארשטעהט ניט קיין קאטאוועס?

איז צווישען די אידישע באפעלקערונג פון באקענוויל די זאך אוועק אין א שפאס. אבער די לאקאלע ענגלישע מארגען צייטונג האט דערפון געמאכט א גאנצען צימעס. יענעם פרימארגען איז אין דער צייטונג ערשינען פאלגענדע שטיקעל נייעס:

„עקסטרא! א קרבן פון א אידישע צערעמאניע!

„היינט איז ביי אידען א יום-טוב, וואס זיי רופען חאנוקא

(חנוכה). יעדער אַווענד צינדען זיי אָן סאַקרעד קענדעלס (הייליגע ליכט), שפּילען אין קאָרטען און עסען פּענקעיקס, וואָס זיי רופען פּעט'שעס (לאַטקעס), דאָס איז ביי זיי אַן אנדענקונג נאָך דעם מן, וואָס די אידען האָבען אמאָל געגעסען אין דער מדבר. האָט דער באַקענווילער דזשואיש ראַבאַי גענומען אנצינדען די סאַקרעד קענדעלס נאָהענט פון א פענסטער, האָבען זיך אָנגעצונדען די קוירטענס, האָט ער געוואָלט אויסלעשען די פלאַמען, האָבען זיך זיינע קליידער אָנגעכאַפּט און ביז הילף איז געקומען איז ער פארברענט געוואָרען אויף קויל. די הויז האָט מען מיט גרויסע שוועריגקייטען אפּגעראַטעוועט, זאָנסט וואָלטען פיעלע הייזער אַוועק מיט'ן רויך".

אויסער די שטיקעל „נייעס" האָט נאָך דער רעדאַקטאָר וועגען דעם געשריבען אַן עקסטרא עדיטאָריעל. דער רעדאַקטאָר האָט געהאַט א כעס אויף די אידען פון באַקענוויל דערפאַר וואָס ער איז געלאָפען פאר סיטי מעיאָר און די אידען זיינען געווען זיינע געגנער. האָט ער פון דער מעשה געמאַכט א גאַנצען פּירוש, האָט אויפגעוויזען, אז צוליב די אידישע „סאַקרעד קענדעלס" האָט גאַנץ באַקענוויל געקענט אַוועק מיט'ן רויך און ער האָט דעריבער אויפגעפאָדערט די פּאָליס און דעם פייער דעפּאַרטמענט, אז זיי זאָלען שטרענג פארבאָטען די אידען צו פּראַווען די צערעמאָניע פון אָנצינדען חנוכה־ליכט.

איז טאַקע געשעהען א נס מן השמים, וואָס די מעשה מיט'ן פארברענטען שמש איז געווען ניט מעהר ווי א „דזשאָוק" פון א ליץ. ווען די מעשה זאָל חלילה געווען זיין ווי די צייטונג האָט געשריבען, וואָלט די גזירה געגען חנוכה־ליכט בענשען דורכגעפירט געוואָרען, און די באַקענווילער שולכעל וואָלט פארבליבען אָהן א שמש; די אינגלאַך אָהן א רבי און די גאַנצע אידישע קהלה — אָהן דער מצוה פון בענשען חנוכה־ליכט.

# חנוכה דרעהדיל און קאַרטען

(אן איין־אַקטער).

פּ אַ ר ש ו י נ ע ן:

אַ חנוכה דרעהדיל,
אַ קאָורט,
אַ גרינגע מיסים,
גרינגע קינדער.

צייט דער האַנדלונג: חנוכה באַגינען.
אָרט: אויף אַ טאַפּ פלאָר, ניו יאָרק סיטי.

עס פאַנגט אָן טאָגען נאָך אַ פּאָוקער הגדול. אין הויז איז קאַלט און אָנגערויכערט. דער טיש און דער פלאָר זיינען פארשמוצט מיט אש און גאַנצע בערגלאַך שטיקלאַך סיגארעטס און אָבגעברענטע מעטשעס וואלגערען זיך. עס איז אויפ'ן טיש צוואוואָרפען אַ פעשעל קאָרטען. איין קאָרט ליגט מיט'ן פּנים ארויף. ביי'ם ברעג טיש ליגט אַ בלייענער חנוכה־דרעהדיל.

---

ק אָ ר ט: ווער ביזט דו דאָרט, קיד, קליינער קאַראַפּוזשיק?

ד ר ע ה ד י ל: דו קענסט מיך ניט? איך בין דאָך אַ חנוכה דרעהדיל.

ק אָ ר ט: וואָס־זשע טוסט דו דאָ? ווי קומסט דו אהער?

ד ר ע ה ד י ל: וואָס הייסט, וואָס איך טו דאָ? מען שפּילט זיך מיט מיר אזוי ווי מען שפּילט זיך מיט אייך. דו האָסט ניט געזעהן ווי איך האָב זיך אין אבענד געדרעהט דאָ אויפ'ן טיש?

ק אָ ר ט: ווער האָט דאָס צייט געהאַט ארומצוקוקען זיך? דער טייפעל זאָל זיי נעמען! פון נעכטען פריה ביז ערשט האָבען זיי ניט אויפגעהערט צו מאַטערען אונז. זיי האָבען מיר שוין אָבגעריבען די זייטען, די פּלייצע און דעם פּנים. אַ שמאַטע האָבען זיי פון מיר געמאַכט.

ד ר ע ה ד י ל: איהר זיינט פריהער אויך געווען שמאַטעס!

ק אָ ר ט (בייז): וואָס, דו וואַגסט מיך צו באַליידיגען? איך בין מעהר פּאָפּולער ווי דו! אין אַלע הייזער ווייס מען פון אונז קאָרטען, אין אַלע הייזער זיינען מיר די ליעבלינגע, און ווער ווייס פון דיר? ווער נעהמט דיך אין האַנד אריין?

ד ר ע ה ד י ל: און איך זאָג, אַז קיין לייטישער מענש נעמט אייך ניט אין האַנד אריין.

ק אָ ר ט: אַ חוצפּה אַ ביסעל! זאָג מיר אָקאָרשט, דו גע־רעטעניש מיט'ן לאַנגען העלדזיל און דיקען בייכעל, ווער האָט זיך מיט דיר געשפּילט?

ד ר ע ה ד י ל (שטאָלץ): די קינדער פון הויז האָבען זיך מיט מיר געשפּילט!

ק אָ ר ט: אַהאַ, די גרינגע חיות! וואָס דען? געלע וועלען זיך מיט דיר שפּילען? אי'ל בעט יו, אַז דו ביזט אַליין אויך אַ גרינער! מען האָט דיך אודאי מיטגעבראַכט פון יוראָפּ.

ד ר ע ה ד י ל (מיט כעס): שווייג, דו פּאַסקודניק איינער! מאַך פון מיר ניט חוזק! דו ווייסט ווער איך בין? איך בין אַן אָנדענקונג פון דעם נס חנוכה!

ק אָ ר ט: חנוכה, שמאַנוקע! כאַ, כאַ, כאַ! ער קומט אַהער דערצעהלען פון חנוכה! ווער קעהרט דאָ דערפאַר? וועמען ליגט דאָ אין קאָפּ אַזעלכע זאַבעבאָנעס, אַזעלכע היפּאָקריטססטוואַ?

ד ר ע ה ד י ל (אויפגערעגט): זאַבעבאָנעס, היפּאָקריט־סטוואָ, זאַגסט דו? דאָס וואָס שמעקט מיט אידישקייט איז ביי דיר היפּאָקריטססטוואָ? שטיל, דו פּאַסקודנע בריאה דו!

ק אָ ר ט: סעי, גרינגע חיה, זידעל זיך ניט! דרך ארץ, יונגער שנעק!

ד ר ע ה ד י ל: מאַך נאָר ניט אַזאַ פוריע! איך בין עלטער פון דיר, איך בין אַ אידישע זאַך. דו זעהסט די אידישע אותיות ארום מיר? דיזע אותיות באַדייטען ווערטער וואָס זיינען ביי אי־דען טייער.

ק אָ ר ט: וואָס ווייס איך פון אידישע אותיות, אָדער פון אידישע ווערטער? מיין בעל הבית האָט שוין ניט גענומען קיין אידיש וואָרט אין מויל זייט יאָהרען.

ד ר ע ה ד י ל : דו זעהסט? אויף מיר זיינען אויסגעגאָסען א נון מיט א גימל מיט א הא מיט א שין. דער נון מאכט „נס“, דער גימל מאכט „גדול“, דער הא מאכט „היה“ און דער שין מאכט „שם“, דאָס דערמאָנט דעם אידען אָן דעם נס פון חנוכה. פאַר־שטאַנען?

ק אָ ר ט : בע, מע, נס, שמעס! דאָס קענסט דו איינשמו־סען די גרינע אינגלאך, וואָס שפּילען זיך מיט דיר, אָבער ניט מיר. איך האָב היינט ביי־נאַכט געהערט ווי איינער האָט געזאָגט, אז דיין נון, גימל, הא, שין מאכט: נאָטקע גנב, הולטאַי, שכור! (לאַכט).

ד ר ע ה ד י ל : א געוואלדיגע חכמה! פּע, טיע, טיע!

ק אָ ר ט : ניט אזוי א חכמה, ווי אַן אמת.

ד ר ע ה ד י ל : דו מיינסט צו זאגען, אז אידען זיינען גנבים, הולטאַיעס און שכורים? וויפיעל שכור׳ע אידען האָסט דו היינ־טיגען חנוכה באַגעגענט?

ק אָ ר ט : אבער גנבים זיינען זיי? ווסיע יעווריעאי מאָ־שעניקי!

ד ר ע ה ד י ל : אויף א ליגען! שקר וכזב!

ק אָ ר ט : א ליגען, זאָגסט דו? וויפיעל מאָל בין איך היינ־טיגע נאכט געלעגען ביי די שפּיעלער אין די ארבעל און מען האָט מיט מיר געמאַכט פאַלשע קאָרטען? און זעהסט דו אויף מיין פּלייצע א סקרעטש מיט א נאָגעל? דאָס האָט מען אויף מיר געמאַכט א סימן, מען זאָל מיך דערקענען.

ד ר ע ה ד י ל : פון קאָרטאָזשניקעס רעד איך ניט, איך רעד פון אידען.

ק אָ ר ט : און די, וואָס שפּילען אין קאָרטען זיינען קיין אידען ניט?

ד ר ע ה ד י ל : די וואָס שפּילען דרעהדיל זיינען ביי מיר בעסערע אידען, ווי די, וואָס שפּילען אין קאָרטען. די וואָס האַל־טען פון נאַציאָנאַלען יום־טוב, די וואָס זיינען צוגעבונדען צום אידישען פאָלק, זיינען טויזענד מאָל טייערער, ווי די קאָרטען שפּילער.

ק אָ ר ט : וואָס האָססט דו א טשייניק, דו קליינער שלים־מזל? ווער ביזט דו און וואָס ביזט דו?

ד ר ע ה ד י ל : איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אז איך בין מעהר יחסן פון דיר.

ק אָ ר ט : דו מעהר יחסן פון מיר? מיר קאָרטעו פירען די וועלט צו פראַגרעס און איהר צו גארישען אבערגלויבען, צו גלויבען און נסים, שמיסים!

ד ר ע ה ד י ל (שפאָטיש): דו פירסט די וועלט צו פראַגרעס! א קלאָג צו אזא פראַגרעס! וויפיעל מענשען האָט איהר קאָרטען רואינירט? וויפיעל מענשען זיינען דורך אייך אומגליקליך געווארען?

ק אָ ר ט : דערפאַר זיינען אבער א סך גליקליך געווארען און א סך וועלען נאָך גליקליך ווערען, אבער וואָס האָט די וועלט פון דיר?

ד ר ע ה ד י ל (מיט כעס): דו לומפ, דו שופט!

ק אָ ר ט : הערסטו קליינער? עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ. מישטיינס געזאגט, ווי לאַנג נאָך ווערסט דו געוועלטיגען אויף דער וועלט? איך קען דיר פארזיבערען, אז אפילו איבער חנוכה וועט מען דיך ניט האַלטען.

ד ר ע ה ד י ל : סטראַשע ניט. מען וועט זיך נאָך מיט מיר שפּילען און מיין אנדענקונג וועט פארבלייבען אויף אימער און עוויג. איך וועל נאָך דיר איבערלעבען.

ק אָ ר ט : דאָס וועל איך זיך מיט דיר ניט שפּאַרען. איך בין שוין אלט און מיינע אלע חברים, וואָס ליגען דאָ, זיינען שוין אויך אויסגעניצט, וועט מען אונז פיליכט מעהר ניט געברויכען. אבער אין די סטאָרס זיינען פאַראַן נאָך קאָרטען, וועט מען קויפען אנדערע.

ד ר ע ה ד י ל : ווילסט דו זיך וועטען, אז די קינדער וועלען זיך נאָך מיט מיר שפּילען און זיך משמח זיין?

ק אָ ר ט : איך קען וועטען. איך האָב געזעהן ווי די גרינע באָיטשיקעס האָבען אויף אונז געקוקט מיט זשעדנע אויגעלאָך. זיי האָבען פשוט די שפייעכץ געשלונגען. זיי זיכער, אז זיי וועלטי זיך נעהמען צו דער זעלבער שפּיל, וואס זייער טאַטע שפּילט.

ד ר ע ה ד י ל: ניט דערלעבען זאלסט דו דאָס.

ק אָ ר ט: דו וועסט גיכער ניט דערלעבען. וואַרט, וואַרט, דו וועסט נאָך זעהן, ווי מיר וועלען פארנעמען דיין פּלאַץ און דו וועסט צופוקעט ווערען קוקענדיג.

ד ר ע ה ד י ל: פּע, טיע, טיע!

עס ווערט ליכטיגער אין די פענסטער. די גרינע באָלעבאָסטע שטעהט אויף פון שלאָף, געהט אריין אין פראנט־רום אַ פארטרויערטע, שאַרט ארונטער די קאָרטען אונטער׳ן טיש מיט פאראכטונג, און מור־מעלט אין דער שטיל. דאָס דרעהדיל נעהמט זי אַן צערטליך ביי׳ם העלדזיל און לייגט אַוועק אויפ׳ן מענטעלפיס.

ד ר ע ה ד י ל (צופרידען): בע! בע! בע!

ק אָ ר ט: פרעה זיך נאָך ניט, גרינהאָרן! וואַרט, דו ביזט נאָך ניט אין דערהיים!

די קינדער כאַפּען זיך ארונטער פון די בעטען, קלייבען צוזאמען די קארטען פון אונטער׳ן טיש און זעצען זיך שפּילען מיט התמדה מיט די פענים, וואס די מאַמע האָט זיי געגעבען חנוכה־געלד.

י ע נ ע ק אָ ר ט: אָט אזוי, קינדערלאַך, זאָל זיין גוט אויף אַן אָנהויב. (צו דער דרעהדיל): נו, וואָס זאָגסט דו ערשט, קאָנ־קורענט אונזערער?

ד ר ע ה ד י ל (פארשעהמט): מילא, נו.

ב אַ ל ע ב אָ ס ט ע: וואַרפט אַוועק די קארטען! שפּילט אין דרעהדיל, מען טאָר ניט שפּילען אין קאָרטען!

ק י נ ד ע ר (אין איין קול): מען טאָר ניט שפּילען אין קאָרטען! למאי דער טאַטע? למאי דער אָנקעל? אויך מיר אַ שפּיל דרעהדיל! מיר שפּילען שוין מעהר ניט אין דרעהדיל.

די מיסים טוט אַ זיפץ, און צוויי טרערען, ווי באָב, קייקלען זיך ארונטער פון איהרע אויגען.

ק אָ ר ט ע ן (אין כאָר): אהא, נארישע דרעהדיל! ווער האָט אויסגעפירט, דו צו אונזער קאָלעגע? גרינהאָרן, פּאַפּקאָרן, וואָן סענט אַ פּיס!

# מסכת קאָרטען.

מתני׳: מאימתי מתחילין לשחוק בקאָרטען? ווען פאַנגט מען אָן שפּילען אין קאָרטען? משעה שגומרין את הוועטשערע, פון דער צייט ווען מען עסט אָפּ וועטשערע, ומסימין בחצות, און מען ענדיגט שפּילען אום האַלבע נאַכט, דברי ר׳ דץ, אזוי האַלט ר׳ דץ, ור׳ גמבליאל אומר, און ר׳ גמבליאל זאָגט: הרי זה מדברים שאין להם שיעור, קאָרטען שפּילען איז פון די זאַכען, וואָס האָבען קיין שיעור און מען קען דאָס אָנפאַנגען פריהער און ענדיגען שפּעטער.

גמ׳: תנא אהיכי קאי? אויף וואָס באַציהט זיך דער תנא פון דער משנה מיט זיין פראַגע: ווען הויבט מען אָן שפּילען אין קאָרטען? ר׳ שמעון ירקאי אומר, זאָגט ר׳ שמעון דער גרינער: אחנוכה, דער תנא באַציהט זיך אויף חנוכה, שכן מנהג קדמונים, ווייל עס איז אַן אַלטער מנהג צו שפּילען חנוכה אין קאָרטען, ומנהג ישראל תורא הוא, און אַ אידישער מנהג איז אַלץ איינס ווי אַ דין פון דער תורה. ר׳ מאיק הצהוב אומר, ר׳ מאיק דער געלער זאָגט: לא על חנוכה איתמר אלא על כל ימות השנה איתמר, דער תנא באַציהט זיך ניט דוקא אויף חנוכה, נור אויף אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר, שכן אנשי מעשה נוהגין, ווייל בעלי מעשה׳ניקעס זיינען זיך נוהג צו שפּילען אין קאָרטען שטענדיג, אפילו אום תשעה באב, אום עשרת ימי תשובה און ראש השנה ויום כפור.

תנו דבי ר׳ גמבליאל, ר׳ גמבליאל׳ס חברה־לייט האָבען גע־לערענט: בראשונה היו נוהגין, פאַרצייטען פלעגט מען זיך נוהג זיין צו שפּילען אין קאָרטען נור אום חנוכה, אבל בזמן הזה, אָבער היינטיגע צייטען איז בכל יומו זמנו, איז אַלע טאָג די גינסטיגע צייט צו מאַכען אַ געימקע. ועוד אמרו, און ווידער האָבען זיי גע־זאָגט: לא נתנו קאָרטען לשיעורין, קאָרטען זיינען ניט נעגעבען געוואָרען צו שיעורים, צו באַגרענצונגען, ווען מען זאָל שפּילען, וכל המרבה הרי זה משבח, און דער וואָס שפּילט מעהר פאַרדינט מעהר קרעדיט. אמרו עליו על ר׳ גמבליאל הגדול, מען האָט דער־

צעהלט אויף ר׳ גמבליאל הגדול, שהיה משחק בקאַרטען מחנוכה עד חנוכה, אז ער פלעגט שפילען אין קאַרטען פון חנוכה ביז חנוכה, וכמעט שלא זז משלחן הקאַרטען, און איז כמעט קיינמאָל ניט אָפּגעטראָטען פון קאַרטען־טישעל.

במה משחקין, אין וואָס פאר א שפיל שפילט מען ? חד אמר : אין משחקין אלא בפּאָוקער, איינער זאָגט, אז מען שפילט נור פּאָוקער, וחד אמר : יוצאין באָקע, בששים וששׁ, בפּישעפּיישע, ובכל מיני משחק, און איינער זאָגט אז מיט אָקע מיט זעקס און זעכציג מיט פּישע־פּיישע און מיט אַנדערע שפּילערייען איז מען אויך יוצא. אמר ר׳ קרתיאל, ר׳ קרתיאל האָט געזאָגט : אין לך משחק חביב עלי כפּאָוקער, ניטאָ א געים וואָס איז מיר אזוי באַליבט ווי פּאָוקער, וכל שאינו משחק בפּאָוקער, און דער וואָס שפּילט ניט קיין פּאָוקער, מוטב לו שלא ישחק בלום, איז פאר איהם גלייכער ער זאָל גאָר ניט שפילען.

ר׳ גמבליאל כד הוא שמעי ליה דהא דר׳ קרתיאל, ווען ר׳ גמבליאל האָט געהערט דאָס וואָס ר׳ קרתיאל האָט געזאָגט, הניח ידיו על ראשו ואמר, האָט ער ארויפגעלעגט זיינע הענד אויף זיין קאָפּ און האָט געזאָגט : תבא עליך ברכה, זאָל קומען א ברכה אויף דיין קעפּעלע, ווייל דו ווייסט דעם ריכטיגען געשמאַק פון א ריכטינע געים.

איזהו מקומן של משחק הקאַרטען ? וואו איז דער פּלאַץ צו שפּילען אין קאַרטען ? בבתים, בחצרות, במרתפים של נחלים ובכל מקום שבני אדם מצוין שם, אין הייזער, אין יארדס, אין קויהלען בייסמענטס און וואו נור מענשען קענען זיך צוזאמענקומען. וכל מי שמצות פּאָוקער חביבה עליו, ביי ווען פּאָוקער שפּילען איז באַליבט, משחק אפילו באורוות של סוסים ובמקומות מטונפות, שפּילט אפילו אין פערד־שטאַהלען און אין אַנדערע שמוציגע פּלעצער.

ר׳ דזשאָו האפּרייטאָר ור׳ אייק הביגלער איקלאו בי ר׳ בעני האונטער־פּרעסער בשעת שביתה, דזשאו דער אפּערייטאָר און אייק דער ביגלער זיינען אין סלעק טיים געקומען צו בעני דעם אונטער־פּרעסער והיו עוסקין בפּאָוקער, און זיי האָבען געמאַכט א פּאָוקער׳ל. התחילה דביתהו של בעני מקנטתן בדברים, האָט בעניכע אָנגעהויבען דערגעהן זיי די יאָהרען לּמאי זיי שפּילען פּאָוקער. מה עשו ?

וואס זשע האבען זיי געטאן? הלכו למרתף של גלחים, זיינען זיי אוועק אין א קויהלען בייסמענט, והיו משחקין שם כל ימי השבוע, און זיי האבען דארט אפגעשפילט א גאנצע וואך כסדר. כסבורין נשותיהן שנתעגנו, האבען זייערע ווייבער געמיינט, אז די מענער האבען זיי שוין אוועקגעווארפען און איבערגעלאזט עגונות. ופרסמו הדבר בכתבי עתים, האבען זיי די זאך פארעפענטליכט אין די פיי־פערס און געלאזט אפדרוקען די מענער'ס פיקטשורס אין דער „גאלערי פון פארשוואונדענע מענער", וכשבאו לבתיהם, ווען זיי זיינען אהיים געקומען, כבשו פניהם בקרקע, האבען זיי זיך גע־דארפט באגראבען לעבעדיגערהייד פון שאנדע. הצדיק עליהם ר' גמבליאל את הדין, האט ר' גמבליאל אויף זיי מצדיק הדין געווען און געזאגט: רעכט אויף זיי, א מצוה אויף זיי, זאלען זיי נים זיין קיין פאנטאפעל מענער און מורא האבען פאר זייערע ווייבער.

פאוקער בכמה? וויפיל פארשויינען דארף מען האבען צו א פאוקער? שיתא, זעקס. פרעגט די גמרא: והא דזשאו, ואייק ובעני תלתא הוי וקמשחקי בפאוקער? דזשו און אייק און בעני, פון דער פריהינער מעשה, זיינען דאך געווען נים מעהר ווי דריי און זיי האבען געשפילט פאוקער? ענטפערט די גמרא: שאני דזשאו ואייק ובעני דלאו ברי סמכא נינהו, דזשאו, אייק און בעני זיינען אנדערש, ווייל זיי זיינען נים קיין פאראנטווארטליכע פער־זאנען וואס מען קען זיך אויף זיי פארלאזען. ואיבעית אימא, און אויב איהר ווילט קען מען ענטפערען אן אנדער תירוץ: בשעת הדחק שאני, ווען עס איז א דוחק אין „הענד" און מען קריגט נים מעהר, איז דריי אויך גענוג.

הכל מצטרפין לקארטען, אלעמען קען מען מצרף זיין צו א קארטען שפיל, ואפילו נשים ואפילו שפחות, אפילו ווייבער און דינסט־מיידלאך. נשים ושפחות סלקא דעתך? ווי אזוי קען זיך דאס ליינען אויפ'ן שכל אז ווייבער און דינסט־מיידלאך קען מען אריינגעהמען אין א געים? והרי מצות עשה שהזמן גרמא הוא, דאס איז דאך א צייטליכע מצוה און פון א צייטליכע מצוה זיי־נען דאך ווייבער פטור אזוי ווי זיי זיינען פטור פון סוכה? ענט־פערט די גמרא: לא קשיא, הא להו והא לן, עס איז קיין קשיא נים, דאס וואס מיר זאגען אז קארטען איז א מצות עשה שהזמן גרמא, איז דאס דארט אין דער אלטער היים, וואו מען שפילט אין

קאָרטען נור אום חנוכה, אָבער דאָ אין אמעריקא וואו מען שפּילט שטענדיג אין קאָרטען און ווייבער זיינען זיך אויך אזוי נוהג, איז דאָס ניט קיין צייט זאַך און ווייבער זיינען דערפון ניט פּטור. ואיבעית אימא, און אויב דו ווילסט וועל איך זאָגען: הכא בסאָפ־ראַדזשעטקעס עסקינן, דאָ שמועסט מען וועגען סאָפּראַדזשעטקעס, וואָס האָבען אַלע פּריווילעגיעס גלייך מיט די מענער:

דרש מר טרומפּאי, מר טרומפּאי האָט גע'דרש'נט: מותר לו לאדם לשהק בקאָרטען עם אשתו, א מענש מעג שפּילען אין קאָרטען מיט זיין ווייב, שנאמר: והנה יצחק מצחק את רבקה אשתו, ווייל אין פּסוק שטעהט יצחק האָט געשפּילט מיט זיין ווייב רבקה און מסתמא האָבען זיי געשפּילט אין קאָרטען. באשתו אמרו, קל וחומר באשת חברו, אז מען מעג שפּילען מיט אַן אייגענער ווייב, מעג מען מיט פרעמדע אודאי. ר' נעציל הלבלר אומר, ר' געציל דער שרייבער זאָגט: באשת חברו אסור משום דזשעלאוסי, מיט א פרעמדע נקבה טאָר מען ניט שפּילען אין קאָרטען, ווייל די ווייב וועט זיין דזשעלאָס.

ופּאָוקער מי משחק טבא הוא? איז דען פּאָוקער א גוטע שפּיל, והא תנן הרוצה לאבד מעותיו ישחק בפּאָוקער? מיר האָבען דאָך געלערענט, אז דער וואָס וויל איבערפיהרען זיין געלד זאָל שפּי־לען פּאָוקער? איז דאָך א קשיא אויף ר' קרתיאל און ר' גמבליאל וואָס זאָגען, אז פּאָוקער איז די בעסטע שפּיל? ענטפערט די גמרא: לא קשיא, הא בירוקים והא בצהובים. דאָס וואָס מיר זאָגען, אז פּאָוקער איז אַן איבוד ממון, שמועסט עס ביי גרינ־האָרנס, וואָס פאַרשטעהען ניט די געים און ר' קרתיאל און ר' גמבליאל שמועסען וועגען געלע, וואָס ווייסען ווי אזוי צו שפּי־לען, ווי אזוי צו בלאָפען און ווי אזוי צו מאַכען פאַלשע קאָרטען.

דרש ר' טשאַרלי בעל פּאָוקער, ר' טשאַרלי בעל פּאָוקער האָט גע'דרש'נט: הני חמשין ותרי קאָרטען כנגד מה? אנטקעגען וואָס זיינען דאָס פאַראַן צוויי און פופציג קאָרטען? כנגד חמשין ותרי שבועתא שבשתא, אנטקעגען די צוויי און פופציג וואָכען וואָס געפינען זיך אין א יאָהר. והני תליסר מינים כנגד מה? און די דרייצענערליי מינים פון א פּעשעל קאָרטען אנטקעגען וואָס איז דאָס? כנגד תליסר ירחי שתא, אנטקעגען די דרייצעהן חדשים פון יאָהר. והני ארבע שבכל מין ומין כנגד מה? און די פיר

וואָס אין יערען מין אנטקענגען וואָס איז דאָס? כנגד ארבע שבועתא שבירחא, אנטקעגען די פיר וואָכען פון א חודש.

מתקיף ליה ר' דזשאהן הפינקלאי, האָט איהם ר' דזשאהן דער פינאָקעל שפּילער א קשיא געפּרעגט: ומי איכא תליסר והרי תריסר נגהו? זיינען דען פאַראַן אין א יאָהר דרייצעהן חדשים, עס איז דאָך מעהר ניטאָ ווי צוועלף? אמר ליה, האָט ר' טשארלי בעל פּאָוקער צו איהם געזאָגט: והאיכא שנין מעוברין, עס זיינען דאָך פאַראַן עיבור יאָהרען וואָס צעהלען דרייצעהן חדשים. לפיכך, דעריבער, ווייל די קאָרטען זיינען מרמז אויף די חדשים און וואָכען פון יאָהר, דארף מען שטענדיג שפּילען אין קאָרטען סאַי חניכה, סאַי פּורים און סאַי אלע טעג פון א גאַנץ יאָהר. אבל חכמים אומרים, אָבער קלוגע און אנשטענדיגע מענשען זאָגען: אוי לו למי שמשחק בקאָרטען, אז אָך און וועה איז יענעם וואָס שפּילט אין קאָרטען, שאין לך דבר מגונה כקאָרטען, ווייל עס איז ניטאָ קיין פּאסקודנערע און ערגערע זאַך ווי זיין א קאָרטען שפּילער.

# הגדה לחנוכה נוסח אמעריקא

## סדר של חנוכה.

שלחן ערוך: מען גרייט דעם טיש מיט א נייע פעשעל קאר־מען, א פאר באקסעס מעטשעס אויף פאררויכערען סיגארעטלאך, א היבשע שיסעלע פאר די אש און מען זעצט זיך שפילען מתחילת הלילה.

מגיד: אויב מען האט א ווייב אן ארורה וואס לאזט ניט שפילען אין קארטען, זאגט מען איהר עפעס א תירוץ און מען געהט ערגיץ אנדערש זוכען קאמפאני.

יעכאץ: אויב מען קריגט ניט קיין פלאץ פאר א קערטעל נאהענט, פאהרט מען אוועק ווייט און מען מאכט א „געימקע".

מרור: אויב די פלונית'מע האט די דעה און לאזט ניט אוועקגעהן פון הויז, איז טאקי גאנץ ביטער.

מוציא: אין אזא פאל מוז מען געבאך יוצא זיין מיט שפי־לען פישע־פיישע מיט איהר אליין.

הלל: ווען מען קומט פון א „געימקע" ווען עס טאגט שוין און די אידענע שווייגט, דארף מען לויבען און דאנקען גאט.

כהא לחמא עניא, אזעלכע קבצניוקעס ווי הויזקעס אפערייי־טארס, בינלערס, פושקארט פעדלערס און קויהלען לייטע האקען אויך פאוקער אויף וואס די וועלט שטעהט, ניט נור אום חנוכה, נור אפילו אלע טעג און אלע נעכט פון א גאנץ יאהר, ווייל מען איז דאך עפעס אין אמעריטשקע, אין דער וועלט פון הפקר פעטריש־קע, וואו אלע זיינען בני חורין.

(קיינע קשיות פרעגט מען ניט, ווייל דא איז
פאראן איין תירוץ: „מיינד יור און ביזנעס").

עבדים היינו, אין דער אלטער היים איז מען געווען קנעכט, מען האט געהארפט מורא האבען און שעהמען זיך פאר לייטען צו שפילען אין קארטען; אבער דא האט מען קיין מורא און קיין בושה און מען קען געמבלען בראש גלי, וכל המרבה הרי זה משובח.

מעשה, עס איז געווען א מעשה אין א היימיש שטעדטעל, אז א יונגערמאן האט א חנוכה נאכט פארבראכט ביי א קארטען־טיש און געהייסען האט עס, אז ער איז געזעסען א „משמר" אין בית־המדרש. אין דער פריה ביים דאווענען האט מען איהם אויפ־גערופען צו דער תורה. האט ער אפגעמאכט די ערשטע ברכה און איז אנדרעמעלט געווארען. ווען דער בעל קורא האט אפגעלייענט די פאר פסוקים און איהם א טורזע געטאן ער זאל מאכען די צווייטע ברכה, האט דער באלעבעסיל זיך א כאפ געטאן ניט טויט, ניט לעבעדיג און א געשריי געטאן: „אהער די געלד, איך האב דריי טייז!" דער יונגערמאן איז נאכהער פאר בושה אנטלאפען פון שטעדטעל. דא קען אזא סבה ניט טרעפען, ווייל מען געהט ניט אין בית המדרש און מען האלט ניט פון קריאת שמע של שחרית.

אמר רבי געמבליעל, ר' געמבליעל האט געזאגט: הרי אני, איך בין דאך עפעס א קארטאזשניק פון דער היים, ולא זכיתי, און איך האב ניט געהאט די זכיה צו שפילען אזוי פיל אין קארטען ווי דא אין אמעריקא, וואו מען שפילט סאי ווינטער, סאי זומער, סאי טאג, סאי נאכט, שנאמר, אין פסוק שטעהט: והגית בו יומם ולילה, דו זאלסט מאכען „געימס" טאג און נאכט, עד ימות המשיח.

ברוך המקום, געבענשט זאל זיין דאס ארט וואס מען רופט אמעריקא, וואו „על הנסים" און חנוכה ליכט בענשען פארבוינגט מען און דער עיקר איז געמבלען, וואס מען פאנגט אן חנוכה און מען ענדיגט איבער־א־יאהר חנוכה, און ווען בנים זעהען ווי דער זיידע בענשט חנוכה־ליכט, פרעגען זיי די שאלת תם: „מה זאת, וואס דהי העל איז דהים?"

צא ולמד, געה לערן זיך אוים די קארטען שפיל, אויב דו קענסט עס ניט, ווייל אהן דעם ביזטו א „גרינהארן", א „קאיק" און דיין פלאץ איז ניט אין אמעריקא, נור אין גשן.

ברוך שומר, ברוך דער וואטשמאן, וואס נעכטיגט אין א שנייי־דער־שאפ, ווייל ער פארמאגט ניט צו צאהלען דירה־געלד, שפילט אויך פאוקער מיט שניידערלאך וואס פארקלייבען זיך דארט אלע נאכט. אצינד פגר'ט ער פון הונגער און האט ניט פארוואס צו קויפען א פאר סעקאנד העגדינע שיך אנשטאט וואס ער האט צו געווינען און ארויסנעהן ברכוש גדול.

ביד חזקת, אז מען האט א גוטע קארט איז מען שטארק ווי

שמשון הגבור און מען קען שפילען אפילו ביז טאָג. ובמורא גדול, זו גלוי אידענע, אז די אידענע קומט אריין און טרעפט דעם מאַן שפילענדיג פאָוקער ביי א שכן, כאפט דער מאַן א ציטער. ובאותות זה המטה, אז די אידענע קומט מיט א שטעקען אָדער מיט'ן ברום, דאַרף זיך דער מאַן אָפּטראָגען אפילו ווען ער האָט פיר אייסעס (מייז).

דבר אחר, ווען מען איז א דבר אחר און מען שפילט ווען מען קען ניט, אָדער מען קריכט מיט געלד געגען גוטע קאָרטען, ווערט מען געשלאָגען מיט א סך מכות. ר' שמערקע פאוקערמאַן היה נותן בים סמנים: דלות, אביונות, קבצנסטוואָ.

כמה מעלות טובות, א גוטער שפּילער האָט א סך מעלות. על אחת כמה וכמה, א פשיטא שוין, אז מען איז א גוטער שפּי־לער, און עס געהט א קאָרט און מען האָט מיטשפּילער וואָס לאָזען זיך „שינדרען", מאַכט מען ניט שלעכט און די אידענע זאָגט ניט קיין קרום וואָרט, ווייל ווען מען איז איהר כפצה מיט אַן אפּותיקו איז דאָס מכפר על כל עונותיו.

מרור זה, זעהר אָפּט אָבער איז דאָס געמבלען א ביטערע מעשה וואָס פארשאפט צרות אויפ'ן פוד, שנאמר, אין פסוק שטעהט: וימררו את חייהם, די קאָרטען פארביטערען דאָס לעבען, מען פאר־בלייבט א קבצן, א שלעפּער און מען קען צו זיך ניט קומען אפילו ווען מען ארבייט בפרך.

לפיכך, דעריבער, צוליב געמבלען, אנחנו חיבים, זוערט מען בעלי חובות להאגראָסערימאַן, להבוטשער, להמילך מאַן, להקויל מאַן, להלענדלאָרד, לגוטע ברידער און מען האָט איבערגעלעגטע צרות, ונאמר שירה חדשה, און מען זינגט שטענדיג א טרויערדינע לידעל און מען ליגט אין דער ערד מיט די ביינער, הללויה.

## ובכן ויהי בחצי הלילה.

כאַפּט זיך אויף א מיסים און זעהט אז איהר מאַן לערענט נאָך קליין ש"ס, מאַכט זי קולות אז מען הערט אזש אין גאַס, אָבער מען הערט איהם ווי דעם קאַטער, און מען „לערענט" מיט נרוים התמדה ווייטער, ויהי בחצי הלילה.

זיצען ווייבלאַך און גיסען נעבאַך טרעהרען, זיי וויינען און קלאָגען, וואָס וועט פון זיי ווערען, זייערע באַלעבעסלאַך פאר־

שפילען זייער לעצטען סענט, און עס איז ניטא ניט אויף ברויט, ניט אויף רענט, ויהי בחצי הלילה.

מען צופיים זיך שפילענדיג איבער א טויז, איבער א „פלאש" אדער א „פולע הויז", מען שרייט, מען ליארעמט: גזלנים, גנבים, מען רייסט זיך ארום אזוי ווי כלבים, ויהי בחצי הלילה.

## חד גדיא, חד גדיא!

פון געמבלען ווערט מען אפטמאל א פארברעכער, א גנב, א שווינדלער אדער א רויבער א פרעכער, און מען פארפאקט דערפאר אין חד גדיא.

ואתא, קומען לאיערס און מען „סאקט", ער גיט אוועק אלעס וואס ער פארמאגט, אבי מען זאל איהם ארויסנעהמען פון חד גדיא.

ואתא, קומט א דזשורי און ערקלעהרט איהם שולדיג, און ער מוז זיין שטראף איבערקומען געדולדיג, און אפטמאל שטארבען אין חד גדיא.

# מסכת לאַטקעס.

בכ"ד בכסלו משמיעין על הלאַטקעס. דעם פיער און צוואַנ־ציגסטען טאָג אין חודש כסלו זאָגען גוטע פריינד אָן איינע די אַנ־דערע, אַז מען זאָל קומען עסען לאַטקעס לכבוד חנוכה.

לאַטקעס בחנוכה מאי טעמא? פאַרוואָס דאַרף מען חנוכה עסען לאַטקעס? מפני שנס חנוכה גדול היה, ווייל די ווערטער „נס חנוכה גדול היה" באַטרעפט 262. רעכענט צו דעם צו נאָך אכט, אַנטקעגען די אכט טעג פון חנוכה, וועט עס צוזאַמען אויס־מאַכען 270 כמנין לאַטקעס, וויפיל דאָס וואָרט „לאַטקעס" באַ־טרעפט.

מאימתי מתחילין לאכל לאַטקעס בחנוכה? ווען פאַנגט מען אָן עסען לאַטקעס אום חנוכה? אמר רבי רעבתן, האָט רבי רעבתן געזאָגט: משעה שהקאָרטיאָזניקעס נכנסין לעשות פאָוקער, פון דער צייט ווען קאָרטען־שפּילער פאַנגען אָן שפּילען פאָוקער. מתיב רבי שחקן, האָט רבי שחקן אַ קשיא געפרעגט: מכדי קאָרטיאָזש־ניקעס אימתי מתחילין, ווען פאַנגען קאָרטען־שפּילער אָן צו שפּי־לען, משעת צאת הכוכבים, פון דער צייט וואָס שטערען צייגען זיך אין הימעל. האָט מען דאָך גלייך געקענט זאָגען, אַז מען דאַרף אָנפאַנגען עסען לאַטקעס פון דער צייט ווען שטערען געהען אויף? ענטפערט די גמרא: מלתא אגב אורחיה קא משמע לן, ער לאָזט אונז פאַר איין וועג וויסען, אַז די צייט פון אָנהויבען פויקען אין פאָוקער איז ווען עס הויבען זיך אָן צייגען שטערען, און אויב די לאַטקעס זיינען נאָך ניט פאַרטיג אָדער די באַלעבאָסטע מאַכט גאָר ניט קיין לאַטקעס, איז וועגען דעם קיין אָפּהאַלט.

מאי לאַטקעס? וואָס מיינט לאַטקעס? אמר רבי קאַרטיעל, האָט רבי קאַרטיעל געזאָגט, לעט כעס, פאַוואָליע מיט'ן כעס, ווייל חנוכה איז אַ כלל גדול אַז מען שפּילט אין קאָרטען און ביי קאָר־טען שפּילען ווערט מען אָפּטמאָל עקסייטעד, אויפגערעגט, איז דאָס אַ רמז, אַז מען זאָל איינהאַלטען דעם כעס, כדי עס זאָל ניט קומען צו סקאַנדאַלען. רבי חכמיאל אומר, רבי חכמיאל זאָגט: רמז.

לישראל, דאָס איז אַן אָנדייטונג אויף די אידען, שהם כבגד הנעשה טלאים טלאים, וואָס זיי זיינען אַזוי ווי אַ בגד וואָס איז צוזאַמענ־געשטעלט פון פאַרשידענע מינים לאַטעס, מפני שלאַטקעס תרתי משמע, ווייל לאַטקעס האָט צוויי באַדייטונגען: לאַטקעס וואָס מען עסט חנוכה און קליינע לאַטעס וואָס מען לעגט אויף אַ בגד.

פוק חזי, געה און זעה ווי דאָס פאָלק ישראל איז צוזאַמענגע־שטוקעוועט פון פילערליי מינים אידען: אָרטאָדאָקסען, רעפאָר־מער, סאָציאַליסטען, אַנאַרכיסטען, ציוניסטען, טעריטאָריאַליסטען, נאַציאָנאַליסטען, בונדיסטען און נאָך פאַרשידענע מינים איסטען. מיר זיינען עקודים, נקודים וברודים, געפלעקט און געלאַטעט אַזוי ווי יעקב אבינו׳ס שעפסען און מיר האָבען אַלערליי קאָלירען, און די לאַטקעס של חנוכה זיינען דערויף מרמז.

דרש רבי דין, רבי דין האָט גע׳דרש׳נט: מאי דכתיב, וואָס עס שטעהט אין פסוק פצע תחת פצע, אלו ישראל דאָס זיינען די אי־דען, וואָס זיינען אַ געלאַטעט פאָלק אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, שכן בארץ אמעריקא קורין ללאַטע פעטש, ווייל אין אמעריקא רופט מען אויף אַ לאַטע „פעטש".

כמה לאַטקעס חיב אדם לאכל בחנוכה? וויפיל לאַטקעס דאַרף אַ מענש אויפעסען מיט אמאָל אום חנוכה? רבי רעבתן אומר, רבי רעבתן זאָגט: הרי זה מדברים, שאין להם שיעור, דאָס איז פון די זאַכען וואָס האָבען ניט קיין שיעור און וואָס מעהר איז אַלץ בעסער. רבי אכלן הקטן אומר, רבי אכלן הקטן זאָגט: כל המוסיף גורע, דער וואָס עסט אַ סך לאַטקעס מאַכט זיך ערגער. ומעשה בחסיד אחד, עס האָט פאַסירט אַ מעשה מיט אַ חסיד, שהלך לקבל פני חברו בחנוכה, וואָס איז געגאַנגען צו גאַסט צו אַ פריינד אום חנוכה, ואכל שלשים ושש לאַטקעס כמנין נרות של חנוכה, און ער האָט אויפגעגעסען זעקס און דרייסיג לאַטקעס וויפיל ליכטלעך מען פאַרברויכט איבער גאַנץ חנוכה, חש בבטנו, האָט ער באַקומען בויך־וועהטאָג און איז אַ לאַנגע צייט געלעגען קראַנק צו בעט, פעם אחת בא חברו לבקרו, איינמאָל איז זיינער אַ פריינד געקו־מען מבקר חולה זיין איהם, נאנח אותו חסיד ואמר, האָט יענער חסיד געזיפצט און געזאָגט: סטייטש, עס שטעהט דאָך שלוחי מצוה אינם ניזוקין, די וואָס געהען צו אַ מצוה זאַך ווערען ניט ניזוק, און עסען לאַטקעס אום חנוכה איז דאָך אַ מצוה, למאי זשע

בין איך דערפון קראַנק געוואָרען? ענה חברו ואמר, האָט זיין פריינד געענטפערט און געזאָגט: כבר אמרו חכמים, די חכמים האָבען שוין לאַנג געזאָגט: „בחזירתן שאני", ודורשין אותו לשתי פנים, טייטשט מען דאָס אויף צוויייערליי אופנים. בחזירתן צו־ריקוועגס, עס הייסט, אז מען געהט צוריק פון א מצוה קען מען יאָ ניזוק ווערען, און בחזירתן, אז מען איז א חזיר און מען פרעסט צופיל, קען אויך פארשאדען אפילו ווען דאָס איז א סעודת מצוה.

דרש רבי חסדיאל, רבי חסדיאל האָט גע'דרשנ'ט: אסור לשחק בקאָרטען אפילו בחנוכה, מען טאָר ניט שפילען אין קאָר־טען אפילו אום חנוכה, מפני שאותיות קרטן בגימטריא שטן, ווייל די אותיות „קרטן" באַטרעפט אלץ איינס ווי דאָס וואָרט „שטן".

מתקיף ליה רבי נעמבליאל, האָט רבי נעמבליאל איהם א שטאַרקע קשיא געפרעגט: אם כן, אז יאָ אזוי, נימי דאסור לאכל לאַטקעס, זאָלען מיר זאָגען אז מען טאָר ניט עסען קיין לאַטקעס מפני שלאַטקעס בגימטריא רע, ווייל דאָס וואָרט „לאַטקעס" באַ־טרעפט אזוי פיל וויפיל דאָס וואָרט „רע" — שלעכט? קחייך רבי חסדיאל ואמר, האָט רבי חסדיאל געלאַכט און געזאָגט: שאני לאַטקעס, לאַטקעס איז עפּעס אנדערש, ווייל אויב די באַלעבאָסטע איז א בריה און זשאַלעוועט ניט קיין שמאַלץ און אייער, זיינען די לאַטקעס געשמאַק און גוט, ואין משגיחין, און מען קוקט ניט דערויף וואָס דאָר וואָרט „לאַטקעס" באטרעפט „רע" און מען מעג דאָס עסען ניט דוקא אום חנוכה, נאָר אפילו אלע טאָג פון א גאַנץ יאָהר

רבי צדקיאל כד הוי אכיל לאַטקעס של חנוכה היה אומר, ווען רבי צדקיאל פלעגט עסען די חנוכה לאַטקעס, פלעגט ער זאָגען: יהי רצון שיבנה בית המקדש, עס זאָל זיין גאָט'ס ווילען, אז דער בית המקדש זאָל געבויט ווערען און מיר זאָלען אלע זיין אין ארץ ישראל און עסען לאַטקעס געפּרעגעלט אין אמת'ען שמן זית, במהרה בימינו, אמן.

# א לשנה טובה קארד די ביימער.

לשנה טובה תכתבו!

מען בלאָזט אפילו ניט קיין שופר, מען עסט ניט קיין המוציא מיט האָניג, מען פארקויפט ניט קיינע שול טיקעטס, מען מאכט ניט קיינע „טאָרגעס" אויף עליות, מען שרייט ניט, מען ליארעמט ניט, חזנים דאווגען ניט, מען זאָגט ניט קיינע פיוטים, מען לייענט ניט קיין תחנות, מען געהט ניט צו תשליך, און עס איז פאָרט ראש השנה — א שטילער ראש השנה.

עס איז חמשה עשר בשבט, דער יעהרליכער ראש השנה לאילנות, דער יום הדין פון די ביימער, דער טאָג אין וועלכען די אומשולדיגע ביימער ווערען נע'משפט אזוי ווי מיר זינדיגע מענשען אין אונזער ראש השנה, און איך זאָג דאָס: „לשנה טובה תכתבו" צו די ביימער. זאָל אייך, ביימעלעך, גאָט אָנשרייבען א גוט יאָהר.

מיר דארפען זיי דאָס ווינשען, ווייל מיר געניסען פון זיי זעהר פיל. מיר עסען זייערע פרוכט און מיר האָבען הנאה. אפילו פון אומפרוכטבארע ביימער געניסען מיר אויך א סך. מיר בויען פון זיי הייזער, מיר מאכען פון זיי כלי בית און מיר ווארימען מיט זייער האָלץ אונזערע וואָהנונגען אין די קאלטע ווינטער טעג.

ווען עס איז א שטארקער פראָסט און די פענסטער ווערען פארפראָהרען, ווערען אויף די שויבען פיגורען פון ביימער. ווייסט איהר ווארום דאָס איז? ווען גאָט האָט באשאפען די וועלט האָט ער באשאפען פרוכט ביימער און פוסטע ביימער וואָס ברייגגען קיינע פרוכט. האָבען די פוסטע ביימער גע'טענה'עט צו גאָט: פון יענע ביימער וועלען מענשען עסען די פרוכט און וועלען הנאה האָבען: אָבער וואָס פאר הנאה וועלען די מענשען האָבען פון אונז?" האָט זיי גאָט געענטפערט: „עס וועט זיין אויף דער וועלט א ווינטער, וועלען מענשען מיט אייך הייצען און זיי וועלען פון דער ווארימקייט נאָך מעהר הנאה האָבען ווי פון די פרוכטען". דעריבער ווען עס ווערט שטארק קאלט, קומען די ביימער אונטער

די פענסטער און דערמאַנען די מענשען אויף גאָט'ס הבטחה, אז מען זאָל מיט זיי הייצען.

מיר דארפען גלאַט דאַנקען און לויבען דעם בורא, ברוך הוא, פאר דער ארט און ווייזע ווי אזוי ער האָט באשאפען די בוימער. ווי שעהן, ווי פרעכטיג זיי זיינען זומער צייט און ווי קונציג זיי וואקסען! ניט צו פארזינדיגען, מיר האָבען מיט אונזער מייסטער געטראָפען און דער גרעסטער קינסטלער קען ניט מאכען אזעלכע שעהנע, גוטע און וויגאָרנע זאכען ווי ער. עס איז אפילו אמאָל געווען א מלמד וואָס האָט מתרעם געווען אויף גאָט בנוגע צו דער באשאפונג פון פרוכט בוימער, אָבער ער האָט באלד חרטה געהאט. אָט האָט איהר די מעשה פון יענעם מלמד:

א מלמד איז אמאָל שבת בייטאָג נאָכ'ן טשאָלענט געלעגען בהרחבה אונטער אן עפּעל בוים. אונטען אויף דער ערד זיינען גע־וואקסען גרויסע קירבעסען. דער מלמד האָט אויפגעהויבען די אויגען ארויף אין דער הויך און האָט געשלונגען די שפייעכץ קו־קענדיג אויף די שעהנע, רויטע עפּעל וואָס זיינען געוואקסען אויפ'ן בוים. „רבונו של עולם" — האָט ער צו זיך אליין געזגאט — „דו האָסט דאָך באשאפען די וועלט מיט חכמה, אָבער איך פארשטעה ניט וואָס פאר א חכמה ליגט אין דעם וואָס עפּעל וואקסען אין דער הויך אויפ'ן בוים און די קירבעסען אויף דער ערד? ווען עס וואָלט געווען אָבער געווען פארקעהרט, ווען די קירבעסען וואָלטען גע־וואקסען אויפ'ן בוים און די עפּעל אויף דער ערד, וואָלט איך דאָך איצט געהאט א ריכטיגען עונג שבת, איך וואָלט מיר אזוי געלעג־גען און געביסען". איז אן עפּעל ארונטערגעפאלען און געטראָפען דעם מלמד פונקט אין נאָז און ער האָט דערזעהן די באָבע פון יענער וועלט. „אוי, אוי, אוי!" — האָט ער אויסגעשריען — „דו ביזט טאקי, גאָטעניו, פאָרט א חכם און איך דאנק דיר און איך לויב דיר פאר דעם חסד וואָס קירבעסען וואקסען ניט אויפ'ן בוים: ווארים ווען א קירבעס זאָל מיר חלילה ארונטערפאלען אין נאָז, וואָלט איך שוין פארבליבען א פאָנפעוואטער לעולם ועד".

יאָ, מיר דארפען דאנקען און לויבען דעם וואָס לעבט אייביג פאר די בוימער און תפלה טאָן צו גאָט, אז זיי זאָלען גוט וואקסען און די פרוכט בוימער זאָלען געבען זייערע פּירות. אָבער דער ראש השנה פון די בוימער געהט אָפּ שטיל, מען איז ניט מרעיש

עולם, מען מאכט ניט קיין שום טאַראַראַם, בלויז איין שטיקעל זכר איז פאַראַן אַז עס איז ביי די בוימער ראש השנה: אַנשטאָט וואָס זיי, די בוימער, האָבן געדאַרפט עסען אַן המוציא מיט האָניג, עסען מיר אין דיזען טאָג באָקסער.

אָבער ווען קאָן וויסען? אפשר זאָגען די בוימער אַליין פּיוטים און בעטען ביי גאָט אויף אַ גוטען „קוויטעל״? די וויסענשאַפט וויל האָבען אַז בוימער האָבען אין זיך עפּעס אַ חיות, קאָן דאָך מעגליך זיין אַז זיי טוען אפשר תפלה, לייענען תחינות און בלאָזען שופר אויף זייער שטייגער. אַז בוימער זאָגען אַלע טאָג שירה, קען דאָך זיין אַז אין זייער ראש השנה דאַוונען זיי שחרית און מוסף אויף אַזאַ אופן וואָס מיר מענשען קענען ניט באַגרייפען.

יאָ, מיר קענען דאָס גאַנץ שטאַרק גלויבען, און לאָמיר מיר אייך זאָגען, אַז אויב עס איז אַזוי, קומט די בוימער אַ גרויסער קרעדיט. ווייסט איהר פאַרוואָס? דערפאַר וואָס זיי מאַסקירען זיך ניט אין זייער ראש השנה אַזוי ווי מיר מענשען אין אונזער ראש השנה. ביי אונז פּראַוועט מען אָפּטמאָל ראש השנה פּורים־שפּיל, מען פּוצט זיך אויס אין טליתים, כאָטש אַ גאַנץ יאָהר האַלט מען דערפון ניט; מען קויפט עליות ניט פון מצוה וועגען, נאָר פון כבוד וועגען. מען דאַווענט, מען זאָגט תהלים עפּעס אַזוי ווי לכתחילה אַפּצונאַרען דעם רבונו של עולם. אָבער די בוימער זיינען אין זייער ראש השנה נאַקעט, ניט פאַרשטעלט, אָהן אַ שום מאַסקע. זיי וואַרפען פריהער אַראָפּ די בלעטער וואָס פאַרשטעלען זיי און זיי קומען מתפלל זיין פאַר גאָט אָהן אויסער־ליכע באַפּוצונגען, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען זאָגען: „אָט דאָס, גאָטעניו, זיינען מיר און אַזוי זיינען מיר, און דו משפּט אונז לויט אונזער ווערט, לויט ווי מיר האָבען ביי דיין ליבען נאָמען פאַרדינט״.

ווען די בוימער זאָלען קענען ריידען אויף אונזער לשון, וואָלטען זיי אין זייער ראש השנה געדאַרפט זאָגען פאָלגענדע תפלה:

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, ברך עלינו, מאַך דו אַ ברכה איבער אונזערע פּירות, ווייל אידישע קינדערלאַך האָבען פון זיי הנאה און ווילען קיין ברכה ניט מאַכען.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, באַשיץ אונז אַז

מען זאָל אונטער אונזער שאָטען ריידען דברי חכמה, אנשטענדיגע רייד און ניט חלילה נבול פה און פראוועןֿ לינקע ליבעס.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, באהיט און באשירם אונזערע ברידער וואָס שטעהען אין יאַרדס פון טענעמענט הייזער, אז מען זאָל זיי ניט מביש שטעלען און ניט וואַרפען אויף זיי קיין שמוץ און קיינע שמאַטעס.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, העלף אונז אז מען זאָל פון אונזער האָלץ מאכען שפּאציר שטעקלעך און ניט חלילה קיין קוליעס.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, בענטש אונז, אז מען זאָל פון אונז מאכען ארון הקודש'ן, „עץ חיים'ס“ צו ספרי תורות, שטענגלאך צו חופות, אָבער ניט חס ושלום ארונות פאר מתים.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, זעה אז מען זאָל פון אונז מאכען טישען, ביי וועלכע גאנצע פאמיליעס זאָלען זיצען און קיינער זאָל ניט אפגעריסען ווערען פאר דער צייט.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, מיר פארלאנגען פון דיר, אז מען זאָל פון אונז מאכען בעטען צום שלאָפען, שטו־לען צום זיצען און ניט חס וחלילה תליות צו הענגען מענשען.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, האָב אויף אונז רחמנות און זעה, אז אויף די בימה'ס וואָס מען מאכט פון אונזערע ברעטער, זאָלען ניט גע'דרשנ'ט ווערען קיינע שענדליכע דרשות און ניט פארגעשטעלט ווערען קיינע מיאוס'ע זאכען.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, טו אונז די טובה און זאָלען מאַנכע מלמדים און בעלי תפלה ניט צונעהמען אונזער רעפּיוטיישאָן מיט זייער הילצערנע עברי.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער, אונזער קעניג, טו מיט אונז חסד און אלע מענשען זאָלען זיין מענשען און עס זאָלען זיך ניט געפינען צווישען זיי קיינע פלעקער, ווייל דיזער טיטול באלאנגט נאָר צו אונז, ניט צו קיינעם.

אָט אזוי אונגעפעהר וואָלטען די בוימער געדאַרפט תפלה טאָן. אפשר ווען עס וועט מקוים ווערען דער „אז ירננו עצי יער“ וועט מען דאָס אויך זוכה זיין צו הערען.

# דער צר הצורר, דער לות.

(א מאָנאָלאָג פון א אידען).

מיין אידענע האָט שוין פארפליאסקעט די וואנד מיט נייע קאלענדארען פון יאהר 1920.

זי, די אידענע מיינע, איז עפּעס אזוי ווי פארליעבט אין קא־לענדארען און שטענדיג, ווי עס קומט ניי־יאהר, זוכט זי זיי אויס פון אונטער דער ערד. אויב זי ווייס נאָר פון א סטאָר, וואו מען טיילט קאלענדארען צו קאָסטאָמערס, מעג די סטאָר אפילו זיין פאר מיילען ווייט, לויפט זי אהין געבען צו לייזען פאר זאכען, וואס זי דארף גאָר ניט, אבי קריגען א קאלענדאר. א שנעון אזעלכער ביי איהר, און האָדיע!

און אחוץ וואס זי אליין איז אריינגעטאָן אין קריגען נייע קאלענדארען, הייסט זי מיר אויך, אז איך זאָל דיזע סחורה ברייג־גען. זי טרייבט מיך, אז איך זאל געהן צום קלאָדיער און העטער, וואו איך קויף מיין הלבשה און העטס, און נעהמען ביי זיי קאלענ־דארען. טאָמער זאג איך איהר, אז מען קריגט עס ביי זיי ניט, בייזערט זי זיך אויף מיר למאי איך האנדעל מיט אזעלכע, וואס גיבען ניט קיין קאלענדארען צום נייעם יאהר.

מיין אידענע האלט די קאלענדארען פאר א צירונג, פאר א באפוצונג צום הויז, און מיך שניידט אין הארצען, קוקענדיג אויף זיי. איך באטראכט דעם לות פאר א צר הצורר, פאר א שטילען, באהאלטענעם שונא, וואס טוט, דאכט זיך, קיינע שלעכטעס, אבער ער רייצט זיך מיט מיר אויף שטום־לשון און ער רייסט פון מיר אוים א שטיק נשמה.

א שמחה א גדולה, מען האָט אומגעענדערט דעם קאלענדאר פון 1919 אויף 1920! וואָס איז דאָ די שמהה, פרעג איך אייך? וואָס צייגט אייך דער נייער קאלענדאר מיט'ן ציפער 1920? ער צייגט אייך, אז איהר זייט שוין מיט א יאהר נעהענטער צום טויט; ער צייגט אייך, אז אייערע דערוואקסענע טעכטער, וואס האָבען

נאָך ניט קיין חתנים, זיינען שוין מיט א יאהר עלטער; ער ציינט אייך, אז די צייט, ווען אייערע קינדער וועלען אייך אָנהויבען פיינט האָבען, דערנעהענטערט זיך... איהר ווייסט גאנץ גוט, אז א מענש, א טאטע פון קינדער, כל זמן ער איז נאָך איינגער, איז נאָך טיאַק־טאַק, אָבער צו דער עלטער האָט ער ביי זיינע קינדער א פּנים אזוי ווי אן אלטע, אבגעניצטע שמאַטע. הייגט וואס־זשע איז דאָ אזוי דער גליק, אז מען הענגט אויף א נייעם קאַלענדאר אויפ'ן וואַנד?

מיר דאכט, אז מענשען וואָלטען פיעל גליקליכער געווען, ווען קיינע קאלענדארען אדער לוחות וואָלטען אויף דער וועלט ניט געווען. די צייט געהט דאָך סאי־ווי־סאי אועק אין די אייביגקייט, הייגט וואס וואָלט דאָס אימיצען געאַרט, ווען זי וואלט ניט געווען איינגעטיילט אין חדשים און יאָהרען? וואָס וואלט עס אימיצען געשאדט, אז די צייט זאל זיך ציהען כסדר גלייך, אָהן אן אנהויב און אָהן א סוף און מען זאל ניט וויסען קיין חשבון פון יאהרען? אָט וועל איך אייך ציינען, ווי די מענשהייט וואלט געווען פיעל בעסער אפּ ווען מיר וואלטען ניט געהאט דעם צר הצורר, דעם לוח.

מיין אידענע, למשל, האָט ערגעץ פארשריבען אדער זי געדיינקט אויפ'ן קאָפּ, וויפיעל יאָהר עס איז שוין נאָך איהר חתונה. זי גיט מיר שוין אנצוהעריניש, אז אינגיכען איה"ש וועט ווערען פינף און צוואנציג יאָהר זייט מיר זיינען פארהייראט. בכן, וואס זשע מיינט עס? דאס מיינט א זילבערנע חתונה אדער א סילווער וועדינג, ווי מען רופט עס דאָ, און דאָס שמעקט מיט א פּאָר דימענ־טענע אוירינגלאך אדער עפּעס אן אנדער שמאָכטע, וואס מען דארף אויף צעהן כּפּרות און קאָסטען קאָסט עס אָפּ א שלל מיט געלד. אָט די זילבערנע חתונה ליגט מיר שוין גוט אין זינען, און מיר דארט שוין דער מח, וואו נעמט מען געלד, אום איך זאל קענען ממלא זיין דעם רצון פון מיין אידענע, מיט וועלכע איך לעב בשלום און בין זעהר גערן, אז אונזער שלום זאל חלילה ניט געשטערט ווערען. ווען אבער ניט דער פארפלוכטער לוח, ווען מיר זאלען אָבער ניט האָבען קיין צייט רעכענונג, ווי מען רופט עס, וואלט מען פארשפּארט זילבערנע חתונות און גאלדענע חתונות און פּאר אונ־פארמעגליכע מענשען וואלט דאס ממש געווען א גליק.

ווען ניט דער לוח, וואָלט מען ניט געוואוסט פון דער צרה, וואס מען רופט „צרת הבת". דארף מען האָבען א גרעסערען צער און א גרעסערען עגמת נפש, ווי האָבען חלילה א טאָכטער אין יאהרען, וואס קען זיך קיין חתן ניט צוקלייבען, אדער די חתנים ווילען זיך ניט צוקלייבען? ווען א מיידעל פאָרט אריין עטליכע יאהר אין דריטען צענדליג און עס מאכט זיך ניט פאר איהר קיין שידוך, געהען טאטע און מאמע אום, שונאי ישראל, אָהן קעפּ. זיי וואלטען די לעצטע העמד פון זייער לייב אויסגעטאָן, אבי זייער קינד זאל ניט נערופען ווערען מיט דעם שענדליכען נאָמען „פאר־זעסענע". ווען קען דאָס משער זיין וואָס עלטערען נעבאך ליידען דערפון? ווען אבער מען זאל ניט וויסן דעם חשבון פון יאהרען, וואָלט אזא זאך ווי א „פארזעסענע" מיידעל ניט געווען און מען וואָלט פארשפּארט א סך עגמת נפש.

ווען ניט די צעהלונג פון יאָהרען וואָלט בכלל ניט געווען קיין יונג און קיין אלט. א בן שמונים וואָלט דאן געקענט חתונה האָבען מיט א מיידעל און קיינער וואָלט ניט געלאכט און קיין קרום וואָרט געזאגט. דער מין אלטער בחור וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען און קיינער וואָלט קיינמאָל ניט עובר געווען אויפ'ן „בן שמונה עשרה לחופה"...

ווען די צייט זאָל ניט זיין איינגעטיילט אין יאָהרען וואָלט ניט עקזיסטירט דער דין פון „בן שלש עשרה למצוות" און מען וואָלט פארשפּאָרט מוטשען יונגע קינדער מיט אן הפטורה, מיט ברכות און מיט ספּיטשעס... אפילו יאָהר־צייט פראווען נאָך טאטע און מאמע וואָלט מען אויך פארשפּארט און עס וואָלט געווען א לעבעדיגע וועלט...

היינט וויפיל וואָלט עס די מענשהייט פראָפּיטירט דערפון וואָס מען וואָלט פּטור געווארען פון יובילעאומס און יאָהרעס־פעסטען? ווי גוט און ווי וואויל וואָלט עס געווען, ווען מען וואָלט ניט גע־וואוסט פון די „האָלד אָפּניקעס" וואָס באַפאלען אונז מיט בילעט־לאך פאר יובילעאומס און יאָהרעס־פעסטען? מיר דאכט אז קיין בעסערעס ווי פּטור ווערען פון די דאָזינע אָנשיקעניסען קען גאָר ניט זיין. היינט דאָס ניודענען פון די „ספּיקערס" ביי די יובילע־אומס איז עפּעס א קלייניגקייט? איך דענק אז קיין ערגערע אפּ־קומעניש ווי דאָס קען שוין אפילו אין סאמע גיהנום אויך ניט

זיין. ווען אָבער ניט דער לוח, ווען מען זאָל ניט וויסען פון אזא זאך ווי יאָהרען, וואָלטען ניט געווען קיין יובילעאומס, קיין יאָהרעס־פעסטען און מען וואָלט פארשפאָרט ליידען און האָבען קיצור ימים פון אימיצענס יאָהרען...

אָדער לאָמיר, למשל, נעהמען אונזער כראָניק, אונזערע גע־שיכטליכע פארצייכנונגען, וואָס געפינט איהר דאָרט? אזוי פיל און אזוי פיל יאָהר זייט דעם ערשטען חורבן, אזוי פיל און אזוי פיל יאָהר זייט דעם צווייטען חורבן, אזוי פיל און אזוי פיל יאָהר נאָך דער הריגה אויף אידען, אזוי פיל און אזוי פיל יאָהר נאָך אַן אנדער הריגה, און אזוי דורכאוים רק צרות און צרות. ווען אָבער עס וואָלט איף דער וועלט ניט געווען קיין קאַלענדאר אָדער לוח; ווען די צייט וואָלט געגאַנגען איהר וועג כסדר און זיך ניט אפגעשטעלט ביי געוויסע פונקטען וואָס מען רופט יאָהרען, וואָלטען אפשר מאַנכע צרה'דיגע און פינסטערע געשעהענישען פון פאָלק ישראל פארגעסען געוואָרען און מיר וואָלטען יעצט געהאט וועניגער קינות צו זאָגען.

הכלל, רבותי, דער קאַלענדאר אָדער דער לוח איז ניט מעהר ווי א סטראשידלא, א שרעקענס געגענשטאנד, וואָס ווארפט אויף מיר א מורא, ווען איך דערזעה איהם א נייעם הענגענדיג אויפ'ן וואנט. איך זאָג אייך נאָך אמאָל, אז עס וואָלט פיל בעסער געווען אין כמה וכמה פרטים, ווען אָט די דאָזיגע פאפירענע אָנצייגער פון מאָנאטען און יאָהרען וואָלטען אויף דער וועלט ניט געווען.

איך בין א דם שונא די יעניגע, וואָס האָבען אויסגעטראכט דעם צר הצורר, דעם לוח.

# א פארבלאָנדזשעטע שלח־מנות.

עס איז פורים צו דער סעודה.

מאָטיע דער שניט־קרעמער, א שעהנער בעל הבית, און זיין ווייב פיינע, א באוואוסטע אשת חיל אין שטעדטעל, זיצען ביי א פיין געגרייטען טיש און סדר'ן די שלח־מנות וואָס זיי דארפען שיקען.

זיי זיינען ביידע פורים'דיג געשטימט, פרעהליך, לוסטיג, ווי פורים צו דער סעודה. פיינע שניידט חלקים טאָרט, לעקאך, שטרודעל און אנדערע געבעקס, און צוגרייטענדיג די שלח־מנות מאכט פיינע צו מאָטיען:

— פארשפילט היינט זלמן דעם וויין־מאכער'ס שלח־מנה. פארשפילט היינט זיין סעודה, אזוי ווי קיין זלמן דער וויין־מאכער וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געוועזן.

— איך דארף איהם אויף כפרות מיט זיין שלח־מנה און מיט זיין סעודה — ענטפערט מאָטיע — אזא גנב, אזא כל־בו'ניק, אזא מאשעניק! ווען ער שיקט מיר א שלח־מנה ווארף איך עס ארויס אין גאס. איך וויל איהם ניט קענען מיט זיינע שלח־מנות.

— עס, עס רעדט זיך נאָר אזוי — רופט זיך אָפּ פיינע — ווען ער שיקט אונז א שלח־מנה, וואָלט איך עס גאַנץ פיין צוגע־נומען און איהם אָפּגעשיקט צוריק א שלח־מנה און זאָל זיין שלום. ווי זאָגט מען עפּעס? בעסער צעהן גוטע פריינד איידער איין שונא.

— א כח אויף איהם אז איך זאָל מיט איהם שלום ווערען!

— צופלאקערט זיך מאָטיע — איך האָב כמעט א נדר געטאָן אז איך זאָל מיט איהם ניט רעדען כל זמן איך וועל לעבען. ווען איך זעה איהם אין גאס אָדער אין בית־המדרש מייד איך איהם אויס, ווייל איך וויל אין זיין טרפה'נעם פרצוף ניט קוקען.

— יאָ — זאָגט פיינע — גערעכט ביזטו טאַקי, אָבער אז יענער בעט איבער דארף מען זיך לאָזען איבערבעטען. גאָט איז אויך מוחל, ווען מען טוט צו איהם תשובה.

— גלייכער אז מען איז מיט אזעלכע מענשען פון דער־ווייטענס — איז מאָטיע איינגע׳עקשנ׳ט — ווארים היינט וועט ער דיר איבערבעטען און מאָרגען וועט ער דיר ווידער א ביס טאָן. איך האָב געזאָגט, אז איך וועל מיט איהם קיין מחזוקות ניט האָבען און איך וועל האלטען וואָרט. איך וועל מיט איהם קיינמאָל ניט שלום ווערען, ווען אפילו ער שטעהט פאר מיר אויף די קניע, ווען אפילו ער ציהט זיך אוים פאר מיינע אויגען.

— אפילו ערב יום כפור אויך ניט? — פרעגט פייגע מיט א שמייכעל.

— ניין! — ענטפערט מאָטיע האלב אויפגערעגט — אפילו ערב יום כפור אויך ניט, אפילו פאר זיין מיתה משונה אויך ניט.

אין די רייד קומט אריין אן אָרעם אינגעל מיט א טעלער איבערגעדעקט מיט א קלאָרע סערוועטקע אין האנד, געהט צו געהנ־טער צום טיש און מאכט אזוי:

— אָט דאָס האָבען אייך ר׳ זלמן דער וויין־מאכער און זיין ווייב דבורה געשיקט א שלח־מנה.

ביידע, אי מאָטיע, אי פייגע זיינען אויף א ווײַלע צומישט געווארען.

— פראווע ניט קיין געשעפטען — מאכט פייגע צו מאָטיע׳ן אויפ׳ן אויער — לאָמיר צונעהמען די שלח־מנה און לאָמיר זיי צוריק אָפשיקען א שלח־מנה און זאָל זיין אן ענדע צו דעם ברוגז. זעהסטו, מאָטיע, איך וואלט דיר קיינמאָל ניט געהייסען אז דו זאָלסט איהם איבערבעטען; אָבער אז ער בעט אונז איבער, דאַרף מען זיך לאָזען איבערבעטען.

מאָטיע איז ווייכער געווארען און האָט געפאָלגט זיין ווייב.

ווען דער אינגעל איז אוועק מיט דער שלח־מנה, האָט מאָ־טיע גענומען א גוטען טרונק בראנפען און רייבענדיג די הענד פאר שמחה האָט ער געזאָגט:

— ער וואָלט זיך א שעהן ביסעל אויסגעוואָרט אז איך זאָל איהם איבערבעטען. ער איז אָבער צום שכל געקומען און איינ־געזעהן אז ער האָט געגען אונז אן עולה געטאָן. ווייסטו וואָס, מיין ווייב? אָט לאָמיר צוגעהן צו איהם צו דער סעודה, אזוי ווי מיר פלעגען טאָן אלע פורים.

— דאָס ניט — ענטפערט פייגע — ער האָט אונז אפּנים גע־בעטען?

— די שלח־מנה וואס ער האָט אונז געשיקט — ענטפערט מאָטיע — איז שוין אזוי גוט ווי אן איינלאדונג צו דער סעודה. און ווידער דארף מען פורים ניט בעטען. גוטע פריינד געהען איי־נע צו די אנדערע אומגעבעטענערהייד. פארקעהרט מען דארף זיי ציינען אז מיר זיינען לייטישערע מענשען פאר זיי און מיר קענען שנעל מוחל זיין און פארגעסען וואס עס איז געוועזן.

פייגע האָט זיך געלאָזט איבעררעדען און אביסעל שפּעטער זיינען זיי אוועקגעגאנגען צו זלמן דעם וויין־מאכער.

---

אין דער זעלבער צייט, ווען עס איז פארגעקומען דער שמועס צווישען מאָטיע דעם שניט־קרעמער און זיין ווייב פייגע, זיינען זלמן דער וויין־מאכער, אויך א איד א בעל הבית, און זיין ווייב דבורה, א כוואטסקע און בייזע אידענע, געזעסען ביי דער סעודה און זיינען אויך געווען פורים'דיג געשטימט.

— פארזינדיגט היינט מאָטיע דעם שניט־קרעמער — מאכט זלמן צו זיין ווייב — שוין וויפיעל יאהר האָבען מיר איהם און זיין פייגען געהאט ביי דער סעודה? שוין אפשר א יאָהר צעהן.

— איך דארף זיי אויף סעם סאָט כפרות — ענטפערט דבורה — ווען זיי קומען אהער וואָלט איך זיי מיט א פּאָמוניצע אפּ־געגאָסען.

— אזוי ווייט וואָלסטו, דבורה, ניט געגאנגען — זאָגט זלמן — איך האָב זיי אויך פיינט און איך קען זיי ניט אָנקוקען. פון דעסטוועגען ווען זיי קומען ערשט אהער וואלט איך זיי צוגע־נומען פאר גוטע געסט. ווען יענע קומען מיך איבערבעטען איז נאָר אנדערע טענות און מען דארף ניט זיין אזוי שלעכט.

— ביזטו א גוטער! — רופט זיך אפּ דבורה האלב בייז — אבער איך האָב אן אנדער נאטור. אזעלכע פאסקודניאקעס, אזעל־כע דברים אחרים! זאל מיר אסור זיין, אויב מען מעג זיי א אין א אידיש הויז ארייןלאָזען.

— טאקי אלעם אמת — ענטפערט זלמן — פון דעסטוועגען ווען יענער קומט און זאָגט: חטאתי", דארף מען איהם מוחל זיין. איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, אז מיר בענקט זיך אביסעל ניט נאָך

מאַטיען און פייגען. עפּעס פעהלט די פרעהליכקייט פון די אמאָליגע פּורים'דיגע סעודות. דו געדענקסט ווי מאַטיע פלעגט אויסטריג־קען א פּאָר גלעזלאך ווײַן און פלעגט זיך מאכען משוגע?

— זאָל ער משוגע ווערען טאקי אויף אן אמת און מען זאָל איהם צונעהמען אין א דול הויז — מאכט דבורה — מיר איז צעהן מאָל פרעהליכער אָהן איהם ווי מיט איהם. אלץ הייסט ביי דיר א שמחה! האָבען א שונא אין שטוב איז ביי דיר אויך א שמחה.

אין די רייד הערט מען א קלאַפּ מיט'ן טיר אין קיך. די דינסט קומט אריין און זאָגט: מאַטיע דער שניט־קרעמער און מאַטיע־כע זיינען געקומען.

דבורה הויבט זיך אויף פון איהר אָרט אזוי ווי א שלאנג זאָל איהר א ביס טאָן.

— שאַ! — מאכט זלמן — זיי ניט, דבורה, אזוי צוהיצט און מאך ניט קיין בארוואריעס. איך האָב דאָך נאָר געוואלט אז זיי זאָלען קומען אונז איבערבעטען און אז זיי האָבען שכל געהאט און געקומען, לאָמיר זיי איינרופען און זאָל זיין — שאַ.

דבורה איז ווייכער געווארען און האָט איינגעשטימט מיט איהר מאן.

מאַטיע און פייגע האָבען ניט געווארט ביז מען וועט זיי רו־פען. זיי זיינען גלייך אריין אין עס־שטוב מיט א ברייטען „גוט יום טוב" און די מענער און די ווייבער האָבען זיך ארומגעכאפּט אזוי ווי אלטע גוטע פריינד.

— לאָמיר פארגעסען וואס עס איז געוועזן — האָבען מאַטיע און פייגע געזאָגט — לאָמיר צוריק זיין שלום אזוי ווי אמאָל. צו וואס קריגען זיך? צו וואס ברוגז זיין? פע!

— ווער קריגט זיך דען? ווער איז דען ברוגז? — האָבען זלמן און דבורה געענטפערט — געהט צום טיש און לאָמיר זיך משמח זיין לכבוד פּורים.

די געסט זיינען געגאנגען צום טיש און מען האָט צוזאמען גע־געסען, געטרונקען, געזונגען, געטאנצט, זיך געקושט און זיך נאריש געמאכט ביז שפּעט אין דער נאכט. מען האָט זיך צושיידט אזוי ווי אלטע גוטע פריינד און אי מאַטיע און פייגע, אי זלמן און דבורה זיינען געוועזן צופרידען מיט זייער נצחון.

אין שמערטעל האבען אלע געוואוסט, אז מאטיע דער שניט־קרעמער און זלמן דער וויין־מאכער, די אמאליגע גוטע פריינד, זיי־נען זייט איינינגע מאנאטען אויף שטעך־מעסערס און זיי וואלטען איינע די אנדערע אין א לעפעל וואסער דערטרונקען. עס איז דע־ריבער ביי אלעמען געווען א חידוש, ווען מען האט אויף מארגען, שושן פורים אין דער פריה, געזעהן ווי זיי האבען זיך איינע די אנדערע אפגעגעבען „גוט מארגען" אין בית המדרש און האבען פאר'ן דאווענען פריינדליך געשמועסט.

נאכ'ן דאווענען געהט צו יאנקעל דער דאמסקער שניידער צו מאטיע דעם שניט־קרעמער און פרעגט איהם:

— וואס, ר' מאטיע? שלום געווארען מיט זלמן'קען? מזל טוב אייך. זאל זיין מיט גליק.

— וואס איז שייך שלום געווארען? — ענטפערט מאטיע ישטאליץ — ער האט מיך איבערגעבעטען, האב איך איהם מוחל געווען.

— איך פארשטעה, — גיט איהם יאנקעל דער דאמסקער שניי־דער א חניפה — אז ער האט אייך איבערגעבעטען. וואס דען? איהר האט איהם איבערגעבעטען? איך האב דאך שטענדיג געזאגט אז ער איז אומגערעכט געגען אייך אזוי ווי א גוי. איך האב דאס איהם אין די אויגען אויך געזאגט. וואס מיינט איהר, איך שעהם זיך פאר איהם? האט ער, הייסט עס, זיך ארומגעזעהן אז ער האט געזינדיגט און ער האט תשובה געטאן.

— נאך ווי! — ענטפערט מאטיע נאך מיט מעהר גאוה.

— זעהר גלייך האט ער געטאן — ענטפערען נאך עטליכע בעלי הבתים וואס האבען צוגעהערט דעם שמועס. אז מען באנא־רעשט זיך דארף מען זעהן כאפען צוריק.

יאנקעל דער דאמסקער שניידער איז אוועק פון מאטיע דעם שניט־קרעמער און איז צוגעגאנגען צו זלמן דעם וויין־מאכער. די אנדערע בעלי הבתים זיינען איהם נאכגעגאנגען.

— מזל טוב אייך, ר' זלמן — מאכט יאנקעל — על פי יושר האט איהר לכבוד שושן פורים געדארפט פארבעטען דעם עולם אויף וויין.

— וואס איז מיט אייך די שמחה? — פרעגט זלמן.

— אַט דאָס איז מיט מיר די שמחה, ענטפערט יאנקעל, וואס איהר זייט שלום געוואָרען מיט מאַטיען.

— דער וואס פארשפּילט, רופט זיך אָפּ זלמן מיט א שטאָל־צע מינע, דער דארף צאָהלען קנס. ווער האָט וועמען איבערגע־בעטען, איך איהם צי ער מיר? ער איז גאָר אומגעריכט ארייגגע־פאַלען מיט זיין ווייב צו מיר צו דער סעודה און זיי האָבען מיך מיט מיין ווייב איבערגעבעטען. נו, אזוי פיל שלעכט קען מען שוין ניט זיין. האָבען מיר זיך געלאָזט איבערבעטען. געהט מאָהנט ביי איהם, אז ער זאָל געבען משקה.

— זאָגען זאָגט אפילו מאַטיע, רופט זיך אָפּ יאנקעל דער שנייי־דער, אז איהר האָט איהם איבערגעבעטען. אָבער איך וויים אז עס איז ניט אמת. איהר האָט איהם עפּעס שלעכטעס געטאָן, וואס איהר האָט איהם געדארפט איבערבעטען? איך וויים ניט אויב עס איז פראן איינער וואס האָט געהאַלטען מיט איהם. ווער וויים דאָס ניט, אז איהר זיינט גערעכט געוועזן?

— פּטור, נו, — רופען זיך אָפּ א פּאר אידען, — אודאי האָט ער אייך געדארפט איבערבעטען. עס איז נאָך א גוטסקייט פון אייך וואס איהר האָט זיך געלאָזט איבערבעטען. אַן אנדרערער אויף אייער פּלאַץ וואָלט איהם פון שטוב ארויסגעוואָרפען.

דערווייל האָט מאַטיע דערהערט דעם שמועס און ער איז צו־געלאָפען אַן אָנגעצונדענער.

— איך האָב דיך איבערגעבעטען, אדער דו מיך? — האָט ער זיך צופלאַקערט, — ווער האָט וועמען געשיקט א שלח־מנה, איך דיר, אָדער דו מיר?

— איך דיר א שלח־מנה? — ענטפערט זלמן מיט א לשון בתמיה, — דו מוזט מיינען פאר־א־יאהרען. ליגנער! שקרן! כזבן!

— דו ביזט אליין א ליגנער און א שקרן און א כזבן — האָט מאַטיע געליאַרעמט — האָט איהר געהערט אויף אייער לע־בען? א מענש זאָל אין די אויגען ווערען אפּלייקענען! אזא גרויסע מכה מיינע שונאים וואס פאר א גרויסע שלח־מנה דו האָסט מיר געשיקט.

— אדרבה, שווער אַז איך האָב דיר געשיקט א שלח־מנה.

— אזוי ווי איך שטעה אין א מקום קדוש, אזוי ווי מיר האָ־

בען חיינט שושן פורים אויף דער וועלט, אזוי האָט ער מיר גע־שיקט א שלח־מנה!

— אידען ער איז א פאַלש־שבועה'ניק, אן אפיקורוס, א משומד, א הולטאַי, א לאַידאַק! — האָט זיך דער וויין־מאכער צוהיצט — סם א ביסעל וואלט איך איהם געשיקט, ניט א שלח־מנה! זאָל איך ניט דערלעבען מארגען אויב ער זאגט אמת! ער איז פשוט געקומען מיט זיין ווייב, די ימח־שמו'ניצע, צו מיר אין שטוב און אונז איבערגעבעטען.

— דו בילסט ווי א כלב! — האָט דער שניט־קרעמער אויס־געשריען און א שפיי געטאָן מיט פאראכטונג.

— דו ביזט אליין א כלב, נאָך ערגער ווי א כלב!

— היט, זלמן, דיין קאַלטונאָוואטע באָרד, ווארום איך פליק זי באלד אויס!

— היט, מאָטקע, דיינע חינטישע צייחן ווארום איך קלאַפּ זיי באלד אויס.

און אין די רייד האָבען שוין די צוויי נאָר וואָס שלום געווארע־נע אָנגעהויבען צייגען קולאקעס און ווען מען וואָלט זיי ניט אָפּ־געהאלטען, וואלט זיך אין בית המדרש אָפּגעשפּילט א פיינע פורים־שפּיל.

---

עס האָט זיך נאָכהער ארויסגעוויזען, אז דער פורים אויף דער נאכטיגער שלום און די שושן פורים אין דער פריהיגע מחלוקת איז געקומען דערפון וואס זלמן דעם וויין־מאכער'ס א שלח־מנות האָט פארבלאָנדזעט ניט אין ריכטיגען פּלאַץ. די מעשה איז אזוי געוועזן:

זלמן דער וויין־מאכער האָט געשיקט א שלח־מנה צו מאָטיע דעם אייזען־קרעמער, זיינער א שטענדיגער ידיד, ניט צו מאָטיע דעם שניט־קרעמער. האָט אָבער דער שלח־מנות טרעגער א טעות געהאַט און האָט אוועקגעטראָגען די שלח־מנה צו זלמן'ס שונא — צו מאָטיע דעם שניט־קרעמער. ווען די שלח־מנה זאָל ניט געווען פארבלאָנדזען, וואלט צו קיין זאַך ניט געקומען און די בעלי מחלוקת וואלטען פארבליבען ביי זייער ערשטען רוגז.

# ילקוט פורים.

דרש רבי רעבתן, רבי רעבתן האָט גע׳דרשן׳ט: מאי דכתיב, דאָס וואָס שטעהט אין פסוק: ידיו גלילי זהב ממולאים בתרשיש, די הענד זיינען גאָלדענע וואַלצען אָנגעפילט מיט תרשיש; בשבחן של בנות ישראל הכתוב מדבר, דער פסוק רעדט דאָ וועגען די שבחים פון אידישע טעכטער; שמקטפות בידיהן ועושין מעשי אופה לכבוד סעודת פורים, וואָס וועלגערען טייג מיט זייערע גאָלדענע הענטעלאך און מאַכען אַלערליי געבעקסען לכבוד די פרום׳דיגע סעודה.

מאי ממולאים בתרשיש? — וואָס מיינט מען אָנגעפילט מיט תרשיש? אלו ההמן טאַשען, השטרודעלס והפלאָדענס, דאָס זיינען די המן־טאַשען, שטרודעלס און פלאָדענס וואָס זיינען אָנ־געפילט מיט מאָהן, ראָזשינקעס, טרוקענע יאַגדעס און אַנדערע גוטע זאַכען.

הפרוש הכאַנדריקעוואי דרש, דער כאַנדריקעווער פרוש האָט גע׳דרשן׳ט. מאי פורים? — פאַר וואָס רופט מען דעם יום טוב פורים? על שם הפוריא, צוליב דער בעט אויף וועלכער דער מלאך האָט המן׳ען ארויפגעשטופט; שנאמר, אין פסוק שטעהט: והמן נפל על המטה, המן איז געפאַלען אויף אסתר׳ס בעט, און ווען ניט די דאָזיגע קעניגליכע בעט, וואָלט אסתר קיין מלכה ניט געווען, עס וואָלט קיין נס ניט געווען און מיר וואָלטען, ושונאי ישראל, געהאַט א פיינ ניט א פורים.

רבי רעבתן ורבי שכרן הוי יתבי בסעודתא דפורים, רבי רעבתן און רבי שכרן זיינען געזעסען ביי דער פורים׳דיגער סעודה, פתח רבי רעבתן ואמר, האָט רבי רעבתן אָנגעפאַנגען און געזאָגט: מצוה לאכל קרעפלך בפורים: עס איז א מצוה צו עסען קרעפלאך אום פורים; מפני שהקרעפלאך ממולאים בבשר, ווייל קרעפלאך זיינען אָנגעפילט מיט פלייש; זכר לוימלא המן חימה, איז עס אן אָנדענקונג דערויף וואָס המן איז אָנגעפילט געוואָרען מיט צאָרן; ולא עוד, אלא שגם בערב יום הכפורים ובהושענא רבה מצות לאכל

קרעפלאך, און ניט נאר דארף מען אום פורים עסען קרעפלאך, נאר אום ערב יום כפור און הושענא רבה דארף אויך דער דא־זיגער מאכל ניט פעהלען אין קיין אידישער הויז. זה הכלל, דאס איז דער כלל: ביומא דאית ביה הכאה אית ביה קרעפלאך, אין די טעג וואס מען שלאגט, עסט מען קרעפלאך; וסימנך „הכה", און אום מען זאל ניט פארגעסען ווען מען דארף מאכען קרעפלאך, זאל מען זיך דערמאנען אן ווארט „הכה" — שלאגען, וועלכער מאכט: המן, כפרות, הושענות.

נער ביה רבי שכרן בנזיפה, האט זיך רבי שכרן אנגעבייזערט אויף רבי רעבתן ואמר, און ער האט געזאגט: לא מכלי מעלי, אלא משתי מעלי; ניט עסען איז אום פורים דער עיקר, נאר דאס טרינקען; שנאמר, אין פסוק שטעהט: שתו ושכרו דודים, טרינקט און שכור'ט ברידער; וסמיך ליה: קול דודי דופק, און נאכדעם שטעהט: מיינע אידעלאך קלאפען המן'ען.

דרש רבי שתין, רבי שתין האט גע'דרשן'ט: נח הצדיק זכה שיזכר שמו במגילה, נח הצדיק האט זוכה געווען אז זיין נאמען זאל דערמאנט ווערען אין דער מגילה; שנאמר, אין פסוק שטעהט: ונוח בארבעה עשר. ומפני מה זכה לאותה גדולה? — מיט וואס האט ער עס פארדינט אזא גדולה? מפני שהיה אבי השכורים, ווייל ער איז געוועזן דער פאטער פון שכורים.

מתקיף ליה ר' שכרן, האט ר' שכרן א קשיא געפרעגט: וחרי לוט נמי היה אבי השכורים? לוט איז דאך אויך געוועזן פון די שכורים הראשונים, היינט פאר וואס האט ער ניט זוכה געווען, אז זיין נאמען זאל דערמאנט ווערען אין דער מגילה? אמר ר' שתין, האט ר' שתין געזאגט: מפני שלוט לא היה שכור גמור, ווייל לוט איז ניט געווען קיין ריכטיגער שכור; שנאמר, אין פסוק שטעהט: ומצות אפה ויאכלו, לוט האט געבאקט קיכ־לאך און זיי האבען געגעסען; וגמירא, און מיר האבען א קבלה, אז פיאניצא זאקוסקי ניע אופאטרעבליאעט, א ריכטיגער פי־תמיד'ניק דארף ניט קיין צובייסען.

תניא, מיר האבען געלערענט: יכול אדם לאנס את אשתו, א מענש קען צווינגען זיין ווייב; לדבר אתו ולקללו בלשונו בפורים, אז זי זאל מיט איהם ריידען און איהם שילטען אויף זיין שפראך אום פורים. אם הוא ליטוואק והיא גאליציאנית, אויב

ער איז א לימוואק און זי א גאליציאנערקע; כופה אותה עד שתאמר, צווינגט ער איהר, זי זאָל זאָגען: „א חלאת דיר אין פופיק", אָנשטאָט „אין פיפיק". „דו זאָלסט ניט דערלעבען" אָנשטאָט „די זאָלסט נישט דערלעיבען". „זאָלסט פגר'ן" אָנ־שטאָט „פאַיגערען" וכו', און אזוי ווייטער; שנאמר, ווייל אין פסוק שטעהט: ומדבר כלשון עמו, די פרויען דארפען ריידען אויף זייערע מענער'ס לשונות.

תנו דביה פי־תמיד, די חברה פי־תמיד האָבען געלערענט: בלנים וסוחרי חלב, בערערס און מילך־הענדלער; אָסור לצרפן לסעודת פורים, טאָר מען ניט מצרף זיין צו א פורים'דגיע סעודה מפני שמתפרנסין מן המים, ווייל זיי מאַכען א לעבען פון וואסער; ומים בסעודת פורים מוקצא מדאוריתא, און וואסער אום פורים איז מוקצא מן התורה; שנאמר, אין פסוק שטעהט: ועשה אותו יום משתה, דעם פורים האָט מען געמאַכט פאַר א טאָג פון משתה; ואין משתה אלא יין, און משתה מיינט מען וויין און שנאפס, משקאות פון וועלכע מען ווערט שכור; שנאמר אין פסוק שטעהט: שתו ושכרו, טרינקט און ווערט שכור.

מתיב רבי פיאניאל, האָט רבי פיאניאל א קשיא געפרעגט: והרי רבי שתין ורבי שכרן ורבי שמערקע סוחר חלב הוי יתבא בסעודת פורים וקשתיא בהדדי? — סטייטש? רבי שתין מיט רבי שכרן זיינען דאָך אליין געזעסען ביי דער פורים'דיגער סעודה צוזאמען מיט שמערקע דעם מילך־מאַן? — הוא מותיב והוא מפרק, רבי פיאניאל האָט אליין געפרעגט די קשיא און אליין פאַר־ענטפערט: שאני ר' שמערקע סוחר חלב, שמערקע דער מילך־מאַן איז עפעס אנדערש; אף על פי שהיה מתפרנס מן המים, כאָטש ער האָט געמאַכט א לעבען פון וואסער; היה שכור כלוט כל ימות השנה, איז ער געווען שכור ווי לוט א גאַנץ יאָהר; עד דלא ידע להבחין בין שפרינצע דביתהו ובין הסוסיא שלו, און פון שכרות האָט ער ניט געוואוסט צו אונטערשייעדן צווישען זיין פלונית'טע שפרינצע אן זיין קליאטשע און ער פלעגט איהר (שפרינצען) אלע מאָל אונטער'מקל'ן מיט'ן בייטש.

# מגילת אסתר פון באָקענוויל.

## א.

ויהי בימי — און עס איז געווען אין די צייטען ווען די גאנצע דעה איז געווען ביים מאנסביל, הוא דאָס איז דער מאנס־ביל, וואָס איז שטענדיג געווען דער קנאַקער און געפיהרט די גרענדע ביד רמה.

בימים ההם, אין יענע צייטען האָבען זיך די ווייבער פון אמעריקא ארומגעזעהן אז זייערע נשמות זיינען אויך ניט קיין ראָזשינקעס און זיי האָבען אָנגעהויבען קעמפיינעווען פאר פרויען רעכטע. די סאָפריידזשעטס אידעע האָט זיך ביסלעכווייז פארשפרייט פון אטלאנטיק ביז פאַסיפיק און עס איז געוואָרען א הייסער קאמף.

גם — אויך די ווייבער פון באָקענוויל האָבען איינגעזעהן, אז זיי האָבען ניט גענוג רעכטע און זיי ווערען געקריוודעט פון זייערע מענער.

ביום השביעי — שבת נאָך וואָרעמעס האָבען זיך ווייבער צוזאַמענגעקליבען נעבען א סטוב און האָבען אָנגעהויבען שמועסען מכח זייער דאָליעס. יעדע איינע האָט אויסגערעדט איהר הארץ און אסתר די שוסטערקע, א ווייבעל א קאָזאַק, האָט פאר זיי גע־האַלטען א ספּיטש.

להביא — „מיר דארפען זעהן ברענגען די ווייבערשע גאולה", האָט זי געזאָגט, „און מאכען די מענער פאר אוים קנאַקערס. לאָמיר זיי ציינגען אז מיר זיינען אויך ניט פון די צוויי פאר א גראָשען. איך בין די ערשטע וואָס וועל זיך א נעהם טאָן צו מיינעם און איהר, ווייבערלאך, זאָלט מיר נאָכטאָן".

ותמאן — אויף מאָרגען, אז איציק דער שוסטער, אסתר'ס מאן, האָט איהר געהייסען קאָכען וואָרעמעס, האָט זי ניט גע־וואָלט, און איהם ערקלעהרט, אז ער איז אוים פריץ, אז פון היינט און ווייטער זאָל ער טראָגען דעם פארטוך און זי וועט טראָגען די הויזען.

ויקצף — איז איציק אין כעס געווארען און די יוכע האָט אין איהם געברענט.

והקרב — האָט זיך איציק אַן עצה געהאַלטען מיט נאָהענטע שכנים, מיט בעריל, שמעריל, מענדיל, געטציל, שעפּסיל, פּייוויש, יאָשקע, די זיבען הויפּט בעלי הבתים פון באָקענוויל.

כדת מה לעשות — וואָס זאָל ער טאָן מיט זיין ווייבעל וואָס האָט גענען איהם רעוואָלטירט און וויל איהם אפילו דעם קרופּניק נים אָפּקאָכען.

ויאמר — האָט יאָשקע דער דזשאָנק־פּעדלער געזאָגט: „באי גאַלי, דאָס איז דאָך אַ ביטערער עסק. דאָס קען אַמאָל אויס־וואקסען אַ צרה אויף אונז אַלעמען און מיר זיינען קאַפּוט מיט די ביינער.

כי יצא — וואָרום עס וועט ארוים אַ קלאַנג, אַז דיינע האָט אַנגעטאָן די הויזען, וועלען אונזערע ווייבער אונז אַלעמען מאכען פּאר לעמעשקעס, וכדי בזיון — און דאָס איז דאָך אַ שעים, אַז מיר זאָלען זיך לאָזען שפּייען אין דער קאַשע.

אם — אויב דיר וועט געפעלען זיין מיין עצה, גיב איהר אַז דער רוח זאָל איהר נעהמען. טו אַזוי ווי איך טו מיט מיין קליאטשע. ווען זי הויבט איהרע הינטערשטע פיס, דערלאַנג איך איהר מיט׳ן ביימש און זי ווערט ביי מיר רוהיג.

ונשמע — און אַז אנדערע ווייבער וועלען דאָס דערהערען, וועלען זיי מורא האָבען אויפהויבען די קעפּ און וועלען זיין שטיל ווי צוציקלאך״.

וייטב — איז איציקען די עצה געפעלען געוואָרען און ער האָט באשלאָסען צו טאָן ווי יאָשקע האָט איהם געהייסען.

## ב.

אחר הדברים האלה — נאָך דעם פאָרינגען שמועס, האָט איציק דער שוסטער געוואָלט מאכען שהחינו איבער אַ קאַפּול אויף אסתר׳ס קאָפּ, אָבער זי האָט איהם צוקיילט און צובײלט און געמאַכט אַ פּאָר בלאָהע אויגען.

ויאמרו — האָבען חברה געלאכט און געאָזגט אַי ער איז אַ יאַלד, אַ פאַנטאָפּעל מאַן, וואָס איז נים ראוי אַז מען זאָל איהם רופען מאַנסביל.

והנערה — און יעדע מיידעל און ווייבעל האָבען געפּאַטשט בראַוואָ און געלויבט דער שוסטערקע פאַר איהר העלדישקייט. דאָס האָט פאַרשטאַרקט דעם ווייבערשען לאַגער און די מענער האָבען עס אָנגעהויבען פיהלען.

איש יהודי — איז אין באָקענוויל געווען אַ אידעל, פּייווקע דער בוטשער, וועלכען מען האָט געהאַלטען פאַר אַ גרויסען חכם. ויהי בהשמע — און אַז ער האָט דערהערט וואָס אין שטעדטיל טוט זיך, האָט ער זיך גענומען אריינלעגען אין אַ שלום צווישען דעם שוסטער און דער שוסטערקע, כדי זי זאָל ניט ספּאָילען אַלע ווייבער.

ובכל יום ויום — און טאָג טעגליך פלעגט דער בוטשער קומען צום שוסטער אַלס רודף שלום'ניק, אָבער אסתר האָט איהם חושד געווען אַז ער וויל מיט איהר גלאַט פאַרברייגגען.

לא הגידה אסתר — אסתר האָט קיינעם קיין מעשיות ניט דערצעהלט און האָט געוואַרט אויף אַ צייט, ווען זי וועט זיך מיט איהם קענען אָפּרעכענען ווי געהעריג איז.

ובהגיע תר — און ווען עס איז געקומען אמאָל אַ צייט, האָט זי איהם דערלאַנגט מיט אַ קאַפּול איבער'ן קאָפּ און געלעכערט דעם מח.

ויעש — האָט זיך פּייווקע דער בוטשער נעשעמט אויסזאָגען דעם אמת. האָט ער זיך געמאַכט נע'פּגר'ט און דערצעהלט אַ מעשה, אַז ער איז געפאַלען און געמאַכט אַ לאָך אין קאָפּ. אָבער אין הארצען האָט ער געשוואָרען ראַכע.

ובהקבץ — און אַז בעלי הבתים זיינען צוזאַמענגעקומען אין בית המדרש, האָט פּייווקע דערצעהלט, אַז די אסתר די שוסטערקע איז אַ געוואַלדיגע חצופה און זי וועט אַלע ווייבער ארויספיהרען אויפ'ן שמד. ער האָט דעריבער געראַטען, אַז מען זאָל איהר ארויסטרייבען פון שטעדטעל און פּטור ווערען פון אַ צרה.

ויודע — האָט זיך אסתר דערפון דערוואוסט און זי האָט ביי זיך געטראַכט: דאָס פלעכסטו זיך אַ שטריקעל פאַר דיין איינענער תליה.

ג.

אחר הדברים האלה — נאָך דער ראָזינער מעשה, האָט זיך פּייווקע דער בוטשער גענומען אָרגאַניזירען די מענער פאַר אַן

אָפּענער מלחמה געגען די ווייבער בכלל און געגען אסתר דער שוסטערקע בפרט.

וכל — און אַלע ווייבער און ווייבלאַך פון באַקענוויל זיינען דורך אסתר'ן אָרגאַניזירט געוואָרען צו קעמפּפען געגען די מענער און אוועקנעהמען פון זיי דעם „והוא ימשל", און די שטעדטעל איז געגאַנגען כאַראַם.

ויבז — איז די מענער געוועזן א בזיון צו בויגען די קעפּ פאַר די קליידלאַך און זיי זיינען אַלע געווען גרייט צו טאָן אַלעס אין דער וועלט, בעדאי מאַכען א האַלסייל גט און פּטור ווערען פון אַלע באַקענווילער ווייבער, אבי אויספיהרען.

ויקראו — זיינען צוזאַמענגערופען געוואָרען בעלי הבתים און מען האָט גענומען טראַכטען וואָס צו טאָן, ווי אזוי צו ראַטעווען דעם „והוא ימשל", וואָס זיי האָבען אין זייערע הענד משנים קדמוניות.

ונשלח — איז פאַרבליבען, אַז מען זאָל שיקען רופען אַלע מאַנסבילען פון שטעדטעל, פון קליין ביז גרויס, און מען זאָל אָפּהאַלטען א מאַסמיטינג.

וימצא — און ביים מיטינג איז אויסגעפונען געוואָרען, אַז מען וועט דאָ האָבען א האַרטען נוס צו צוקנאַקען; אָבער אָפּלאָזען די לייצעם טויג ניט, ווייל ונתן — טאָמער וועט מען די ווייבער נאָכגעבען, וועלען זיי ארויפקריכען אויף די קעפּ.

ויקח — האָט פּייווקע דער בוטשער „גענומען דעם פלאָר" און האָט אָנגעהויבען גיסען פעך און שוועבעל אויף אַלע ווייבער און איבערהויפּט אויף דער „חצופה" אסתר די שוסטערקע.

ויספר — און ער האָט דערצעהלט מעשיות, ווי אַלע ווייבער זיינען שוין נעספּאָילט, ווי זיי ווילען שוין מאַכען די מענער פאַר שמאַטעס, פאַר זייערע שקלאַפען, און ווי זיי האָבען שוין ארונטערגעוואָרפען דעם גאַנצען רעספּעקט, דעם גאַנצען דרך ארץ פאַר זייערע דאַליעניקעס.

עודם מדברים — ווען די מענער האָבען נאָך געהאַלטען אין דיסקוטירען די פראַגע, איז אסתר די סאָפראַדזשעטקע אַנגעקומען מיט א גאַנצע מחנה ווייבער און אין מיטינג־לאָקאַל איז געוואָרען א שרעקליכע מחומה.

ד.

ויבא — איז פּייווקע דער בוטשער ווידער ארויסגעקומען מיט לשון און האָט אָנגעהויבען ליארמען:

„כי נמכרנו — מיר זיינען שוין אזוי אויך געגוג פארקויפט צו די ווייבער. מיר גיבען זיי נענוג נאָך די שמד, און איצט ווילען זיי נאָך אז מיר זאָלען זיך אזוי ערנידער׳גען און זיי באדינען און זיי אוועקגעבען די גאנצע דעה! גאָוסער, אין דער הייליגער תורה שטעהט „והוא ימשל", דער מאַן דאַרף זיין דער בעל דעה, ענד ווי וויל סטיק טו אים".

ותען אסתר — האָט אסתר די שוסטערקע איבערגעדרעהט דעם פעלץ אויף פּייווקע דעם בוטשער און איהם איינגעצאָהלט א וואזשנע פאָרציע.

וישב — האָט זיך פּייווקע דער בוטשער אומגעקעהרט אויף זיין פלאַץ אבל וחפוי ראש און האָט מעהר א וואָרט ניט געקענט רעדען.

והמלך — און דער פאָרזיצענדער האָט זיך צוהיצט און אָנגעהויבען רעדען גראָבע ווערטער געגען אסתר און אלע ווייבער.

ותסף אסתר — האָט זיך אסתר מעהר פאנאנדערגעקווי־טשעט, די אנדערע ווייבער האָבען איהר מיטגעהאָלפען און עס איז געוואָרען א גאנצע מלחמה.

ויכו — האָט מען אָנגעהויבען געבען קלעפּ און די ווייבער האָבען גענומען רייסען לאצען, צופּען בערד, דראַפּען פּנים׳ער און שליידערען בענקלאך.

ויקראו — זיינען ארויסגערופען געוואָרען פּאָליסלייט און זיי האָבען ארעסטירט א גאנצען באַנטש ווייבער.

ואת — — — — — — — — — — אסתר
ואת — — — — — — — — — שפּרינצע
ואת — — — — — — — — — — צירעל
ואת — — — — — — — — — — מירעל
ואת — — — — — — — — — טריינע
ואת — — — — — — — — — בריינע
ואת — — — — — — — — — שיינדעל
ואת — — — — — — — — — — מינדעל

ואת — — — — — — — — — פּעסיע
ואת — — — — — — — — — סאָסיע

די צעהן הויפּט ראיאָטערקעס, און מען האָט זיי אַלעמען איינ־געשפּארט אין פּאָלים סטיישאָן, והעיר באָקענוויל צהלה ושמחה.

## ח.

ביום ההוא — אין יענעם טאָג זיינען כמעט אַלע מענער פון באָקענוויל פארבליבען אָהן באַלעבאָסטעס און זיי האָבען אַליין געדאַרפט קאָכען, ניאַנטשען די קליינוואַרג, וואַשען די דייפּערס און טאָן אַנדערע שטוב־אַרבייט. זיי האָבען ערשט איינגעזעהן אַז זיי זיינען אין דר'ערד מיט די ביינער און זיי האָבען זיך פאַר־בענקט נאָך זייערע פּלונית'טעס.

ויקהלו — האָבען זיי זיך פאַר'חושך'טע, פאַרפּאַטשקעטע, פאַרכמאַרעטע און פאַרקלעמטע ווידער צוזאַמענגעקלּיבען צו אַן אספּה און זיי האָבען בחרפּתם מודה געווען, אַז אָהן ווייבער קען מען ניט אויסקומען.

וקבל — און נאָך אַ קורצער בעראַטונג האָבען זיי אויף זיך גענומען טייער צו האַלטען זייערע ווייבער, בעטען זיי מחילה און פאַרגיטיגען אַלעם מיט שעהנע דרעסעס און דזשוּלערי.

ויכתב — האָט דער סעקרעטערי פון מיטינג אויסגעשריבען אַ צעטעל פון אַלע אַרעסטירטע, מען האָט זיך צוזאַמענגעלעגט צו פאַר דאָלאַר און זיי אויסגעלייזט. פון דאַן אָן שפּילען די ווייבער פון באָקענוויל אַ גרויסע ראָלע און קיין זאַך ווערט אין שטעדטעל ניט געטאָן אָהן זיי.

וכל מעשה — און די גאַנצע געשיכטע פון פּייווקע דעם בוטשער און אסתר דער סאָפּראַדזשעטקע איז עד היום הזה ניט פאַרגעסען געוואָרען און ביי יעדער געלעגענהייט דערמאָנט מען דאָס איהם און זיינע קינדער.

# ילקוט פורים חדש.

תני רבי חסדאי, רבי חסדאי האָט געלערענט: אחשורוש מלך טפש היה, אחשורוש איז געווען א נארישער קעניג, ולא עוד אלא שמתנגד היה, און ניט נענוג וואס ער איז געווען א נאַר, איז ער נאָך געווען א מתנגד אויך דערצו; שנאמר, אין פסוק שטעהט: בשנת שלש למלכו עשה משתה, אין דריטען יאהר פון זיין קעני־גען האָט ער געמאכט א שנעפסעל; אבל קודם לכן לא שתה, אבער פריהער האָט ער משמעות ניט געטרונקען, שמע מינה שהיה טפש ומתנגד, איז דערפון גערדונגען, אז ער איז געווען א שוטה און א מתנגד.

איזו משקאות חיב אדם לשתות בפורים? וועלכע משקאות דארף מען טרינקען אום פורים? אמר רבי שתין: יין שרף, האָט רבי שתין געזאָגט: מען דארף פשוט טרינקען בראנפען, מפני שיין שרף בגמטריא המן הרשע, ווייל די ווערטער „יין שרף" באַ־טרעפען אזוי פיל ווי פיל די ווערטער „המן הרשע."

מתקיף לו רבי זאנוויל, האָט רבי זאנוועל איהם א קשיא גע־פרעגט: והרי אין מספרן שווין? דער חשבון איז דאָך ניט קיין ריכטיגער? די ווערטער „המן הרשע" באטרעפען 670 און די ווערטער „יין שרף" באטרעפען מעהר נים ווי 650? גער ביה רבי שתין בנזיפה, האָט רבי שתין אויף איהם אָנגעשריען מיט פאר־אכ;טונג: שטיא, שותין עשרים כוסות כדי להשלים המנין, דוראק איינער, עס איז פאראן אן עצה, מען טרינקט אוים צוואנציג גלעז־לאך אום צו פארגלייכען דעם צאָהל צו דער גמטריא פון „המן הרשע."

דרש רבי נעטציל הרוכל, רבי נעטציל דער פעדלער האָט גע־דרש;'ט: חיב אדם לשתות כוס אחד בכל יום, א מענש דארף אַלע טאָג מאכען א שנעפסיל שנאמר, אין פסוק שטעהט: ויין למרי נפש, ווען עס איז ניט גוט אויפ'ן הארצען דארף מען מאַ־כען א שנעפסיל, און ווען טרעפט עס א טאָג וואס א איד זאל ניט האָבען עפעס א קלעמענים? רבי גרונם מוכר פחם אומר, רבי

גרונם דער קוילמאַן זאגט, שנים, מען דאַרף אַלע טאָג מאַכען צוויי שנעפּסלאך; שנאמר, אין פּסוק שטעהט: טובים השנים מן האחד, צוויי איז בעסער ווי איינער.

רבי שתין ורבי שכרן הוי יתבי בסעודתא דפורים בהדדי, רבי שתין און רבי שכרן זיינען צוזאמען געזעסען ביי דער פּורים׳דיגער סעודה. פתח רבי שתין ואמר, האָט רבי שתין אָנגעפאנגען און געזאָגט: מחייב אינש לשתות תלת עשרי כוסות בכל סעידה וסעודה, א מענש דאַרף מאַכען דרייצעהן שנעפּסלאך ביי יעדען מאָל־צייט. דתניא, ווייל מיר האָבען געלערענט: „ואינו נאכל אלא צלי," מען טאָר ניט עסען אָהן צלי, אָהן שנאַפּס, ווייל דאָס וואָרט „צלי" מאַכט „צריך לשתות יין." ומה כתיב בתריה, און וואס שטעהט ווייטער: רבי ישמעאל אומר בשלש עשרה מדות, רבי ישמעאל זאָגט דריי־צעהן מעסטלאך אדער גלעזלאך.

הרכין רבי שכרן את ראשו, האָט רבי שכרן איינגעבויגען זיין קאָפּ און געזאָגט: שפתים ישק: מען דאַרף דיר א קוש טאָן אין פּיסקעלע פאר דיין דרש.

יתיב רבי שמעיה הלבלר קמי רבי לייבעלע התקואי, רבי שמעיה דער שרייבער איז געזעסען ביי רבי לייבעלע התקואי, ודרשו בהלכות שתיה, און זיי האָבען געשמועסט וועגען פּי־תמיד. פתח רבי שמעיה ואמר, האָט רבי שמעיה אָנגעפאנגען און געזאגט: הא דתניא, דאָס וואס מיר האָבען געלערענט, עד ארבעין שנין מכלי מעליא מכאן ואלך משתי מעליא, ביז פיערציג יאָהר איז עסען גוט פאר׳ן מענשען און פון דאן אָן און ווייטער איז טרינקען פאר איהם געזינטער, מנלן? פון וואנען ווייס מען עס? דכתיב, ווייל עס שטעהט אין פּסוק: את המן אכלו ארבעים שנה, דעם מן האָבען די אידען געגעסען פיערציג יאָהר, ומה כתיב בתריה, און וואס שטעהט ווייטער, קח צנצנת, נעהם זיך צום גלעזעל.

קהייך רבי לייבעלע התקואי, האָט רבי לייבעלע התקואי גע־לאַכט, ואמר, און ער האָט געזאָגט: דבר זה לא נאמר אלא על דורו של מתושלח, די דאזיגע זאך איז נאָר געזאגט געווארען אויף מתושלח׳ס דור, ווען מענשען האָבען געלעבט הונדערטער יאָהרען, דאמאלס איז געווען צו באַקענען זיך מיט דעם גלעזעל צו פּיערציג יאהר; אבל בדור הזה, אבער היינטיגע צייטען וואס

דער גאנצער לעבען, מישטיינס געזאגט, איז זעכסטענס זיעבציג יאהר, שאדעט ניט, אז מען הויבט עס אן פריהער.

שאל רבי רץ את תלמידיו, רבי רץ האט געפרעגט זיינע תלמידים: כמה הכאות חיב אדם להכות את המן בפורים? ווי פיל קלעפ דארף א איד געבען המן'ען אום פורים? חד אמר מאתים וחמישים, איינער האט געזאגט צוויי הונדערט און פופציג, קל וחומר ממצרים, ער לערענט אפ א קל וחומר פון די מצרים: ומה המצרים שלא גזרו אל על הזכרים, מה דאך די מצרים וואס האבען נאר געמאכט א גזירה אויף די אידישע זכרים האבען גע־כאפט צוויי הונדערט און פופציג מכות, נאך רבי עקיבא'ס חשבון; המן שבקש לעקר את הכל, על אחת כמה וכמה, היינט המן וואס האט געוואלט עוקר מן השורש זיין אלע אידישע קינדער, דארף א פשיטא קריגען אזא צאהל קלעפ. וחד אומר רמ"ח, און אן אנ־דער תלמיד האט געזאגט, אז מען דארף המן'ען געבען צוויי הונ־דערט אכט און פיערציג קלעפ, כנגד רמ"ח אבריו של אדם, אנטקע־גען די צוויי הונדערט אכט און פיערציג גלידער פון א מענשען, שנאמר, ווייל אין פסוק שטעהט: המכה בעברתו, מען דארף גע־בען א קלאפ אין יעדען אבר. רבי רץ אמר, רבי רץ אליין האט געזאגט: ששים ושתים הכאות די לו, צוויי און זעכציג קלעפ איז אויך גענוג פאר איהם, שנאמר, אין פסוק שטעהט, והיה אם בין הכות הרשע, מען דארף דעם רשע געבען „בין" קלעפ ובין בגמטריא הכי הוה און דאסווארט „בין" באטרעפט 62.

דרש רבי חכמיאל, רבי חכמיאל האט גע'דרשנ'ט: מפני מה אין עושן סדר כפורים? פאר וואס מאכט מען פורים ניט א סדר אזוי ווי מען מאכט פסח? מפני שמחייב אינש לבסומי בפוריא, ווייל פורים דארף מען זיין שכור און וואו שכרות, דארט קען קיין סדר (ארדנונג בלע"ז) ניט זיין. דבר זה למדנו, די ראַ־זינע זאך לערנען מיר פון פאניעס און פאליאקען, ווייל זיי זיינען אריינגעטאן אין פיאנעווען, דערפאר קומט דארט פאר פאגראמען און אונרוהען.

# דעם אנקעל'ס פורים־געלט.

מאקס דער ביגלער, א גרויסער קבצן, האט זיך פאר פורים דורכגעשמועסט מיט זיין „אידענע” און ביי זיי איז פארבליבען, אז זיי זאלען שיקען א שלח־מנה צו זיין רייכען ברודער, דעם ריעל־עסטייטניק מר. בארני ליוואי.

אבער אז שיקען א שלח־מנה צו אזעלכע לייט, דארף מען שיקען עפעס רעכטס, און עפעס רעכטס קאסט געלד, וואו זשע נעהמט מען דאס? האט מנוחה־שרה, זיין ווייב, אוועקגעטראגען איהר מערידזש רינג צום „פעטער”, האט געקראגען געבארגט אויף איהם צוויי מיט א האלב דאלאר און עס איז שוין געווען געלט.

האט זי אנגעבאקט מעדני מלכים, טאקי נאר פאר דעם כבוד פון איהרע רייכע שוואגער און שוועגערין. א שפאס, ריעל־עסטייטניקעס, גבירים, מען קאן זיי דאך ניט פטור'ן מיט שיהי־פיהי.

און נגידים האבען מזל. דארט וואו א נגיד איז מיטען איז דער שטן ניט שולט, און אפשר טאקע אויף דעם מזל פון די רייכע ליוואים איז אלעס ארויסגעקומען געראטען. א שטרודעל אזוי ווי געבאקען אויף דער זון; א לעקאך כאטש פאר'ן קיסר צו שטעלען; היינט מאנדעל־ברויט — מיט גאלד צוגלייך. מאקס און מנוחה שרה זיינען געווען זיכער אז זיי וועלען ניט פארשעהמט ווערען און זיי האבען זיך געשעצט גליקליך.

מנוחה־שרה האט זיך ניט געיאגט נאכ'ן כבוד וואס זי וועט ביי דער רייכער שוועגערין אויסנעמען אלס א בריה. מאקס האט דאס אויך ניט אויסען געווען. זייער ביידענס כונה איז געווען, אז דער רייכער ברודער און שוואגער וועט מסתמא צוריק אפשיקען א שלח־מנה עטליכע דאלאר, וועט מען קענען קויפען די קינדער סוטלאך אויף פסח. קיין אנדער אויסזיכט דערויף האבען זיי ניט געהאט.

צו דער סעודה האט מאקס צוגערופען אלע קינדער און גע־

פרענט: „אנו, קונדסים, ווער וועט אוועקטראָגען די שלח־מנות צום פעטער?"

„איך!" — האָבען פינף קולות מיט אמאָל אויסגעשריען.

די קינדער האָבען געוואוסט אז דער אָנקעל איז א „ריטש מען" און מען קען ביי איהם קריגען פּורים־געלט, דעריבער האָבען זיי אלע חשק געהאט צום „דזשאב". אָבער מאקס האָט זיך אָפּגערופען:

„זאָל געהן הערי. ער איז סמארטער פון אייך אלע". און אזוי איז פארבליבען.

מנוחה־שרה האָט אויסגעשניטען א היבשע מיטעל־שטיק פון שטרודעל, א פיינעם חלק לעקאך, א פּאָר שטיקלאך מאנדעל־ברויט, אריינגעלייגט אין א טעלער צוזאמען מיט א פינף סענטיגען אָרענדזש, האָט ארויפגעשאָטען א ביסעל באָב מיט ארבעס, אריינ־געוואָרפען עטליכע קענדים און צוגעדעקט מיט א ווייסער טיכעל. הערילע האָט מיט שטאָלץ און פרייד גענומען דעם טעלער און איז אוועק.

די איבעריגע קינדער האָבען איהם נאָכגעקוקט מיט קנאה און די מוטער האָט זיי מפצה געווען מיט שטיקלאך לעקאך און זיי געטרייסט, אז דער אָנקעל וועט שיקען א „האָל לאט מאָני" און מען וועט זיי אלעמען קויפען סוטלאך אויף פסח.

שפּעטער איז הערי געקומען צו לויפען און מיט שמחה אויס־געשריען: „אי גאט איי ניקעל, אָנקעל געיוו מי פייוו סענטס!"

מנוחה־שרה האָט א קוק געטאָן אין טעלער, האָט זי דאָרט געפונען איהר גאַנצע שלח־מנות. בלויז דער ארענדזש איז אי־בערגעביטען געוואָרען אויף אן עפּעל. זי האָט דעם ניקעל אויס־געביטען אויף פינף פּענים און צוטיילט אלע קינדער, באמערקענ־דיג דערביי:

„ניט מעהר זאָל אייער פעטער פארמאָגען, ניט מעהר זאָל ער לעבען. אומזיסט און אומגישט זיך אזוי פיל מרבה בהוצאה געווען."

# פורים'דיגע תורה.

פורים איז א מנהג בכל תפוצות ישראל, אז מען באקט אזא געבעקס וואָס מען רופט המן־טאַשען, און די דאָזיגע געבעקס ווערט אומעטום געמאַכט אונטער איין פאָרמע — דריי־עקיג.

מקשין העולם, פרעגט די וועלט א קשיא: וואָרום עפּעס דוקא דריי־עקיג? וואָרום ניט קיילעכדיג אָדער פיער־עקיג? איז דער תירוץ אזוי:

קיילעכדיגע געבעקס איז א סימן אבלות. א ראיה האָט איהר, אז ערב תשעה באב צו דער סעודה המפסקת, ווען מיר זיינען אבלים נאָכ'ן בית המקדש, עסען מיר א ביינעל מיט אַן איי. ווען איינער ווערט, לא עלינו, אַן אבל, איז אויך דער דין אז די ערשטע סעודה זיינע דאַרף באשטעהן פון א ביינעל מיט אַן איי. און אזוי ווי פורים דאַרף מען דאָך זיין פרעהליך, טאָר קיין זכר פון אבלות ניט געזעהן ווערען אין אונזערע הייזער; ראשית, פשוט צוליב דעם דערמאָנטען טעם; והשנית, וואָלט דאָך דאָס אויסגעזעהן עפּעס אזוי ווי מיר פראַווען חס ושלום אבלות נאָך המן הרשע און זיינע צעהן בנים, דעריבער מוזען מיר מאַכען די המן־טאַשען עקיגע. און אזוי ווי עס ניבט דאָך ניט א זאַך וואָס זאָל האָבען ווענינגער ווי צוויי עקען גיבען מיר נאָך צו א דריטען עק אַלס זכר צו ושתי'ס אומגליק...

אי וואָס וועט איהר אפשר וועלען זאָגען, אז שוין יא עקיג, זאָל מען מאַכען פשוט, אָהן קונצען, פיער־עקיג? דערויף ווע[ל]ען מיר אייך ענטפערען: צו וואָס אַן איבעריגען עק?

---

ווען מיר דערמאָנען אמאָל המנ'ען דערמאָנען מיר איהם מיט'ן ביינאָמען „רשע". מען זאָגט ניט סתם „המן", נאָר „המן הרשע". איז דאָך די קשיא: וואָרום זאָגט מען ניט, צום ביי־שפיל, „פרעה הרשע" אָדער „עמלק הרשע"? זיי זיינען דאָך אויך געוועזען אונזערע שונאים? ווע[ל]ען מיר די זאַך געבען צו פאַרשטעהן מיט א משל.

למשל: אין א שטאדט זיינען פאראן צוויי מענשען וואס מען רופט זיי ביידען בעריל, אדער צוויי מענשען וואס מען רופט זיי ביידען שמעריל, איז דער שטיינער, אז מען גיט זיי צו ביי־נעמען. מען רופט, למשל, איינעם „בעריל דער לאנגער" און דעם צווייטען „בעריל דער קורצער", אדער „שמעריל דער פליכעוואטער" און „שמעריל דער פיסקאטער", כדי מען זאל וויסען, וועלכען בעריל אדער שמעריל מען מיינט. און אזוי ווי עס זיינען פאראן צוויי המן'ס, דער המן וואס האט געוואלט אויסקוילענען די אידען און דער המן וואס מען עסט פורים, רופט מען דעם ערשטען „המן הרשע" און דעם צווייטען — „המן טאש", פרעה איז אבער מעהר ניט געווען ווי איינער, עמלק אויך אזוי, דעריבער זיינען ביי־נעמען פאר זיי ניט נויטיג.

אם כן, וועט איהר אפשר פרעגען א קשיא: למאי זאגט מען „טיטוס הרשע" און „בלעם הרשע"? איז דער תירוץ, אז עס זיינען מסתמא געווען צוויי טיטוס'ען און צוויי בלעם'ס, דעריבער האט מען זיי געמוזט באצייכענען מיט ביי־נעמען.

---

אלע ימים טובים פון יאהר, אפילו ראש חודש, זאגט מען הלל, און פורים, ווען מיר האבען געהאט אזא גרויסען נס, זאגט מען ניט קיין הלל! ווארום איז דאס? וועט איהר דאך אפשר וועלען זאגען, אז פורים איז ניט קיין יום טוב און קרחת איז ניט קיין קרענק? וועלען אייך טויזענטע מענשען וואס האבען, ניט פאר אונז געדאכט, פארזוכט דעם טעם פון קרחות, עדות זאגען, אז דאס איז שוין גאר א גוטע קרענק. היינט ווי־באלד אז קרחת איז א קרענק, איז דאך פורים א יום טוב, בלייבט דאך טאקע די קשיא: ווארום זאגט מען ניט פורים קיין הלל?

אבער מיר וועלען אייך די קשיא פארענטפערען קורץ און שארף. היות אזוי ווי פורים איז דאך א מצוה צו טרינקען בראנ־פען און מים — וואסער, איז לא יזכר ולא יפקד, דעריבער זאגט מען אין דעם טאג קיין הלל, ווייל דארט שטעהט „ההפכי הצור אגם מים הלמיש למעינו מים". עס איז שוין גענוג אז די סאלון־קיפערס פאר'מים'ען די בראנפען, זאל מען נאך האלטען אין מויל די מים פון הלל?

און וואָרום האָבען מיר אַלע ימים טובים, אויסער חנוכה, אַ צווייטע שמונה עשרה און פורים ניט? איז דער תירוץ אַזוי:

עס איז ידוע אַז די שמונה עשרה איז אָנשטאָט די עבודה וואָס די כהנים פלעגען פראַווען אין בית המקדש, און דער דין איז, אַז ווען אַ כהן איז שכור טאָר ער ניט פראַווען די עבודה. לכן, אַזוי ווי פורים איז דאָך אַ מצוה צו זיין שכור, דעריבער איז אויף דיזען יום טוב ניטאָ קיין צווייטע שמונה עשרה.

אם כן וועט איהר דאָך אודאי פרעגען: דאַרף מען דאָך די ערשטע געוועהנליכע שמונה עשרה אויך דורכלאָזען, טאַקע צוליב דעם זעלבען טעם? איז דער תירוץ: הויב זיך אָן מיט אַ אידען, גיב איהם אַ פינגער וויל ער די גאַנצע האַנד!

---

אויפ'ן פסוק פון דער מגילה „ופני המן חפו”, המן'ס פנים איז באַדעקט געוואָרען, דרשנ'ט די גמרא, אַז ווען המן האָט געפיהרט מרדכי'ן דורך די גאַסען רייטענדיג אויפ'ן קייזערליכען פערד, האָט המן'ס טאָכטער דאָס געזעהן דורך אַ פענסטער פון אַן אויבערשטען פלאָר, האָט זי געכאַפּט אַ כלי מיט אַן אומריינע, ניט שמעקענדיגע זאַך... און האָט אָפּגעפליוכעט דעם וואָס האָט געפיהרט דאָס פערד פאַר'ן ציימעל, מיינענדיג אַז דאָס איז דער אידליק מהדכי. איז דאָך די קשיא: היתכן? ווי איז דאָס מעגליך? המן איז דאָך געווים געווען אַ גרויסער, געזונטער גוי'עץ מיט אַ גענאָלטע מאָרדע, און מרדכי איז בלי ספק געווען אַ קליין אידעל, אַן אויסגעדאַרטער, מיט אַ לאַנגע באָרד און געגרייזעלטע פאות, ווי אַ צדיק! הייגט ווי איז דאָס שייך צו זאָגען אַז המן'ס טאָכטער האָט זיי פאַרביטען? איז דער תירוץ אַזוי:

המן'ס טאָכטער האָט טאַקע געוואוסט, אַז דער וואָס רייט אויפ'ן פערד איז מרדכי, און דער וואָס פיהרט דאָס פערד איז איהר טאַטע המן. זי איז אָבער געווען אַ גרויסע מרשעת, אין טאַטען געראָטען, האָט זי ניט פאַרגונען דעם „זשיד” וואָס ער האָט אַזאַ פיינעם קוטשער און זי האָט בעדאַי איהר אייגענעם טאַטען אָפּגעפליוכעט מיט יענע מיאוס'ע זאַך, אום צו ערנידעריגען דעם כבוד פון דעם אידען מרדכי.

# עהרען־ליסטע פון סובסקרייבערס.

## א

יהושע אפעל, 2629 אגוסטא סטריט, שיקאגא, איל.
ס. אלבום, 212 פעירמאנט עווע., נוארק, נ. דזש.
ישעיה אימערמאן, 328 איסט 19טע סטריט, ניו יארק.
מ. אראנאוו, 1441—59טע סטריט, ברוקלין, נ. י.
מאקס אלינגער, 102 א. האסוסאן סט., ניו יארק.
אביגדור אלטערמאן, 34 ראוטש סט., אטלאנטא, דזשארדזשיא.
תלמידים מילטאן און פרעדי אייבראמסאן, 479 אטלאנטיק עוו., ב'קלין, נ. י.
א. איזראעלאוו, 14 פראספעקט פלייס, א. ארענדזש, נ. דזש.
מרס. ב. אייזענבערג, 406—48טע סטריט, ברוקלין, נ. י.

## ב

דוד בערנשטיין, 332—7טע עוועניו, ניו יארק.
הענרי ברוקס, 1510—9טע עוועניו, נעשוויל, טענג.
בלאק'ס דרייגודס סטאר, אייראן ריווער, מיש.
סיימאן בלעבער, 11 עלערי סטריט, ברוקלין, נ. י.
א. בוכוואלטער, 453 א. האוסטאן סטריט, ניו יארק.
ל. בורשטיין, 695 האווארד עוועניו, ברוקלין, נ. י.
הערים בורשטיין, 119 וו. 24טע סטריט, בעיאן, נ. דזש.
נ. בראון, 324 ראקאוועי עוועניו, ברוקלין, נ. י.
לואיס בריינעס, 11־13 ראק סטריט, ברוקלין, נ. י.
גרשון באראן, 106 וו. 89טע סטריט, ניו יארק.
מנחם מרדכי בורג, 753 א. 5טע סטריט, ניו יארק.
משה יונה ברעגער, 1545 מינפארד פלייס, בראנקס, נ. י.
אפרים בערקאוויטש, 338 א. 100טע סטריט, ניו יארק.
מרס. בראדסקי, 729 לאפאיעט עוועניו, ברוקלין, נ. י.

## ג

דזשאזעף גאלדמאן, 355—2טע סטריט, מעיקאן, דזשארדזשיא.
טשארלס גארעצקי, 162 א. דזשוירזי סט., עליזאבעטה, נ. דזש.
סעם גאלדבערג, 722 דזשאהן סט., וו. האבאקען, נ. דזש.
י. ס. גראבאן, 903 א. טעילאר סט., קאקאמא, אינד.

דזש. גילערמאַן, 4549 קאטע ברילליאַנטע, סט. לואיס, מיזורי.
רעוו. יצחק געלעס, 53 קענאָן סטריט, ניו יאָרק.
ת. גרינבערג, 440 ניו דזשוירזי עווע., ברוקלין, נ. י.
ג. גאטלער, וואודראָו, אילינאָיז.
י. גאָלדבערג, 136 ראסס סט., סאַן פראַנציסקאָ, קאַל.
יהושע גאָלוב, 97 גרין סטריט, באָסטאָן, מאַסס.
שבתי גרעבלאווסקי, 551 קאסקיאסקא סטריט, ברוקלין, נ. י.
יהושע גאָלדמאַן, 709 לאַפּאַיעט עוועניו, ברוקלין, נ. י.
שמואל גבריאל, 323 ווערנאָן עוועניו, ברוקלין, נ. י.
זרח גרינבערג, 926 וו. מארקעט סטריט, לואיסוויל, קענטאַקי.
מרס. א. גאסן, 514—13טע עוועניו, בעלמאר, נ. דזש.

# ד

סעמיועל דרעקסלער, 292 א. 2טע סטריט, ניו יאָרק.
לואיס דיימאָנד, 45 דילענסי סטריט, ניו יאָרק.
דזשייקאָב דייוויס, 226 קלענדענין סטריט, טשאַרלסטאָן, וו. ווא.
סיימאן דינערשטיין, 35—7טע סטריט, ניו יאָרק.
מארים דינערמאַן, 106 א. 10טע סטריט, ניו יאָרק.
מרדכי יהודא דינערמאַן, שו"ב, 330 מארים עווע., נואַרק, נ. דזש.
ה. דיימאָנד, 95 פרענקלין סט., דזשוירזי סיטי, נ. דזש.
מרס. דזשאבלאן, 185½ ווערנאָן עוועניו, ברוקלין, נ. י.

# ה

לואיס הערים, 275 פעיר סטריט, פעטערסאָן, נ. דזש.
דזש. האַמבורג, פּ. א. ב. 18, גלייס בעי, נ. ס.
יוסף האָפמאַן, 712 ווערמאָנט סטריט, ברוקלין, נ. י.
מארים האָפמאַן, 441 א. מעדיסאָן עוועניו, יאנגסטאון, אָהייאָ.
יוסף הערשמאַן, 2506 נ. סטענלי סט., פילאַדעלפיא, פּאַ.
מאָרים האָפמאַן, 40-138 מייפעל סטריט, האליאק, מאַסס.

# וו

סעם ווערנער, 675 קאלעדזש סטריט, ביומאנט, טעקסעס.
לעאָן וויעזען, 12טע און ארטש סטס, פילאַדעלפיא, פּאַ.
ס. א. ווייסבערג, 2632 פען עוועניו, פיטסבורג, פּאַ.
דן צבי וואלאך, 240 א. 24טע סטריט, ניו יאָרק.
ב. וויענער, 496 האָפקינסאָן עוועניו, ברוקלין, נ. י.

# ז

משה איזיק זלאטקין, 528 דיקינסאָן סט., פילאַדעלפיא, פּאַ.

## ט

ירחמיאל טשערקאַס, 42½ סט. מארקס פּליים, ניו יאָרק.
נייטען טובעלסקי, 1789 פולטאָן עוועניו, בראנקס, ניו יאָרק.
יוסף ב"ר חיים חלאוונא טובאלסקי, 1775 מעדיסאָן עוועניו, ניו יאָרק.
א. טישלער, 93 פאקס סטריט, בראנקס, נ. י.

## י

מ. יאקאָבאָוויטש, 14 דעילי סטריט, לאועל, מאַסס.
א. מ. יתום, 31 פען עוועניו, וואוסטער, מאַסס.
פרענק יודעוויטש, 278 עוועניו „איי", ניו יאָרק.

## ל

הערמאָן לעדער, 897 בראָדוויי, ברוקלין, נ. י.
הרב יהודא לאזאראָוו, 910 וויטלאק עוועניו, בראנקס, נ. י.
רעוו. ת. ל. לאסקער, 37 וו. 16טע סטריט, בעיאָן, נ. דזש.
מרס. איטע לעווינסאָן, 322 סקערמעגהארן סטריט, ברוקלין, נ. י.
ס. ליפין, 25 פּוירל קאָורט, ניוטאָן, מאַסס.
ס. לעווינסאָן, 99 עמבאָי סטריט, ברוקלין, נ. י.
הילדה חוה לעווינסאָן, 1520 סט. מארקס עוועניו, ברוקלין, נ. י.
יחזקאל לעווענסאָן, 427 האָדסאָן סטריט, ניו יאָרק.

## מ

ב. מאגין, 525 גרין עוועניו, ברוקלין, נ. י.
אייברעהעם מאיער, 12 מוירסער סטריט, נואַרק, נ. דזש.
מארים מאראוויץ, 923 סימפּסאָן סטריט, בראנקס, נ. י.
אייברעהעם מויערס, 38 וואוסטער סטריט, ניו יאָרק.
סעם מאגיד, 535—21טע סטריט, ראק איילאַנד, איލל.
הערי מארים, 841—24טע סטריט, ראק איילאַנד, אילל.
מ. מוהלענדאָרף, 119 מוירסער סטריט, ניו יאָרק.
י. מינסקי, 60 בעלוויל עוועניו, נואַרק, נ. דזש.
ל. מאור, 607-609 א. 43טע סטריט, שיקאַגאָ, אילל.
ס. מילער, 244 סטאַקטאָן סטריט, ברוקלין, נ. י.

## נ

מ. נעמעראָוו, 621 ווילאָבי עוועניו, ברוקלין, נ. י.
נ. ניומאָן, 118-22 פּרינס סטריט, נואַרק, נ. דזש.
מענדיל נעפּאַן, 2132 דיען סטריט, ברוקלין, נ. י.

## ס

פ. סעלצער, 324 א. 9טע סטריט, ניו יארק.
הרב יצחק סאדען, 310 בראדפארד סטריט, ברוקלין, נ. י.
מאקס סאסנאווסקי, 109 א. סופיריאר סטריט, דולוטה, מיש.
דזש. סעלין, עלם סטריט, אייראן ריווער, מיש.
איסר סיעגעל, 79 ווילעט סטריט, ניו יארק.
י. סילווער, 603 ראיין סטריט, לעיק טשארלס, לואיזיאנא.
יצחק סימכאוויטש, 1010 ראדזשערס פלייס, בראנקס, נ. י.
הילדה הענע סאלאמאן, 1086 ליבערטי עוועניו, ברוקלין, נ. י.
אסתר רחל סיימאס, 148 איסט קאנגרעס סטריט, סט. פאול, מינג.
אליהו שו"ב ספעקטאר, 7-25 ארלינגטאן סטריט, טשעלסיא, מאסס.

## ע

ליפמאן עדעלשטיין, 52 קענאן סטריט, ניו יארק.
דזש. ענגלער, 504 עוועניו „הזשיי", מיאמא, פלארידא.
ס. עמאנועל, 355 קוירני סטריט, סאן פראנציסקא, קאל.
סעם א. ענדיך, 241 נ. 7טע סטריט, סטיובענוויל, אהייא.
בעני ערנסט, 414 איסט 74טע סטריט, ניו יארק.

## פ

הייסאן פרענק, 93 לואיס סטריט, ניו יארק.
ראבערט פרענק, 1414 וואלנאט סטריט, טאלידא, אהייא.
ה. פריד, 1002 לאקוסט סטריט, פילאדעלפיא, פא.
סעמיועל ב. פריעדמאן, טשראם, נ. דזש.
מרס. ראזי פריעדמאן, טשראם, נ. דזש.
בנימין זאב פייער, 731 אלבאני עוועניו, הארטפארד, קאנג.
יוסף פישער, 1619 וו. באלטימאר סטריט, באלטימאר, מד.
ע. פרענקס, פארט האופ, אנטאריא.
יונה פישער, 1819 מאהיגען עוועניו, בראנקס, נ. י.
ישראל פיינסילווער, 954 דזשאנ'ס פלייס, ברוקלין, נ. י.
מרס. פעלדמאן, 915 סט. מארקס עוועניו, ברוקלין, נ. י.
מרס. פרידגוד, 184 קאסקיאסקא סטריט, ברוקלין, נ. י.
פ. פריעדמאן, לעסלי, טראנסוואל.

## ק

לואיס קאהען, 408—26טע סטריט, נ. וו. וואשינגטאן, ד. ק.
מרס. דזש. קאראנדע, 100 פעירמאנט סטריט, לאורענס, מאסס.
מאיר קאפלאן, 772 לאפאיעט עוועניו, ברוקלין, נ. י.
מאקס קומעל, אייראן ריווער, מיש.
עטהעל קאטץ, 105 קאלומביא סטריט, ניו יארק.
דזשייקאב קארנבלאט, 530 נ. פיון סטריט, באלטימאר, מד.

סאל. מ. קורשאן, 1535 פרעזידענט סטריט, ברוקלין, נ. י.
מרס. סערעה קאמץ, 243 עמבאי סטריט, ברוקלין, נ. י.
אלבערט קרוגער, 167טע סטריט און טעלער עוועניו, בראנקס, נ. י.
רעוו. חזן יצחק קאמינסקי, 729 לאפאיעט עוועניו, ברוקלין, נ. י.
משה ליב קאנטאר, 29 עסעקס סטריט, ניו יארק.
שמואל קאהען, 14 ארטשארד סטריט, ניו יארק.

## ר

רעוו. אליהו נתן ראזען, 153 עסעקס סטריט, ניו יארק.
ס. רוסאקאוו, 1872 בוירגען סטריט, ברוקלין, נ. י.
א. ראוונער, 672 איסט 179טע סטריט, בראנקס, נ. י.
דזש. ראזענשטיין, ס. פאלסבורג, ניו יארק.
דזשייקאב ראזנער, 1 איסט 121טע סטריט, ניו יארק.
רעוו. לעאן דזש. ריזיקאוו, 48 מור סטריט, ברוקלין, נ. י.
מאקס ראבינאוויטש, דזשירארדוויל, פא.
יעקב ראזענבערג, סאשעל סוירקעל, דזשארדזשיא.
אריה דוב ראטבארד, 1128 סאן פראנציסקא עוועניו, שיקאגא.
דזש. ראזענבאום, סענטערוויל, אייאווא.
יוסף ראבינאוויץ, 1564—44טע סטריט, ברוקלין, נ. י.
ק. רעסס, 666 ווילאובי עוועניו, ברוקלין, נ. י.
אליהו ראזענבערג, 82 פולאסקי סטריט, ברוקלין, נ. י.
סעם רובין, 21 טאמפקינס עוועניו, ברוקלין, נ. י.
מרס. ראגאוו, 23 לואיס עוועניו, ברוקלין, נ. י.
מר. ראבינאוויץ, 192 סאמנער עוועניו, ברוקלין, נ. י.
מרס. רעסס, 666 ווילאובי עוועניו, ברוקלין, נ. י.

## ש

אייזעק א. שיף, 2 וו. 88טע סטריט, ניו יארק.
אברהם י. שאטטין כהן, 2027—2טע עוועניו, ניו יארק.
ל. דזש. שאף, 1007 ברוק עוועניו, בראנקס, נ. י.
זונדעל שרייבער, 157 לודלאוו סטריט, ניו יארק.
דוד שניידער, 329 בייגברידזש סטריט, פילאדעלפיא, פא.
דוד שטיין מיחוסו, 56 איסט 1טע סטריט, ניו יארק.
שמואל גדליה הלוי שטיין, 1692 וואשינגטאן עוועניו, בראנקס, נ. י.
מרס. שפיגעל, 1349—42טע סטריט, ברוקלין, נ. י.
מרס. שאפירא, 619 ווילאובי עוועניו, ברוקלין, נ. י.
מרס. שייקער, 145 טאמפקינס עוועניו, ברוקלין, נ. י.
אהרי שעוויטסקי, 343 סאראטאגא עוועניו, ברוקלין, נ. י.
משה שטערצער, 89 א. בראדוויי, ניו יארק.
פיליפ שטיינבערג, 123 פלאיד סטריט, ברוקלין, נ. י.
ל. שווארץ, 55 א. נארטה סטריט, איליאן, נ. י.

760 I 65

**פרייז פון בוך „עונג יום טוב" — $2.00**

צו באקומען ביי אלע בוכהענדלער און ביים פארפאסער :

# A. D. OGUS

**1542—45th St. Brooklyn, N. Y.**